ה. ווילטשינסקי

# יידישע טיפּן
# אין דער פּוילישער ליטעראטור

פארלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע.

יאַקוב בירנבוימען, דעם ליבן חבר און
יוגנט-פריינט — אַ מתנה.

# 1

## א ר ײ נ פ י ר.

זײַט טויזנטער יאָרן זענען ײדן צעוואָרפן איבער דער גאָרער וועלט, בילדנדיק גרעסערע אָדער קלענערע קיבוצים אין אַלע וועלט־טײלן און אין פאַרשידענע לענדער. איבער־טראָגנדיק זיך פון אײן מדינה אין אַ צװײטער, לעבן זײ אין אַן ענגערן אָדער לויזערן קאָנטאַקט מיט די אַרומיקע אײנ־וואוינער, אָפּהענגיק פון די מער אָדער װײניקער ליבעראַלע ווינטן, וואָס בלאָזן אין פאַראַנענעם אָרט און אין געגעבענער צײַט.

דאָס דאָזיקע שכנותדיקע צוזאַמענלעבן פון ײדן מיט דער נישט־ײדישער סביבה האָט אומעטום געהאַט אַ קעגנזײַטיקע השפעה אויף דעם גײסטיקן און מאַטעריעלן פאָרמירן זיך פון די לעבנסבאַדינגונגען בײַ בײדע צדדים. דאָס איז אויך גאַנץ נאַטירלעך און פאַרשטענדלעך.

טרעפט מען טאַקע ײדישע טיפּן אין די ליטעראַטורן פון אַלע פעלקער און לענדער און יעדעס מאָל אַזעלכע, וועלכע אַנטשפּרעכן דעם כאַראַקטער פון צײַט און אָרט.

אין טיפּן מיטלאַלטער איז עס דער „א ײ ב י ק ע ר ײ ד" מיטן פאַרפאָלגונגס־צײכן אויפן שטערן, וואָס וואָגלט זיך איבער דער גאָרער וועלט, זוכנדיק אַ תיקון פאַר אָפּגעטועענע זינד. אַלס אור־בילד דינט קין, וואָס האָט געהרגעט זײַן ברודער הבל

און דערפֿאַר פֿאַרשאָלטן געוואָרן אויף אייביק וואַנדערן מיט אַ קין־צייכן אויפֿן שטערן, וועלכער דערווייטערט פֿון אים אַלע מענטשן און חיות.

שפּעטער קלעפּט מען אים צו, צוליב רעליגיעזע צוועקן, אַ קריסטלעכן שטעמפּל און דער „אייביקער ייִד", וואָס האָט אַ קלאַפּ געטון קריסטוסן, ביי זיין גיין צו דער גאָלגאָטע אונטער דער שווערער משא פֿון קרייץ, ריכט אָפּ גלות אין דער אייביקייט, ביז זיין אויסלייזונג. דער „אייביקער ייִד" ווערט אַ צייט אַפֿילו פֿון אַ טראַגישער — אַ קאָמישע פֿיגור און וועקט אין משך פֿון לאַנגע יאָרהונדערטן די פֿאַנטאַזיע פֿון פֿאָלק און דיכטער, ווי געטע, אַ שטייגער און אייזשען סיו. בלויז אין דער דייטשער שפּראַך זענען פֿאַראַן איבער זעכציק ליטעראַרישע שאַפֿונגען וועגן „אייביקן ייִד".

אַ וועלטלעכן געשטאַלט נעמען אָן ייִדן אין דער וועלט־ליטעראַטור ערשט ביים אַנטשטיין פֿונם קאַפּיטאַליזם, אין וועלכן ייִדן פֿאַרנעמען אַ געוויס חשובן פּלאַץ. און אין לאַנד פֿון פֿריסטער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג, אין ענגלאַנד, אַנטשטייען שעקספּירס קלאַסישער שיילאָק, דער ייִדישער וווכער־קאַפּיטאַליסט, און די פֿיל ייִדישע טיפּן פֿון די ענגלישע ראָמאַנען, אויפֿטרעטנדיק אַנדערשוואו פֿיל שפּעטער, אין צייטן פֿון אַ געהעריקער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג.

נאָר אויב מען געפֿינט ייִדישע טיפּן למשל אין דער ענגלישער ליטעראַטור, ביי אַ שעקספּירן און וואַלטער סקאָטן אָדער אין דער דייטשער ליטעראַטור ביי אַ לעסינג, גרילפּאַרצער און פֿרייטאַג, אין לענדער, וווּ ייִדן האָבן געבילדעט אַ קליינעם מיעוט, — איז דאָך קלאָר, אַז זיי זענען באַשטימט פֿאַראַנען אין דער פּוילישער ליטעראַטור, אין אָט יענעם שפּיגל פֿון דער פּוילישער מלוכה, אין וועלכער ייִדן האָבן פֿון קדמונים גע־בילדעט אַ גאַנץ חשובן טייל אין דער באַפֿעלקערונג און ווו די ליטעראַטור איז, במשך דעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, געווען דער איינציקער סימן פֿון נאַציאָנאַלער שאַפֿונג און לעבנס־ווילן.

האָט זיך דאָך אין פּוילן, כאָטש אַ ביסל שפּעטלעך, גע־פינען יענער הומאַניטאַרער, טאָלעראַנטער גייסט, אין דער פּערזאָן פון עליזאַ אָרזשעשקאָ וואָס האָט דערקלערט פאַר דער וועלט, אַז „וואָסערע עס זאָלן נישט זיין אונזערע נעמען, מלבושים און גורלות טוען פאַר אונז גלייך שלאָגן די זייגערס, שלאָגן גלייך די שעהן און רוקן זיך ווייטער איבערן ציפערבלאַט פון דער צייט... ווער מיר זענען נישט, שלאָגן פאַר אונז גלייך די שעהן אויפן זייגער, בעת וועלכע מיר געזעגענען זיך מיט אונזער יוגנט, פרייד, אַנטציקונג, מיראַזשן און מיט אַ בלאַסן פּנים טרעפן מיר זיך מיט דעם איינציקן אומאויסמיידנדיקן הערשער פון אונזער ערד — מיטן טרויער... ווער מיר זאָלן נישט זיין, וועלן מיר אַלע אומבאַדינגט זיין אַראָפּגעפאַלענע בלעטער פון לעבנס-בוים און איין בשותפותדיקער הימל, וועלכער קען נישט קיין אונטערשיידן, וועט מיט איין רינג צונויפשמידן אַלע ערדישע בית-עלמינס“...

און פאָרשנדיק די שילדערונגען פון יידן אין דער וועלט־ליטעראַטור, געפינען מיר טאַקע, אַז אין קיין שום ליטעראַטור האָט מען זיך נישט פאַרנומען אַזויפיל מיט יידן, ווי אין דער פּוילישער.

## 2

# די יידן־פראַגע אין פוילן.

וואַרפנדיק אַ בליק אויף דער יידן-פראַגע אין פוילן אין דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, געפינט מען שפורן וועגן יידן בלויז אין פאַרשידענע אָפיציעלע מלוכהשע אַקטן, אין דער יוריסדיקציע, אין די אַזוי גערופענע קעניגלעכע פריווילעגיעס פאַר יידן, וואָס שטעלן פאַר עלעמענטאַרע לעבנס-רעכט, אָפּגע-קויפטע פאַר גאָר טייער געלט. בכלל, געהערן די ערשטע ידיעות וועגן יידן אין פוילן צום לעגענדאַרן טייל פון דער פוילישער געשיכטע. פאַראַן אַפילו געוויסע השערות, אַז יידן האָבן זיך געפינען אויף דער פוילישער ערד נאָך פאַרן אַנטשטיין פון דער פוילישער מלוכה. יעדנפאַלס זענען יידן שוין פאַראַן אין פוילן איבער טויזנט יאָר, כאָטש עס איז נאָך נישט גאַנץ קלאָר, פונוואַנען די ערשטע יידן האָבן איינגעוואַנדערט: צי פון מזרח— כאַזאַריען אָדער פון מערב — דייטשלאַנד און טשעכיען. אַ מאַסן-איינוואַנדערונג אָבער פון יידן קיין פוילן איז פאָרגעקומען ערשט בעת די יידן-פאַרפאָלגונגען אין מערב-אייראָפּע און נאָך די טאָ-טערישע איבערפאַלן אויף פוילן. עס האָבן זיך דאַמאָלס גע-פאָדערט פרעמדע כחות צוריק אויפצובויען דאָס חרוב-געוואָרענע לאַנד און געשען איז עס דורך דער קאָלאָניזאַטאָרישער אַרבעט פון דייטשן און דורך דעם האַנדלס-קאַפּיטאַל און מלאכה פון יידן.

די פוילישע געזעלשאַפט האָט זיך פון קדמונים, משך לאַנגע יאָרהונדערטן, געטיילט אויף צוויי קלאַסן: פּריצים און פּויערים, וועלכע עס האָט אָפּגעטיילט אַ גוואַלטיקע מחיצה. יידן זענען געווען דער פאַרמיטלער-עלעמענט צווישן די דאָזיקע צוויי קלאַסן, מיט וועלכע זיי זענען אָבער גייסטיק לגמרי נישט געווען פאַרבונדן. דעריבער טאַקע געפינט מען גאַנץ שוואַכע שפּורן וועגן יידן אין דער אַלט-פּוילישער שליאַכעצקער ליטע-ראַטור. אויב אַזעלכע זענען שוין יאָ פאַראַן, טאָ לחלוטין נישט צו יידנס גנאַי.

משך יאָרהונדערטן האָט מען יידן באַטראַכט אין פּוילן פאַר גאָר פרעמדע און כדי אָט די פרעמדקייט און פאַראַכטונג צו זיי וואָס בולטער צו מאַכן, האָט מען זיך באמית וואָס מער סעפּאַרירן זיי פון די אַנדערע באַפעלקערונגס-שיכטן. מ׳האָט געשאַפן אויסנאַם-געזעצן, באַזונדערע געטאָס, באַזונדערע קליידער, אַלץ לויטן מערב-אייראָפּעאישן שטייגער, פונוואַנען דער רוב יידן האָט געשטאַמט. דעם הויפּט-אַנטייל אין די דאָזיקע רעאַק-ציאָנערע באַשטרעבונגען און יידן-פאַרפאָלגונגען האָט געהאַט דער פּוילישער קלער.

אַ דאַנק דעם גלח בודעקס פּאָגראָם-אַגיטאַציע קומט פאָר אין י. 1407 אַ פּאָגראָם אויף יידן אין קראָקע. דער גלח סטאַניסלאַוו פון סקאַלמיערזש הייסט דעם קעניג וולאַדיסלאַוו יאַגעלאָ אַרויסטרייבן יידן. אַ שטאַרקער קעגנער פון יידן איז אויך דער קאַרדינאַל זביגניעוו אָלעשניצקי. קעגן יידן אַגיטירט אין XVI-טן יאָרהונדערט מיט גרויסער איבערצייגונגס-קראַפט נישט בלויז דער באַרימטער קאַטוילישער פאַנאַטיקער און גע-ניאַלער בעל-דרשן, פּיאָטר סקאַרגאַ וואָס רעדט אין זיינע „פּרעדיקטן" וועגן יידנס באַנוצן קריסטלעך בלוט, נאָר אויך דער פאַרברענטער קאַלוויניסטישער שרייבער, מיקאָלאַי רעי, הייסט ליבערשט עוקר מן השורש זיין יידן, איידער זיך לאָזן פאַריאָגן פון יידן. זיינע „פּראַשקעס" זענען באַקאַנט.

אין י. 1649 הייסט אַ געוויסער דאָקטאָר סלעשקאָווסקי באַיקאָטירן יידישע דאָקטוירים, וואָרום באַנוצנדיק אַ יידישן

רופא פאַרקויפט מען דעם טייוול נישט בלויז די נשמה נאָר אויך דעם גוף. צוויי אַנדערע שרייבער, מאָיעצקי און מיט־שיצקי, האָבן לויט דער כאַראַקטעריסטיק פון הומאַניטאַרן טאַדעוש טשאַצקי, אויסגעבראָכן פון זיך דאָס אַלץ וואָס משוגעת, פאַרקליידט אין רעליגיעזן פאַנאַטיזם, קען אַרויסגעבן פון זיך און וואָס עליזאַ אָרזשעשקאָ האָט אָנגערופן מיטן נאָמען: פסולתן, וואָס פליסן תמיד מיט אין שטראָם פון מענטשלעכן לעבן.

ווי נישט־יושרדיק אָבער די דאָזיקע העצע קעגן יידן איז געווען, באַווייזט כאָטש שוין „די בקשה" פון משה פון נאַראָל, דעם שפּעטערדיקן רב אין מעטץ פון י. 1656, וואָס איז אַנטלאָפן פון פוילן בעת די קאָזאַקיש־טאָטערישע אָנפאַלן. אין דער „בקשה" באַוויינט ער פוילנס גורל און בעט היילף פאַר איר. שוין דאַמאָלס אַנטפּלעקט זיך די טיפע צוגעבונדקייט פון די פוילישע יידן צו זייער מוטער־ערד, וואָס מ'וויל נאָך עד־היום נישט אנערקענען און אָפּשאַצן.

3

# פּוילנס צעטיילונג.

בדרך כּלל זענען די שטימען וועגן יידן אין פּוילן געווען צופעליקע. ערשט ביים פונאַנדערפאַלן זיך פון אומאָפּהענגיקן פּוילן, ווען די מלוכה איז געווען אַרומגערינגלט מיט שונאים, וואָס האָבן געלויערט צו פאַרכאַפּן שטיקער לאַנד, באַזינט זיך די פּוילישע געזעלשאַפטלעכקייט, הויבט אָן נאָכטראַכטן ווי צו ראַטעווען דעם קיום פון לאַנד און ביים אָפּגעבן זיך אַ חשבון-הנפש פון פּוילנס זיין — איז אויך אַרויסגעשוואומען אַלס אָנגעווייטיקטע פּראָבלעם, די יידן-פּראַגע.

דער צוגאַנג צו דעם פּראָבלעם איז דאָס מאָל אָבער געווען אַ גאַנץ אַנדערער ווי פריער. וואָרום אויב ביז דאַמאָלס איז דער גאָר גרויסער רוב פון דער פּוילישער געזעלשאַפט געשטאַנען אויפן שטאַנדפּונקט, אַז יידן זענען געקומענע און געבליבענע פרעמדע און מ'דאַרף די פאַראַנענע מחיצות און אַנטאַגאָניזמען צווישן יידן און פּאָליאַקן נישט בלויז נישט אָפּשאַפן אָדער לכל הפּחות מינערן, נאָר נאָך פאַרשטאַרקן, טאָ שטעלט זיך איצטער איין,—אונטערן איינפלוס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע און איר לעזונג פון דער יידן-פראַגע— אַ גאָר אַנדערער בליק אויפן יידן-פּראָבלעם אין פּוילן.

אַ חשובער טייל פון די פּוילישע מלוכה-מענער און דערמיט אויך דער פיר-יעריקער סיים — האָבן זיך געשטעלט אויפן

שטאַנדפּונקט פון רעכט און פליכט. עס האַנדלט זיך נישט מער וועגן טאָלערירן יידן און פאַר טייער געלט זיי געבן די פּשוטסטע מענטשן-רעכט, אַלס מכלומרשטע פּריווילעגיעס, נאָר וועגן געבן יידן פולע בירגער-רעכט; דערפאַר אָבער פאָדערט מען אויך פון זיי דערפילן יענע פליכטן, וואָס זענען נוגע אַלע אַנדערע בירגער פון לאַנד. אין דעם פּרט זענען זייער סימפּאַטיש די אַרויסגעזאָגטע געדאַנקען פון הומאַניטאַרן מלוכה-מאַן טאַדעוּש טשאַצקי, וועלכע ער אַנטוויקלט אין זיין שריפט „וועגן יידן און קאַראַימען", דערשינען אין ווילנע 1807, אין צוזאַמענהאַנג מיטן רעפאָרם-פּראָיעקט בנוגע יידן פון פיר-יעריקן סיים.

טשאַצקיס אַרבעט, אַזוי ווי אַלע שוין דערמאָנטע, זענען געווען פּובליציסטישע. אָבער שוין פריער אַ ביסל הויבט מען אָן רעדן וועגן יידן אין דער דאַמאָלסדיקער פּוילישער שיינער ליטעראַטור, — זייער אַ רייכער מיט דידאַקטישע אָנווייזונגען. און געשען איז עס אין „פּאַן פּאָדסטאָלי" פון דעם זייער פּאָפּולערן דאַמאָלס און פּרוכטבאַרן שריפטשטעלער, דעם ביסקופּ איגנאַצי קראַשיצקי.

אינם „פּאַן פּאָדסטאָלי", ווו קראַשיצקי באַמיט זיך אויפ-צווייזן אַלע שלעכטע פּוילישע מידות, מנהגים, פעלערן און די אופנים זיי צו פאַרבעסערן, אויסצומיידן און ענדערן, באַ-רירט ער אויך די יידן-פראַגע. לויט קראַשיצקין דאַרף מען פאַריאָגן יידן פון די קרעטשמעס, ווייל אַלס אַרענדאַרן זענען זיי זייער שעדלעך סיי פאַר די פּריצים, סיי פאַר די פּויערים. די יידישע קרעטשמעס זענען נעסטן פון שמוץ און קראַנקהייטן. דאָרט קומט אויך פאָר די עיקר-אויסנוצונג פונם פּריץ ווי פונם פּויער. לויט קראַשיצקין, איז אויך פאַר די פּוילישע שטעט און שטעטלעך זייער שעדלעך דאָס, וואָס דער האַנדל געפינט זיך אויסשליסלעך אין יידישע הענט. לאַ-די, וואָס יידן פאַר-נעמען זיך אַליין נישט מיט מלאכה, רוּאינירן זיי נאָך, אַ דאַנק זייער מאָנאָפּאָל-שטעלונג אין האַנדל, דאָס פּוילישע האַנטווערק און דעם מיטלשטאַנד. די פּוילישע שטעט און זייערע הייזער

זעען אויס זייער קלאָגעדיק, ווייל זיי זענען אָביעקטן פון יידישן האַנדל, זיי גייען איבער פון האַנט-צו-האַנט, ווערן מחמת דעם אָפּגעלאָזן, פאַרנאַכלעסיקט און באַקומען אַן אויסזען פון חורבות. קראַשיצקי וויל דאָס שלעכטס, וואָס ער זעט ביי יידן, לינדערן דורך צווינגען זיי צו ערד-אַרבעט, צו מלאכה, צו דינען אין מיליטער און בלויז אין דעמזעלבן מאַסשטאַב ווי זיי וועלן זיך פאַרנעמען מיט די אויסגערעכנטע באַשעפטיקונגען, זאָלן זיי זיך מעגן פאַרנעמען מיט מסחר. עפּעס אַ מין פּראָצענט-נאָרמע אין האַנדל, אַן אָפּהענגיקע פון אַנדערע חיונה-קוואַלן.

קראַשיצקיס וואונטש צו זען אַ יידישן מיליטער-מאַן איז טאַקע אינגיכן מקיום געוואָרן, ווייל אַ ביסל שפּעטער האָבן יידן אָנטייל גענומען אין די פּוילישע פרייהייטס-קאַמפן, אונטער קאָשציושקאָס אָנפירונג. וואָס שייך אָבער זיין באַגער צו זען יידישע ערד-אַרבעטער, האָבן אָט די פּראָפּאַגאַנדע עטוואָס שפּעטער איבערגענומען יידן גופא, מיטן ריב״ל בראש. אין גאַנצן גענומען זענען קראַשיצקיס מיינונגען וועגן יידן אין „פאַן פּאָדסטאָלי" געווען ערנסטע, אַזוי ווי די גאַנצע דאַמאָלסדיקע ליטעראַטור.

ס׳האָט אויך אַנדערש נישט געקאָנט זיין, ווייל תיכף ווי די יידן-פראַגע אין פּוילן איז געוואָרן אַקטועל, האָבן יידן באַלד געהאַט די געלעגנהייט באַווייזן זייערע קוואַליפיקאַציעס אַלס בירגער פון לאַנד, בעת די פּוילישע פרייהייטס-קאַמפן.

אין י. 1794 אָרגאַניזירט קאָשציושקאָ דעם אויפשטאַנד און דאָס פּוילישע פאָלק נעמט זיך צו די וואָפן. די דאָזיקע באַוועגונג, וועלכע איז געווען די ערשטע אמתדיק דעמאָקראַטישע פאָלקסבאַוועגונג אין פּוילן מיטן אנטייל פון פויערים, האָט אויך מיטגעריסן די פּוילישע יידן. אַ נישט קליינע ראָל האָט דערביי געשפּילט די פּערזענלעכקייט פונם אָנפירער קאָשציושקאָ. אַן איבערצייגטער דעמאָקראַט, וועלכער האָט געקעמפט אין אַמעריקע פאַר דער אומאָפּהענגיקייט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דעם שווערן גורל פון די פאַר-שקלאַפטע נעגער, האָט קאָשציושקאָ אויך פונם גאַנצן האַרצן

נעוואונטשן די באַפרייאונג און גלייכבאַרעכטונג פון די פוילישע ייִדן, וועלכע זענען געווען רעכטלאָז ווי די פויערים. אַז קאָש־ציושקאָ האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט ייִדן, געקענט זייער געשיכטע, באַווייזט זיין באַקאַנטמאַכונג וועגן דער דערלויבעניש צו פאָרמירן אַ יידישן פולק זעלנער אונטער דער אָנפירונג פון בערעק יאסעלאָוויטש. דאָרט זאָגט ער: „דאָס יידישע פאָלק צע־שפרייט איבער דער גאָרער וועלט, האָט זינט זיין פאַרלאָזן דאָס פאָטערלאַנד נישט געוואָלט אנטיילנעמען אין די בלוטיקע סצענעס, וועלכע עס האָבן איינגעאָרדנט בלוטיקע דעספאָטן אויף דער ערד. דענקענדיק אַנדערש ווי די, וואָס האָבן געהאַלטן פאַר אַ כבוד אַוועקצוגעבן זייער לעבן פאַרן נאַרישן שטאָלץ אָדער אויסגעלאַסנקייט פון די טיראַנען, האָבן יידן ליבערשט געזוכט אייגענע רואיקייט; פאַראַכטעט דערפאַר און נישט פאַר־רעכנט פאַר מענטשן, זענען זיי באַטראַכט געוואָרן אַלס אומ־פעאיקע צו פאַרטיידיקן רעכט און אייגנטום און מ׳האָט זיי גע־האַלטן בלויז צוליב די נוצן פון די זעלבסטהערשער. ווער עס וועט אָבער נעמען אין אַכט, אַז יידן זענען אַ פאָלק, וואָס באַ־שטייט פון אַזעלכע מענטשן ווי מיר, דער וועט בלי־ספק אַנדערש אָנהויבן טראַכטן וועגן דעם און די קעמפערישע טאַטן פון זייערע אבות וועלן אונז געבן גוטע האָפנונגען צו זייער שבח.״— קאָשציושקאָ דערמאָנט ווייטער אַלע העלדנטאַטן פון דער יידישער געשיכטע, ווי די חשמונאים א. אַ. ביז צו די שלאַכטן ביי וואַרשע אין אַפריל 1794, ווען „יידן האָבן זיך געוואָרפן צו די וואָפן, העלדיש געקעמפט מיט די שונאים און באַוויזן דער וועלט, אַז דאָרט ווו די מענטשהייט קען עפּעס געווינען, שוינען זיי נישט זייער לעבן״.

נאָך זיין שבועה אַלס פירער פון פאָלק אויפן קראָקעווער מאַרק, האָט קאָשציושקאָ אויך באַזוכט די יידישע אַלטע שול אויפן קוזמיר און פאַרזיכערט די מתפללים, אַז זיין חלום איז בלויז צו זען דאָס גליק פון אַלע פוילישע איינוווינער—די יידן בתוכם.

קומט דאַמאָלס טאַקע פאַר די ערשטע פויליש־יידישע

פאַרברײדערונג. בײם באַלאַגערן װאַרשע האָבן ײדן צוזאַמען מיט פּאָליאַקן געשיט שאַנצן, געבילדעט באַװאָפנטע אָפּטײלונגען און, װי די דאַמאָלדיקע באַריכטן דערצײלן, האָבן זיך ײדן „אומעטום פּראַכטפול אויסגעצײכנט". אַ צײטונג פונם י. 1794 דערמאָנט, אַז „ײדן, דאָס פאָלק װאָס איז אַזוי שטאַרק צוגעבונדן צו די רעליגיעזע מנהגים, האָבן אַפילו בעת זײערע ימים-טובים אָדער געקעמפט מיט געװער, אָדער געהאָלפן בײ די האַרמאַטן אָדער, אַרויסגעשיקטע מיט שליחותן, אויסגעפירט בשלמות אַלץ װאָס מ'האָט געהײסן און אויך הײנט צו טאָג נאָך פירן זײ אויס אַפילו אום שבת װאַכן און פאַטרולן". דער דאַמאָלדיקער עסטרײכישער אַטאַשע אין פּוילן באַריכטעט זײן רעגירונג, אַז אונטער דער השפּעה פונם אויפשטאַנד האָט די פּוילישע ײדן אַרומגעכאַפּט אַ פּאַטריאָטישע התלהבות און אַפילו געבראָטן פון גראַנאַטן און פאַרװונדעט, באַװיזן זײ אויסערגעװײנלעכע געזעצטקײט און גרויסן מוט.

אין דער פּוילישער שײנער ליטעראַטור האָבן מיר אַ זכר פון אָט יענער צײט אין דער דאַמאָלסטיקער שטאַרק פּאָפּולערער קאָמישער אָפּערע פון ל. אַ. דמושעװסקי „ד י  אָ ק אָ פּ ע ס  א ו י ף  פּ ר אַ ג ע" („אָקאָפּי נאַ פּראַדזע"). דער ײדישער העלד משה זאָגט: „איר מײנט, אַז מיר ײדן װײסן נישט װאָס מיר זענען שולדיק דער פּוילישער ערד, אויף װעלכער מיר זענען געבוירן געװאָרן און פון װעלכער מיר לעבן... אונז איז גוט געװען אין די פּוילישע צײטן און מיר ײדן אַממײנסטן פון יענע, װאָס האָבן אײער האָב-און-גוטס צוגענומען... אמת טאַקע, אַז מיר ליבן גאָט אויף אַן אַנדערן אופן... נאָר סײ אונזער סײ אײער גאָט, איז אונזער בײדעס געמײנזאַמער פאָטער... און בעת אַן אומגליק, דערצו אין אַזאַ װיכטיקער נויט, לאָמיר זיך אונטערשטיצן און ליב האָבן אַלע װי קרובים, װי ברידער".

אין זײן דועט זינגט משה: „מיט אַן אָרימאַן, מיט אַ פּױער אָדער ײד װעל איך טײלן יעדן גראָשן; מיט אַ גרענאַדיער אָדער הוזאַר טײל איך יעדן טאָלער; מיט עפּעס אַ העלדנהאַפּטן פּאָרוטשניק װעל איך זיך טײלן מיט אַ דוקאַט;

און מיט אַ חשובן גענעראַל אַפילו מיט אַ גאַנצן זאַק, אַ גאַנצן זאַק״. און צוזאַמען מיט גרזעלין זינגט ער: „פון איצט אָן אין הייליקן פרידן, ווען מיר לעבן אין איין פאָלק, פון וואָסער גלויבן מיר זאָלן נישט זיין, לאָמיר ערלעך ראַטעווען דאָס פאָטערלאַנד״. זייער פאָפולער איז געווען משהס קופּלעט: „עס קלאָגט די גאָרע אויפגעהעצטע וועלט, אַז פון ייד האָט מען ווייניק נוצן. ביי דער אַלגעמיינער פאַרטיידיקונג וועט ער אָבער אויך גוט צונוץ קומען. מיר ווילן דאָך גרויסע טובות האָבן פון דעם פוילישן אויפשטאַנד, און ווען יידן וועלן אָנהויבן גראָבן, וועלן צען פעסטונגען אַנטשטייען״.

פונקט ווי דמושעווסקיס, זענען בכלל אַלע אַרויסטרעטונגען אין דער פוילישער ליטעראַטור וועגן דער יידן-פראַגע, זייט דעם פיריעריקן סיים, נישט אַדורכגעדרונגען מער מיטן אַמאָליקן האַס צו יידן און מיט אומזיניקע אינסינואַציעס אויף זיי. כאָטש עס פעלן נישט אויך שפּעטער אַנטיסעמיטישע אַרויס-טרעטונגען און דאָס פון וויכטיקע מלוכה-מענער, אָטעמט פון זיי דאָך נישט דער אַמאָליקער פאַנאַטיזם.

די הויפּט-דיסקוסיע וועגן דער יידן-פראַגע אין פוילן קומט פאָר אין די יאָרן פון פיריעריקן סיים און נאָך אים, בעת דער עקזיסטענץ פון קאָנגרעס-קעניגרייך, ביזן פולשטענדיקן אונטערגאַנג פון פוילנס זעלבסטשטענדיקייט.

די דיסקוסיע, — אין וועלכער ס'האָט אַ חשובן אנטייל גענומען דער קאַטוילישער קלער, אַלס געבילדעטסטער שיכט, — האָט געעפנט אין י. 1815 דער גלח שאַניאַווסקי. ער פאָדערט פון דער קריסטלעכער געזעלשאַפט, מען זאָל מענטשלעך באַהאַנדלען יידן, אויסגלייכן זיי בנוגע שטייערן און אַנדערע אָפּצאָלן און לאַסטן מיט די איבריקע בירגער פון לאַנד. דער-פאַר פאַרלאַנגט ער מצד יידן, אַז זיי זאָלן זיך צופאַסן צו די מנהגים פון פוילן.

אַקעגן דעם גלח שאַניאַווסקיס אַרבעט אין „פאַמיענטניק וואַרשאַווסקי״ איז אַרויסגעטרעטן דער באַקאַנטער מלוכה-מאַן, דער גלח סטאַניסלאַוו סטאַשיץ מיט אַ גרעסערער

אַרבעט „וועגן די סיבות פון יידנס שעדלעכקייט און די מיטלען זיי משפיע צו זיין, אַז זיי זאָלן ווערן נוצלעך פאַר דער געזעלשאַפט". סטאַשיץ איז באַקאַנט מיט זיין דאַמאָלסדיקן ווייטן בליק אויף אַלגעמיין-פּוילישע און מלוכהשע ענינים; בנוגע יידן צייכנט ער זיך דער-מיט נישט אויס. ער פאַרגלייכט יידן צו אַ היישעריק, מיטן אונטערשייד, וואָס אַ היישעריק עסט אויף די תּבואות בלויז אין זומער, בעת יידן עסן אויף פּוילן אַ גאַנץ יאָר.

אַ קאָמפּראָמיס-שטעלונג צווישן שאַניאַווסקין און סטאַשיצן פאַרנעמען: דער גלח לענטאָווסקי אין זיינע „יידן אין פּוילן" (1816) און סט. קאַטשקאָווסקי אין זיין „איבערבליק אויף יידן".

נאָך אַ קורצן שווייגן פון עטלעכע יאָר ווערט די דיס-קוסיע ווידער באַנייט בעת די זיצונגען פון ערשטן קעניגרייך-סיים. דער אָנטייל פון יידן אין דער פאַרטיידיקונג פון פּוילנס אומאָפּהענגיקייט, סיי אַקטיוו אין דער אַרמיי און אין גאַסן-קאַמפן, סיי דורך מאַטעריעלע און מאָראַלישע אונטערשטיצונג, ענדערט אַ ביסל דעם בליק אויף דער יידן-פראַגע. עס דער-שיינען אַ גאַנצע רייע ווערק פון באַקאַנטע און אַנאָנימע מחברים פאַר און קעגן יידן. בעת, למשל, דער גענעראַל וויי-צענטי קראַשינסקי און אַנדערע אויטאָרן טרעטן שאַרף אַרויס קעגן יידן, הייסן זיי אַרויסטרייבן פון פּוילן אָדער שאַפן פאַר זיי נישט בלויז געטאָס אין די שטעט, נאָר אַפילו באַ-זונדערע שטעט, — באַווייזן ווידער אַנדערע, ווי יוזעף ווי-שינסקי און וואַלעריאַן לוקאַשינסקי, דער שפּעטער-דיקער אָנפירער אינם אויפשטאַנד פון י. 1831, אַז מ׳מוז הויבן דעם קולטורעלן מצב פון דער יידישער מאַסע, אַז יידן קענען אומבאַדינגט נוצלעך זיין פאַר פּוילן, אויב מ׳זאָל זיי נאָר פאַר-בינדן מיטן לאַנד.

וואַלעריאַן לוקאַשינסקי, דער טעמפּעראַמענטפולער רעוואָלוציאָנער, ווייסט שוין דאַמאָלס וועגן דער שרעקלעכער נויט, וואָס הערשט צווישן דער יידישער מאַסע און ער קען

איך דאָס קליינע הייפל יידישע גבירים און תקיפים, מיט וועלכע מען אידענטיפיצירט דאָס גאַנצע יידישע פאָלק. אויב ס׳איז פאַראַן ביי אַ טייל יידן אַ געוויסע גלייכגילטיקע באַציאונג צו פוילישע פראַגן, דערקלערט עס לוקאשינסקי מיט דער פאַראַכטונג און אומיושרדיקייט, וואָס די פוילישע געזעלשאַפט ווייזט אַרויס בנוגע יידן. בכלל באַטראַכט ער די יידן-פראַגע אַלס אינטעגראַלן טייל פון דער אַלגעמיינער סאָציאַלער פראַגע, וועלכע וועט געלעזן ווערן, צוגלייך מיט דער אַגראַרי-פראַגע און אַנדערע פראַבלעמען דורך ברייטע געזעלשאַפטלעכע רעפאָרמען.

בעת דעם דאָזיקן הערטער-קאַמף פאַר און קעגן יידן, אין די קריטישסטע מאָמענטן פון דער פוילישער געשיכטע, איז פוילנס זעלבסטשטענדיקייט דערווייל אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען. פוילן איז ענדגילטיק צעטיילט געוואָרן און דער דורכאויס נוצלעכער מיינונגס-אויסטויש מכח דער יידן-פראַגע,—מער שוין נישט אַקטועל און פון פוילן נישט אָפּהענגיק, — איז אינגאַנצן פאַרשטומט געוואָרן.

אַזוי אַרום איז דער באַגין פון אַ פּאָזיטיווער אָנשויאונג אויף דער יידן-פראַגע, וואָס איז אויפגעקומען סוף אַכצנטן און אָנהויב ניינצנטן יאָרהונדערט, אויף לאַנג איבערגעריסן געוואָרן, נישט קענענדיק אָננעמען קיין ממשותדיקע, קאָנקרעטע פאָרמען. די גינסטיקע לעזונג פון דער יידן-פראַגע האָט נישט געקענט קומען פון דער צאַרישער מאַכט, אונטער וועלכערס ממשלה ס׳איז אַרונטערגעפאַלן דער גאָר גרויסער רוב פוילישע יידן. אָנשטאָט יידן גלייכצובאַרעכטיקן, צובינדן זיי צו פוילן, האָבן די נייע אָקופּאַנטן געשטרעבט צו צעטיילן די באַפעלקערונג פון לאַנד אויף פיינטלעכע לאַגערן, העצן זיי איינע קעגן די אַנדערע דורך שאַפן וואָס גרעסערע אַנטאַגאָניזמען צווישן די לאַנד-איינוואוינער, מיט דער הילף פון „טיילן און הערשן״, האָט דער צאַריזם געוואָלט געוועלטיקן איבער פוילן, פאַרפּאָלגנדיק יעדע נאַציע באַזונדער.

מיט דער יידן-פראַגע געשעט דאַמאָלס ענלעכעס ווי מיט

אלע פוילישע פּאָליטישע און נאַציאָנאַל-קולטורעלע פּראַגן: דאָס גאַנצע געזעלשאַפטלעכע לעבן טראָגט זיך איבער פון דערווירקלעכקייט, פון ממשותדיקן, צאַפּלדיקן לעבן אין דער וועלט פון פאַנטאַזיעס, פון קינסטלערישע חזיונות און באַשטרעבונגען; עס ווערט אַ טעמע פאַר קונסט, פאַר ליטעראַטור, פּאָעזיע. דאָרט אַהין טראָגט זיך אויך איבער, פון עפנטלעך-פּאַרלאַמענטאַרישן און פּובליציסטישן לעבן, די יידן-פּראַגע.

שוין אין י. 1820 דערשיינט ניעמצעוויטשעס ראָמאַן „לייב און שרה אָדער בריוו פון צוויי געליבטע". דאָס איז דער ערשטער אַריינטריט פון יידן אַלס זעלבסטשטענדיקער טעמע-אָביעקט, אין דער פּוילישער ליטעראַטור, דערצו ביים סאַמע אַנטשטייען פון פּוילישן ראָמאַן אַלס ליטעראַרישע פאָרם. און געשען איז עס דורך אַזאַ אָנגעזעענעם, ערנסטן און באַליבטן מחבר, ווי ניעמצעוויטש איז געווען אין זיין צייט.

געבוירן אין די צייטן פון קעניג סטאַניסלאַוו אויגוסט, ווען פּוילנס עקזיסטענץ, כאָטש אַ שטאַרק אָפּגעשוואַכטע, איז נאָך געווען כּלפּי חוץ וכלפּי פּנים אַ זעלבסטשטענדיקע, האָט יוליאַן אורסין ניעמצעוויטש דערלעבט פּוילנס צע־טיילונג און פולשטענדיקע אונטערדריקונג. די געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע קלעפּ האָבן אָבער ביי אים נישט אָפּגענומען זיין מוט, נישט צעבראָכן זייז קאַמפּלוסט. כּל-זמן ס'איז געווען אַ מעגלעכקייט צו קעמפן אויפן שלאַכט-פעלד, האָט ער גע־שטריטן. ווען די דאָזיקע מיטלען האָבן אָבער שוין נישט גע־קענט מחיה מתים-זיין דאָס לאַנד, האָט ער די שווערד פאַר־טוישט אויף אַ פּען און מיט זיינע „היסטאָרישע געזאַנגען", „דער צוריקקער פון דעפּוטאַט", „קאַזימיר דעם גרויסן" א. אַ. ווערק געוועקט דעם עולם צו נאַציאָנאַלן שאַפן, נישט צו פאַר־לירן דעם מוט.

טראַכטנדיק וועגן פּוילנס לאַגע און אונטערדריקונג, לעבנ־דיק פאַרן לאַנד, האָט ער זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געקענט אויך גלייכגילטיק פאַרבייגיין די יידן-פראַגע אין פּוילן. ניעמ־צעוויטש האָט געוואָלט צובינדן יידן צו פּוילן, זיי מאַכן פאַר

גלייכבאַרעכטיקטע "בירגער. און כאָטש נישט אַלע מיטלען, וועלכע ער ווייזט אָן כדי צו לעזן די יידן-פראַגע, זענען ריכטיקע, מוז מען אָבער באַווונדערן זיין בירגערלעכן מוט, מענטשן-ליבע, זיינע באַמיאונגען צו באַקענען זיך מיטן יידישן לעבן. זיין שאַפונג מוז נאַטירלעך אָפּגעשאַצט ווערן פון אַ געוויסער פּערספּעקטיוו, אויף אַ מהלך פון צייט, פון איבער הונדערט יאָר צוריק און לויט דער דאַמאָלסדיקער אַרומיקער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער.

געבנדיק אין דער הקדמה אַ קורצן איבערבליק איבער דער אַנטוויקלונג פון דער יידן-פראַגע אין פוילן, זאָגט ער: „ליינענדיק מיט געשמאַק און התמדה די שריפטן פון די באַ-דייטנסטע פוילישע מלוכה-מענער וועגן דער יידן-פראַגע, האָב איך אנערקענט, אַז וואָס שייך זייער געדאַנקען-גאַנג איבער אַזאַ וויכטיקן ענין און די מיטלען וואָס זיי שלאָגן פאָר כדי צו פאַרריכטן דאָס שלעכטע, האָב איך פון מיין צד גאָרנישט צוצוגעבן. דער חשק אָבער אויך פון מיין זייט מיטצוהעלפן ביי אַזאַ וויכטיקער זאַך, האָט מיר אונטערגעזאָגט דעם געדאַנק, צי עס וואָלט נישט זיין קיין פלאַן פאָרצושטעלן די יידישע אבערגלויבנס, די אוממענטשלעכע מנהגים פון זייערע כלי-קודש אין אַ דראַמאַטישער פאָרם, כדי זיי צו מאַכן נאָך בולטער און דראסטישער און שוין דורך דער בלויזער פאָרם, מחמת דעם סאַמע טיטול פון אַ „ראָמאַן", פּאָפּולערער מאַכן די פיל זאַבאָ-באָנעס און דערמיט בעיקר איבערצייגן די יידן גופא ווי פאַר-קריפּלט און שעדלעך עס זענען די אבערגלויבנס, וואָס די יידישע תקופים און גאָטס סטראַפּטשעס פרעדיקן פון סאַמע קינדהייט אָן צווישן המון און דאָס צוליב אייגענעם עגאָאיסטישן נוצן. נאָר דאָס איז געוועזן די איינציקע סבה, פאַרוואָס כ'האָב געהאַט די העזה צו נעמען אַ וואָרט אין אַזאַ וויכטיקן ענין, איבער וועלכן עס האָבן שוין געשריבן אַזעלכע באַרימטע שרייבער".

אַלס מאָטאָ פון בוך האָט זיך ניעמצעוויטש אויסגעקליבן פאָלגנדיקן זאַץ פון זיין הקדמה: „כ'בין ווייט פונם געדאַנק צו

פאַרמשפּטן דאָס יידישע פאָלק אויף פאַרטיליגונג אָדער אַרויס־צויאָגן... „ברענגען צו באַזינונג, לערנען צו דערקענען די אייגענע טובה״ — וויל ער.

„אומקערן יידן צו אמתער אויפקלערונג, אויסהיילן זיי פון פאָראורטיילן, באַווייזן זיי, אַז האַלטנדיק זיך אָן די מנהגים פון זייערע ווילדע תקיפים און כלי־קודש טרייבן זיי זיך גופא אַריין אין רדיפות און אין נויט, טאַמעווען זיי זיך זעלבסט דעם וועג צו אַלע גיטער פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט— דאָס איז דער צוועק פון אָט דעם ווערק. כ׳וועל גליקלעך זיין, אויב כ׳וועל כאָטש טיילווייז מיין ציל דערגרייכן״.

ניעמצעוויטש האָט זיך אַלזא לכתחילה געשטעלט אויפן צד פון די פּראָגרעסיוו־דעמאָקראַטישע עלעמענטן און מיט זיין יידישן ראָמאַן געשטרעבט אַריינצודרינגען סיי אין די פּוילישע ספערן, וואוהין אַ ריין־פּובליציסטיש ווערק האָט נאָך קיין צוטריט נישט און מ׳קען די אויפקלערונגס־פּראָפּאַגאַנדע אין דער יידן־פראַגע בעסער און גיכער דערגרייכן דורך דער קינסטלערישער פאָרם, סיי געוואָלט צוקומען צו דער יידישער וועלט, אויף וועלכער מ׳קען ווירקן, ווייזנדיק איר דאָס אומנאָרמאַלע פּרצוף פון יידישן לעבן אין קרומען שפּיגל פון איר אייגענער עקזיסטענץ, ווי דאָס האָבן שפּעטער געטון אַן א. מ. דיק א. אַ. יידישע שרייבער.

„לייב און שרה״ איז אַ ראָמאַן אין צוויי טיילן מיט אַ הקדמה. אין פּיראונדרייסיק בריוו מיט אַן עפּילאָג איז פאָרגעשטעלט אַ ליבע צווישן דעם יינגן, געבילדעטן משכיל לייב און זיין שילערין, דער שיינער שרה, וועלכע ער האָט אויפגעקלערט.ביידע געבילדעטע, באַלעזענע, געכאַפּטע אין די טריפהנע ביכלעך, שטויסן זיי זיך צונויף מיט דער אַרומיקער, פאַנאַטיש־פינסטערער סביבה. עס גייט אָן אַ קאַמף צווישן ליכט און פינסטערניש, אויפקלערונג און פאַנאַטיזם, באַגלייט מיט די באַקאַנטע פאַרפאָלגונגען פון חרמס, אָנפאַלן א. ד. גל.

זעענדיק, אַז זיין טאָכטער שרה געפינט זיך אונטער דער שטאַרקער השפּעה פון משכיל לייב, איר אַמאָליקן לערער, וועלכן

זי ליבט, קלערט דער פאָטער משה אויס אַ טייוואָלאָנישן פּלאַן זי חתונה צו מאַכן פאַר זיין שותפס זון, יאַנקל, אַ מיאוסע קאַליקע און נאָך גרעסערן פאַנאַטיקער, דערפאַר אָבער אַ קינד-טיקן גדול בישראל. ער טרעפט אָבער אָן אויף אַ גרויסן ווי-דערשטאַנד מצד דער געבילדעטער, אויפגעקלערטער טאָכטער, וועלכע ווערט אונטערגעשטיצט אין איר קאַמף פאַר זעלבסט-באַשטימונג דורך איר חתן לייב, און אַ חוץ דעם – נאָך דורך הומאַניטאַרע קריסטן און משכילישע יידן, ווי אברהם מיט זיין הויזגעזינט.

עס זיגט לסוף דער פּראָגרעסיווער טייל: שרה מיט לייבן האָבן חתונה און די משכילים טריומפירן איבער די פאַנאַטיקער. יאַנקלס ווילדע דרכים מיט די חרמס און ענלעכע מעשים דער-פירן דערצו, אַז אַפילו משה מיט הערשן אנערקענען די ריכ-טיקייט פון אברהמס און לייבס משכילישע אָנשויאונגען און זייער העכערקייט איבער דער איינזייטיקער באַגרענעצקייט פון האַלב-משוגענעם יאַנקל און זיינע מקורבים.

אויפן הינטערגרונט פון אָט דער ליבע, אירע שטערונגען און קאַמפן, וועלכע ווערן דערפירט צו אַ גינסטיקן סוף, באַקומט מען בולטע פאָרשטעלונגען איבער דעם דאַמאָלסדיקן יידישן לעבנס-שטייגער.

אויב פון קראַשיצקיס „פּאַן פּאָדסטאָלי״, – וועלכער איז נישט אין פולן זינען אַ ריין-קינסטלערישע ווערק, נאָר גיכער אַ כראָניק מיט אַ שטאַרק-דידאַקטישן אונטערשלאַג, – ווערט וועגן יידן דערמאָנט בלויז דרך-אגב און מ׳קען פון דאָרט נישט באַ-קומען קיין בילד וועגן יידישן לעבנס-שטייגער,–קען מען אָבער פון ניעמצעוויטשעס „לייב און שרה״ זיך באַקענען מיט די שטרעבונגען, באַגריפן, קאַמפן און שטרייטן וואָס זענען פאָרגע-קומען אין דער יידישער דאַמאָלסדיקער סביבה.

אָט איז אַ בילדל פון יידישן שטעטל:

„דער מאַרק אַ גרויסער פיר-עק, פון אַלע זייטן פאַרבויט מיט איינגעפאַלענע הילצערנע הייזלעך. משך זעקס חדשים אין יאָר איז אָט דער מאַרק פול מיט שמוציקער, טיפער בלאָטע.

ווער קען אָנצײלן װיפל פּאַנטאָפּל און שיך עס רוען אין די טיפענישן פון אָט דעם שוואַרצן אָפּגרונט! אין מיטן פּלאַץ שטייט אַ הילצערנער, אײנגאָרנדיקער ראָטהויז, מיט עטלעכע געוועלבער אונטן און אַ געפּענגניש אויבן. אין די קראָמען געפינט מען פּאָדעם, שפּילקעס, בענדלעך, שיך, עטלעכע קאָסעס, העק און בינטלעך שטריק. אַרום די הײזלעך פון מאַרק ציען זיך אײנגעבויגענע בוידן. אונטער זיי זיצן פון זון-אויפגאַנג ביז אונטערגאַנג אָרעמע יידענעס מיט געבעקס און זאַלץ. זעלטן ווער פון די הענדלערקעס פּאַרדינט אַ גילדן אַ טאָג, מאַנכע — קוים זעקס קופּערנע גראָשנס. ס׳איז דעריבער קיין וואונדער נישט, אויב זיי גייען אַרום אין שמאַטעס, אָרעמע, קבצנישע... און בשעת די ווייבער זיצן אין מאַרק און שמועסן אַ גאַנצן טאָג, פירן זייערע מענער שענקערייִ אָדער קריכן איבער די דערפער און קוקן אויס וויפל יעדער פּויער האָט היי, תבואה, בהמות און עופות״.

מיט וואָס באַשעפטיקן זיך די העלדן פון ראָמאַן?

שרהס פּאָטער, משה, באַשעפטיקט זיך מיט אַלץ וואָס לאָזט זיך, דער עיקר אָבער מיט שוואַרצן סחורה און פערד איבער דער גרענעץ. צוזאַמען מיט הערשן, שוואַרצט ער און גענאַרט אָפּ אַ גאַנצע וועלט. אָנשטאָט געזונטע פערד — ליפערט ער קראַנקע, אָנשטאָט יונגע — גיט ער אַלטע, אַדורכפּײלנדיק זיי די ציין. האָזן-פעלעכלעך פאַרטוישט ער אויף קעצישע. צווישן די פעלעכלעך שוואַרצט ער טיי, פון אויבן גוטע, פון אינווייניק שלעכטע, ביליקע, אָדער ער פאַרטוישט די טיי גאָר אויף בלעטער און קרייטעכצער. גוטע געווירצן, נעגעלעך, צימרינג א. אַ. ווייקן זיי פריער אויס אין ספּירט, ציען אַרויס דעם זאַפט, כדי צו מאַכן דערפון ליקער, פאַרפעלשן מיט האָניק אָנשטאָט צוקער און די אויסגעווייקטע געווירצן פאַרקויפן זיי אַלס גוטע צו נאַאיווע סוחרים.

דער חתן-בחור יאַנקל איז שרעקלעך מיאוס, פיר פוס הויך, מיט אַ הויקער פון הונטן און פון פאָרנט; דינע, לאַנגע פיסלעך, אַ שפּיציקער קאָפּ איינגעוואקסן צווישן די פלייצעס,

אַ בלאַס פנים; די אויגן, רויט אַרומגעליאַמעוועטע, וואַרפן פינסטערע בליקן ווי פון קברים אַרויס. דערפאַר אָבער האָט ער שוין אין עלפטן יאָר געקענט נישט בלויז חומש, נאָר אויך גמרא מיט פירושים; צו דרייצן יאָר האָט ער שוין געקענט קבלה און צו פירצן אופגעהערט רעדן, עסן און שלאָפן. פאַרטיפט אין מיסטישער התפעלות, האָט ער גערעדט צו זיך, פאַרדרייט די אויגן, געהאַט פּערווערזע, עראָטישע איבערלעבענישן און דערמיט פאַרטון זיין לעבן.

דער אַלטער משכיל אברהם איז געווען אַמאָל אַ געוויינלעכער וועבער. אַדאַנק זיין אַרבעטסזאַמקייט און וויסנסדורשט האָט ער זיך דערוואָרבן אַ היפּש ביסל וויסן און אַ בעסערע עקזיסטענץ, אַן אייגענע גרויסע וועבעריי. פאַר זיינע משכילישע אָנשויונגען און מאָדערנעם לעבנס-שטייגער ווערט ער פאַרפאָלגט מצד די חסידים און פרומאַקעס, פון וועלכע עס באַשיצט אים דער גובערנאַטאָר אַליין. אין זיין וועבעריי באַשעפטיקט אַברהם בלויז יידישע אַרבעטער, וועלכע ער בילדעט און באַהאַנדלט זייער פאָטערלעך.

דער יינגער משכיל לייב איז שוין גאָר פאָרטגעשריטן. ער שטודירט כעמיע און ווערט דער גרינדער פון דער ערשטער צעראַמיק-פאַבריק אין לאַנד, באַשעפטיקנדיק אויך בלויז יידישע אַרבעטער.

ווי עס איז צו זען פון דער כאַראַקטעריסטיק פון די העלדן, איז דערביי פאַראַן אַ געננוג בולטע טענדענץ. ענלעך צו די שפּעטערדיקע יידישע פאָלקסטימלעכע און השכלה-ראָמאַנען, טיילן זיך די העלדן אויף צוויי קאַטעגאָריעס: אויף משכילים, מענטשן אויפגעקלערטע און געבילדעטע, סימפּאַטישע פאַרן מחבר און דערפאַר אויסגעצירטע מיט אַלע מעלות טובות, און אויף מענטשן גייסטיק באַשרענקטע, פאַרן מחבר אומסימפּאַטישע און דערפאַר גרייטע צו טון אַלדעס בייז. צו דעם ערשטן מין געהערן: דער אַלטער אַברהם, זיין געבילדעטע טאָכטער רחל און איר חתן שמואל, לייב מיט זיין כלה שרה; צו דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן: שרהס פאָטער משה און זיין שותף

הערש מיטן פאַנאַטישן זון יאַנקל, דעם עקזאַלטירטן אסקעט און אַ גאַנצע כאַפּטע חסידים.

ניעמצעוויטש האָט אויך געוווּסט, ווי אַזוי עס אַנטשטייען אַזעלכע יאַנקלס, פאַרקריפּלטע גייסטיק און פיזיש, און ער באַשרייבט דאָס יידיש-טראַדיציאָנעלע נישט-פּעדאַגאָגישע לערנען. „ווען עס ווערט קוים באַגינען, שלעפּט שוין דער בעלפער די יינגעלעך פון געלעגער, זעצט זיי אויף די האַרטע בענק, ביי שמאָלע טישן, איינס קעגנאיבער דעם אַנדערן מיט דעם מלמד אויבנאָן און עס הויבט זיך אָן אַ שאָקלען, שרייען און אומ-רחמנותדיק רייסן ביי די אויערן".

אַזעלכע קינדער, קוים וואָס זיי האָבן געקענט גיין און רעדן, האָט מען שוין חתונה געמאַכט. אַז די געפּלאַנטע חתונה שרהס האָט זיך נישט איינגעגעבן אַ דאַנק איר עקשנות און אויסגעהאַלטנקייט, נוצן די מחותנים כאָטש אויס די חתונה-הוצאות און מאַכן חתונה שרהס עלף-יעריקן ברודערל, דודן מיט יאַנקלס ניין-יעריק שוועסטערל, לאהן.

נישט געקוקט אויף ווינציקע איינצלנע הטאים בנוגע יידישע מנהגים און עטנאגראַפיע, וועלכע מ'טרעפט אָן אין „לייב און שרה", מוז מען מודה זיין, אַז ניעמצעוויטש האָט זיך גענוי צוגעקוקט צום יידישן לעבן און זיך באַמיט עס צו פאַרשטיין. מען שטויסט זיך ביי אים אָן אויף וויניקער אַזעל-כע באַשרייבונגס-דיסאָנאַנסן ווי ביי די שפּעטערדיקע פּוילישע שרייבער, מיצקיעוויטש, סלאָוואַצקי, קאָרזשעניאָווסקי, קראַ-שעווסקי, באַלוצקי און אַפילו אָרזשעשקאָ.

ביי ניעמצעוויטשן זעט מען שוין דאַמאָלס, — ווי אַ סך שפּעטער ביי מענדעלע מוכר ספרים, — ווי מיטן אַנטשטייען פון דער השכלה, און נאָכן אַראָפּוואַרפן פון זיך די רעליגיעזע פּענטעס, הויבט זיך אָן אין יידישן לעבן אַ קלאַסן-דיפערענ-צירונג. דער המון-קליאַטשע הויבט זיך אָן צו באַטייען, נעמט זיך באַפרייען פון זיינע פאַרשידענע אַפּיטרופּסים און פון דער איינהייטלעכער כנסת-ישראל הויבן זיך אָן אויסשיילן פּראָטעס-טירנדיקע.

„פון אלע גייסטיקע קרענק זענען אַמגעפערלעכסטן: פאַנאַטיזם און זאַבאָבאָנעס. דאָס עקשנות פון פאָרורטיילן שטויסט אָפּ די אויפקלערונג, איז נישט לאָגיש, זוכט תּירוצים קעגן די פּשוטסטע אמתן, טאָלערירט נישט עמעצנס איבערצייגונג, נאָר קלאַמערט זיך אין זיין אייגענער. אָט דער דאָזיקער פאַנאַטיזם איז אַ פּועל-יוצא פון דער ראַביניסטישער תּורה, וואָס איז זייער גינסטיק פאַר די פּני, זייער שעדלעך אָבער פאַרן כּלל. די כּלי-קודש האָבן פאַרוואָרפן אַ נעץ איבער די אויגן פון פאָלק, כּדי עס זאָל נישט זען, ווי עס ווערט דורך זיי אויסגענוצט, אָפּגענאַרט און באַגזלט". אַזוי שרייבט דעם משׂכּילס אברהמס טאָכטער צו איר פריינדין שׂרה. לייב אָבער דראָט שוין די תּקיפים: „איר האַלט דאָס פאָלק אין אַ גרעסערער אונטערדריקונג און שעדלעכערן יאָך ווי די פּרעהס. איר האָט אָבער שוין איבערגעכאַפּט די מאָס. דאָס פאָלק דערוואַכט און זעט, אַז די טרייבפעדערן פון אַלע אייערע טאַטן זענען נישט די אינטערעסן פון גלויבן, נאָר אייערע אייגענע קעשענע-אינטערעסן. פאַרכאַפּנדיק אין אייערע הענט די פאַרשידענע קהלשע הכנסה-קוואַלן, ווי די קאָראָבקע, רעקרוטן-געלט א. א. שאַנעוועט איר אייך גופא, באַרייכערט זיך, שטעלט אויף פאַר זיך גרויסע הייזער, בעת דאָס פאָלק, אומרחמנותדיק צעקוועטשט דורך אייער גזלה, שטאַרבט פון הונגער".

אמתע רעוואָלוציאָנערע ווערטער פאַר יענער צייט.

און די מאָס האָט זיך טאַקע אָנגעהויבן איבערפילן, וואָרום אויך דער בעל-עגלה חיים מאַכט אַ פראָנדע קעגן קהל, בונטעוועט זיך און שרייט פון פאַרצווייפלונג: „כ'בין אַן אָרעמער, נישט געלערנטער ייד, מיט שווייס דערנער איך מיין ווייב און פינף קינדער. מיין געזונטער שׂכל זאָגט מיר אָבער, אַז נאָכן אָפּצאָלן אַ טייל פון מיין בלוטיק פאַרדינטן לוין פאַר דער מלוכה און בית-הכנסת, ברויכט די רעשט צו זיין מיינע. אַזוי וואָלט געגלויבט יעדער מענטש פון אונזער וועלט; אָבער מיר יידן ווערן נישט באַעוולהט און אונטערדריקט דורך עפעס אַ מאָנאַרך, נאָר דורך אונז גופא, דורך אונזערע כּלי-קודש.

די כסדרדיקע שינדערייען דערפירן מיך צו פאַרצווייפלונג; טיילמאָל באַפאַלן מיך זינדיקע געדאַנקען, אַז מיר אָרימע יידן זענען בלויז אַ שפּילצייג אין די הענט פון די תקיפים און גבירים, אַז זיי האַלטן אונז עקסטרע אין פינסטערניש און פאַנאַטיזם, כּדי מיר זאָלן זיי אונטער דער מאַסקע פון רעליגיעזע ענינים בלינד פאָלגן אין אַלץ און קיינמאָל נישט דערזען, אַז אייגנטלעך איז די אמונה ביי אונזערע פּני בלויז אַ הייטל, אַ מיטל צו דערגרייכן זייערע אמתע צילן,—באַרייכערן זיך אויפן חשבון פון דער פינסטערער מאַסע.

אונזערע פּני און זייערע חברות האַלטן רק אין איין טראַכטן ווי אַרום צו שינדן די הויט פון אונז: מ׳נעמט כּסדר אָפּצאָלן, איינמאָל אויף קאָראָבקע, אַן אַנדערמאָל אויף קויפן ספרים, אַ דריט מאָל פאַר רעקרוטן, און אויף דעם אַלעם מוז איך קבצן צאָלן אַזויפיל ווי יעדער גביר. די גרעסטע פּרעניותן זענען די גזרות פון תעניתים. ווען עס פאַלט נאָר איין אין קאָפּ אונזערע כּלי-קודש, זענען זיי גוזר תענית און מ׳הייסט איינצאָלן אין דער קהלשער קאַסע די חיונה-קאָסטן פון דער גאַנצער פאַמיליע פאַר דריי טעג. כ׳ווייס נישט, ווי די גבירים פירן זיך אויף בעת אַזעלכע תעניתים; איך אָרימאַן, כאָטש כ׳וואָלט נישט וועלן, טאָ מוז איך פאַסטן, וואָרים אַוועקגעבנדיק פאַר די כּלי-קודש דאָס געלט פאַר דריי טעג עסנוואַרג, האָב איך ממילא נישט פאַרוואָס צו קויפן אַ שטיקל ברויט, אַזוי אַז איך, מיין ווייב רבקה, מיין דודל, ראובלע, חיימל, חייקע און שרה מאַטערן זיך און טריקענען. און פאַר וועמען? צי פאַרלאַנגט עס די רעליגיע אָדער משה רבינו? ניין. מ׳מאַכט עס נאָר דערפאַר, כּדי ר׳ משה אָדער שלמה זאָלן האָבן צו שמירן דאָרט וואו מ׳ברויכט איבערצוקויפן עמעצן, כּדי צו קענען נעמען אַרענדעס פון קאָראָבקע, ליכטציערייַ א. אַ. כ׳זאָג נישט זינדיקן מיט די רייד, נאָר כ׳וויל אָבער דאָך נישט זיין קיין קרבן פון אונזערע חברות, כ׳וויל נישט, אַז איך, מיין ווייב און אונזערע קינדער זאָלן אַרומגיין אין שמאַטעס, זאָלן שטאַרבן פון הונגער צוליב דעם נאָר, אַז אונזערע פּני זאָלן טראָגן ביבערנע קאָל-

פּאַקעס, טרינקען כּשרן ווײַן און בויען זיך הילצערנע הײַזער".

אַ זעלטענע קענטניש פון די יידישע פאַרהעלטנישן און גאָלדענע ווערטער בײַ אַ קריסטלעכן שריפטשטעלער.

אין „לייב און שרה" אַלס השכלה־ראָמאַן ווערט אויך עטלעכע מאָל באַרירט די פראַגע מכח יידיש, און די באַציונג איז, ווי ס'איז זיך לייכט משער צו זײַן, אַ שטאַרק נעגאַטיווע, ריין־משכּילישע.

שרה, שרײַבנדיק צו איר לייבן וועגן אירע אינטימע איבערלעבונגען, איז נתפּעל מיט אירע קענטנישן פון פּויליש, וואָרום „וואָס וואָלט איך דען געקענט אויסדריקן אין דעם צעקאָלעטשעטן דײַטש, געשריבן מיט העברעישע אותיות, וועלכן מיר רופן אָן יידישע שפּראַך. נישט אברהם, יצחק און יעקב, נישט משה רבינו האָבן אויף דער דערדאָזיקער שפּראַך נישט גערעדט. די מוטער־שפּראַך פון יעדן מענטשן איז די שפּראַך פונם לאַנד, אין וועלכן ער איז געבוירן: מיר זענען געבוירן געוואָרן אין פּוילן, דעריבער איז די פּוילישע שפּראַך אונזער מוטער־שפּראַך; לאָמיר אין דער דאָזיקער שפּראַך שרײַבן, אויף איר — רעדן".

אויך דער אַלטער אברהם מיינט, אַז „אויב יידן האָבן פאַרגעסן לשון קודש, איז דאָך דאָס נאַטירלעכסטע, אַז מ'זאָל באַנוצן די שפּראַך פון פאָלק, צווישן וועלכן מ'איז געבוירן און וועלכעס האָט זיי צוגעטוליעט מיט זעקסהונדערט יאָר צוריק אין די צײַטן פון רדיפות, אָנשטאָט צו געברויכן די קאָלעדיקע, צעקאַלעטשעטע פרעמדע שפּראַך".

אין די דאָזיקע זאַצן הערט זיך שוין צו שאַרף די משכּילישע תורה פון מענדלסאָנס חדר.

אונטער דער השפּעה פון דער גרויסער פראַנצויזישער עוואָלוציע און איר דעקלאַראַציע פון מענטשן־רעכט געפינט זען אויך אין „לייב און שרה" אינטערעסאַנטע שטעלן מכח ידישער גלײַכבאַרעכטונג און פּאַטריאָטיזם פון פּויליש דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט.

דער נאַפּאָלעאָנישער סנהדרין האָט אַלס יידישן אני־מאמין רעקלאַרירט: „מיר דאַרפן באַטראַכטן דאָס לאַנד, אין וועלכן מיר וווינען, ווי אונזער פאָטערלאַנד, ס'איז אונזער חוב עס צו פאַרטיידיקן, מיטווירקן צו זיין אַנטוויקלונג, היטן זיך פון פוילקייט, זיך באַשעפטיקן מיט לאַנדווירטשאַפט, רייסן זיך מיט חתמדה און ערנסטקייט צו אַלע פאַכן און מלאכות, וואָרום די ציווילע און פּאָליטישע רעכט פון דער רעגירונג אונטער וועלכער יידן לעבן, זענען פאַר זיי שטרענג פאַרפליכטנד". אויף אָט דעם סמך זעט שוין דער משכיל אברהם אין „לייב און שרה" חזיונות, ווען „אָנשטאָט דער אָרימער, פינסטערער מאַסע, וועלכע פאַרפינסטערט אונזערע שטעט און שטעטלעך, וועט ער זען בירגער אַרבעטסזאַמע, פרייע, וועלכע אונטערשיידן זיך נישט פון אַנדערע לאַנד־איינוווינער נישט מיט דער קליידונג, נישט מיט דער שפּראַך און נישט מיט מנהגים".

און זיין טאָכטער רחל זאָגט עס נאָך דייטלעכער, אַז זי איז „נישט אין דער מיינונג פון אירע גלויבנס־ברודער, וועלכע באַטראַכטן זיך בלויז פאַר דורכוואַנדערער אין אַ לאַנד, וואָס האָט זיי אַזויפיל יאָרהונדערטן געגעבן גאַסטפריינטשאַפט און אַ היים, וואָס באַטראַכטן זיך פאַר פרעמדע אויף דער ערד, אויף וועלכער אַזויפיל דורות האָבן געלעבט און באַגראָבן זייערע ביינער, אויף וועלכער זיי גופא און זייערע קינדער וועלן לעבן און האָרעווען. אַזאַ ערד קען איך נישט אָנרופן אַ פרעמדע, אדרבא איך רוף זיי אָן אַלס מיינע און איר גורל, אירע דערפאָלגן און מפּלות, וועלן מיך אינטערעסירן ווי מיינע אייגענע". איר פריינדין שרה איז דערמיט מסכים, באַקלאָגנדיק זיך נאָך אויף די שוואַרצע כחות אין יידישן לעבן, וואָס „בשעת אַלע אייראָפּעאישע רעגירונגען און אונזערע באַזונדערס,— נישט אָפּשוואַכנדיק לגמרי אונזערע עיקרדיקע גלויבנס־דאָגמעס,— באַמיען זיך צו דערנענטערן אונז צו זיך דורך ציוויל־געזעצן, טאָ באַמיט מען זיך ביי אונז ווי נאָך קיינמאָל נישט צו פאַר־שפּרייטן וואָס מער רביניסטישע חיבורים, וואָס אַנטהאַלטן אָן אַ שיעור שעדלעכע זאַבאָבאָנעס, דערקלערט מען ביי אונז

קריג די יעניקע, וואָס ווילן אָראָפּרייסן פון אונז דאָס הייטל פון בלינדקייט און אַרויספּירן אונז אויפן ריכטיקן וועג".

ווי שטאַרק דערמאַנען די דאָזיקע דיבורים רי"בלס שפּע־טערדיקן קאַמף פאַר בילדונג מיטן כוח פון רוסישן צאַר.

אין חספם מיט די משכּילים, האָט ניעמצעוויטש געמיינט, אַז די פראַגע פון יידישער גלייכבאַרעכטונג, סיי פּאָליטישער סיי עקאָנאָמישער, איז אַן ענין פון יידן גופא, אָפּהענגיק פון זייער ווילן, אָפּצוטרייסלען פון זיך די מיטלאַלטערלעכע מנהגים און צופּאַסן זיך צו די מאָדערנערע לעבנס-פאָרמען, וואָס באַ־שטייען בעיקר אין אָנטון זיך אין אייראָפּעישע קליידער און לערנען זיך די לאַנד-שפּראַך. אַז די דאָזיקע אָנשויאונג איז געווען גרונט-פאַלש, ווייסן מיר ביי היינטיקן טאָג שוין צו גוט; מער ווי הונדערט יאָר שפּעטער, נישט געקוקט דערויף, וואָס דער רוב יידן אין פוילן טראָגט שוין אייראָפּעישע קליי־דונג און באַזיצט די פוילישע שפּראַך, אַפילו ביי אַ ווייט פאַר־געשריטענער פריידנקעריי, האָט זיך די יידן-פראַגע ווייניק נערירט פון טויטן פונקט.

דאָס כאַראַקטעריסטישע פאַר ניעמצעוויטשס „לייב און שרה" איז דאָס, וואָס אין אַ צייט ווען אין דער יידישער שיינער ליטעראַטור איז נאָך נישט געווען קיין שפּור פון דער השכלה-באַוועגונג און אירע שטרייטן, האָט די דאָזיקע גייסטיקע אויפלעבונג שוין געפינען איר אָפּשפּיגלונג אין דער פּוילישער ליטעראַטור און איר שילדערער איז געווען דער סאַמע חשובער שרייבער פון יענער צייט. ערשט אַ היפּש ביסל שפּעטער האָט די דאָזיקע אינטערעסאַנטע עפּאָכע געפינען אירע שילדערער אין דער יידישער ליטעראַטור, אין די ווערק פון אַקסנפעלד, עטינגער א. אַנד.

אינטערעסאַנט אויך, אַז פיל, פיל ניעמצעוויטשס בליקן אויף איינצלנע פונקטן אין דער יידן-פראַגע אין פוילן טרעפט מען אָן ביי אַ סך שפּעטערדיקע פוילישע שריפטשטעלער און אַז ניעמצעוויטשס העלדן זענען אין אַ געוויסער מאָס, ווי מיר וועלן עס שפּעטער זען, געוואָרן פּראָטאָטיפּן פאַר פיל

פוילישע ווערק וועגן יידן. אזוי למשל איז לייב דער פּראָטאָ־טיפּ פון אָרזשעשקאס מאיר יוזעפאוויטש, דער אַלטער אברהם איז דער אורמוסטער פון סעניאָר מיכאל יוזעפאָוויטש. פאַראַן אפילו אין „לייב און שרה" אַן אָרימער קאַראַים.

ניעמצעוויטשעס אופן צו פאַרטיידיקן יידן האָט אויך איבערגענומען ארזשעשקא אין איר שריפט „וועגן יידן און דער יידן־פראַגע", ווען זי באַווייזט, אַז פון די חסרונות, וואָס מ׳וואַרפט פאָר דעם יידישן כּלל, זענען אויך קריסטן נישט פריי. אין ערגעץ וויל מען נישט אַרבעטן אויב מ׳מוז נישט, צי מ׳איז רייך אָדער אָרעם; אומעטום וויל יעדער לעבן וואָס בעסער, וואָס באַקוועמער, — און ער ברענגט ביישפּילן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, אַז עס איז נוגע די אַריסטאָקראַטיע ווי די שליאַכטע, פויערים ווי באַאַמטע, בעל־מלאכות ווי גע־זעלן, אַרבעטער ווי פּאַראָבקעס. אַפילו בנוגע נאַציאָנאַלע אינ־טערעסן און פוילישקייט זינדיקן נישט בלויז יידן, נאָר אפילו די העכסטע פוילישע ספערן, וואָס דער גורל פון לאַנד, זיין אינטעלעקטועלע און עקאָנאָמישע אַנטוויקלונג אינטערעסירט זיי פיל ווייניקער ווי מאַנכע יידן. ווערט טאַקע שרה, — ווי מיר וועלן עס אויך ווייטער אָנטרעפן ביי די יידישקעס פון וויס־פּיאַנסקי און מיטשינסקי, — די פאַרשפּרייטערין פון פוילישער קולטור, זי לערנט פויליש די גרעפין אַמאַליע; אברהם און לייב ווידער זענען די גרינדער פון פוילישע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען.

4

# ראָמאַנטיזם.

מיט נאַפּאָלעאָן-באָנאַפּאַרטעס נצחון-מאַרש איבער דער גאַרער וועלט האָט אויך אין פּוילן דערוואַכט אַ האָפנונג אויף אַ נאָענטער באַפרייונג. די עמפינדלעכערע עלעמענטן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אָן נאַפּאָלעאָנען און די פּוילישע לעגיאָנען זענען געוואָרן דער אוואַנגאַרד פון נאַפּאָלעאָנס חילות. די דאָזיקע האָפנונגען האָבן אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. צוזאַמען מיט נאַפּאָלעאָנס מפּלות פאַרלירט דערווייל ענדגילטיק אויך פּוילן איר זעלבסטשטענדיקייט און ווערט צעריסן דורך אירע דריי שכנים: רוסלאַנד, פּרייסן און עסטרייך. אַ פאַרצווייפלונג כאַפּט אַרום דאָס גאַנצע אַרומיקע לעבן און אַלס רעאַקציע קעגן די פריערדיקע גרויסע חלומות און איצטיקער אָפּהענטיקייט, צעבליט זיך אין פּוילן גאָר שטאַרק דער ראָמאַנטיזם.

אויב אין מערב-אייראָפּע האָט די דאָזיקע ראָמאַנטיש-ליטעראַרישע ריכטונג געהאַט איר שורש אין מעטערניכס שוואַרץ-קאַבינעטישער רעאַקציאָנערער פּאָליטיק און איז געווען אַ פּראָטעסט קעגן איר, זענען אין פּוילן געווען טאָפּלטע סיבות צו איר אַנטשטיין: סיי אַלגעמיין אייראָפּעיִשע, און נאָך מער ספּעציפישע שטאַרק נאַציאָנאַלע, בעת דאָס לאַנד איז געטרעטן געוואָרן מיט די סאָלדאַטסקע שטיוול פון פרעמדע אָקופּאַנטן. דאָס וואָס האָט אויפגעהערט צו זיין ווירקלעכקייט איז אין

פוילן, אין אַ שטאַרקערער מאָס ווי אַנדערשוואו געוואָרן אַן אידייע, וואָס האָט באַפליגלט די פאַנטאַזיע פון פוילנס דריי גרעסטע דיכטער: מיצקיעוויטשן, סלאָוואַצקין און קראַשינסקין.

אין גרעסטן ווערק פון יענעם פּעריאָד, איז דער שעני-סטער ביזן היינטיקן טאָג פוילישער עפּאָפּייע, אין דעם מיצ-קעוויטשס „פּאַן טאַדעוש", וואו עס זענען אויסגעדריקט די שטאַרקסטע פוילישע חלומות און האָפענונגען פון דער נאַפּאָלעאָן עפּאָכע, אין יענער שליאַכטעצקער כראָניק פון דערשטיקטן פוילן, פעלט אויך נישט דער פוילישער ייד. ווי באַוווּסט נעמט אַרום דער „פּאַן טאַדעוש", לויטן אַלגעמיין אָנגענומענעם כלל, דאָס גאַנצע פוילישע נאַציאָנאַלע לעבן פון דער נאַפּאָלעאָן-צייט און שילדערט אין אַ קאָנצענטרירטער פאָרם דאָס שענסטע וואָס פוילן האָט פאַרמאָגט. נאָר כאָטש עס פעלט דאָרט דער אַרבעטס-מענטש און עס ווערט אַזויפיל פּלאַץ אָפּגעגעבן דער פוסטער, צעבאַלעוועטער שליאַכטע, וועלכע האָט געהאַט די העגעמאָניע איבערן פאָלק, — פאַרנעמט אין דער דאָזיקער רייכער עטנאָ-גראַפישער גאַלעריי דער אַרענדאַר יאַנקל אַ גאָר חשובן אָרט אין די דערהויבנסטע מאָמענטן פון דער אַרומיקער פוי-לישער סביבה און איז אַ וויכטיק רעדל אין דעם באַפרייאונגס-אַפּאַראַט.

מיצקיעוויטש'ס יאנקל איז לגמרי נישט ענלעך צו קראַ-שיצקיס קרעטשמער, וועלכער זאָל דאָך מכלומרשט שטאַמען פון דער זעלבער צייט לפי-ערך, אָדער צו די שפּעטערדיקע אַרענדאַרן פון יונאָשאַן און ריימאָנטן, וואָס זענען אָפּנאַנער און אויסנוצער פון פּריצישער לייכטזיניקייט און פויערשער טעמפּקייט. להיפוך, יאנקל איז אַ מוסטער פון ערלעכקייט, איבערגעבנקייט און ווייזט אַרויס אַ טיף פּאַטעטישע נשמה, וואָס איז עמפּינדלעך צו די ליידן פון לאַנד און מענטשן, צווישן וועלכע ער לעבט.

ער אָרדנט איין פאָלקס-קאָנצערטן אין זיין קרעטשמע, פאַרשפּרייט פּאַטריאָטישע לידער צווישן המון, איז דער ערשטער אָנזאָגער, בשורה-ברענגער פון נייע צייטן, פון נייע האָפענונגען, יינגע פרייהייטן. יאנקל צעטראָגט דער ערשטער דעם שפּעטער

אזוי באַרימט געוואָרענעם נאַציאָנאַלן הימן פון די פאַרוואָגלטע לעגיאָנען, די מאַזורקע: „נאָך איז פוילן נישט פאַרלוירן". יאנקלס נשמה-יתירהדיקע איבערלעבונגען הויבן אים אויף איבער דער וואָכעדיקער, קלאָגעדיקער ווירקלעכקייט און מאַכן אויס אים דעם צימבאַל-קינסטלער, וואָס שפּילט אויס אין קלאנגען אויף די אָרעמע צימבאַל-סטרונעס פוילנס פרייד און לייד, פוילנס דערהויבונג און פאַלן, פולבלוטיקייט און אָפּגאַנג. ער זאָגט זיך קיינמאָל נישט אָפּ פון בטחון, פון אייביק-יידישלעכן אָפּטימיזם, אַז דאָס שלעכטע איז בלויז צייטווייליק, אַז עס מוז פאַרביי און דאָס יושרדיקע, דאָס גוטע וועט זיגן.

מיצקיעוויטש'ס שילדערונג פון יאנקלס קאָנצערט איז אַ שעדעווער אין דער פוילישער ליטעראַטור און פּאָעזיע. דורך זיינע טענער שווימען פאַרביי דער פוילישער סיים, די פּראַגער שחיטה, די הונגעריקע, אָפּגעריסענע זעלנער פון די ליידנדיקע, קע־פּנדיקע לעגיאָנען, אונטער וועלכע די פערד פאַלן און ענדלעך די האָפענונג אויפן נייעם משיח-נאַפּאָלעאָן און זיין פאַרטרעטער, גענעראַל דאָמבראָווסקי. יאנקל צעוויינט זיך אַזש פון פרייד, ווען ער דערזעט פאַר זיך דעם לעבעדיקן גענעראַל דאָמבראָווסקי און שעפּטשעט צו אים תּפילהדיק: ...„גענעראַל! אונזער ליטע וואַרט שוין לאַנג אויף דיר, אַזוי ווי יידן אויף משיחן. לעב און קעמף!..."

מיצקיעוויטש זאָגט אויף יאנקלען, וועלכער איז ווי יעדע פיגור אין זיין עפּאָפּייע אַ טיפּ, אַ רעפּרעזענטאַנט פון אַ שיכט אָדער קלאַס, אַז ער האָט „זיין פאָטערלאַנד געליבט ווי אַ פּאָליאַק!" און יאנקלס פּאַטריאָטיזם איז נישט געווען קיין פּלאַטאָנישער, אויסגעדריקט זיך בלויז אין געפילן. צוזאַמען מיט גלח ראָבאַק דערפילט ער אַ וויכטיקע מיסיע: זיי שפּילן אַ חשובע ראָל אין דער סטראַטעגיע פון די אַרמייען, זיי זענען וויכטיקע שרייפּלעך אין דער פאָלקס-באַוועגונג. דער אונטערשייד צווישן ראָבאַקן און יאנקלען איז בלויז אפשר דער, וואָס ראָבאַק באַקומט שכר פאַר זיין מי, געפינט אַ מחילה פאַר באַגאַנגענע חטאים און אַ קרייץ פון דער ערן-לעגיע, בעת

יאנקל טוט באַשיידן דאָס, וואָס דאָס געוויסן און פּאָטערלאַנד-
ליבע הייסט אים, נישט דערוואַרטנדיק פון קיינעם קיין שום
באַלוינונג. אַחוץ דער סכּנה וואָס עס דראָט אים מצד די רוסן,
ליידט ער נאָך פונם חשד מצד די פּאָליאַקן, אַז ער טוט עס
נישט מן הסתם אָן זייטיקע מחשבות, אָן מאַטעריעלן נוצן, אָדער
אפשר גאָר מיט פאַרראַט-מחשבות.

אין זיין יוגנטלעכער פריידענקערישקייט האָט מיצקיעוויטש,
איראָניזירנדיק איבער דעם קלער, פאַרגליכן אַ רב צו אַ פּאַראַ-
זיטישער כּלוי. אין „פּאַן טאַדעוש" דערציילט זיך אַפילו, אַז
זאָשיע האָט געוויינט, „ווי אַ קינד וואָס ווערט דורך יידן
געשטאָכן מיט נאָדלען" און אין די „ביכער פון פּוילישער
עולה-רגלשאַפט" („קסיענגי פּיעלגרזימסטוואַ נאַראָדו פּאָלס-
קיעגאָ") מאַכט מיצקיעוויטש זייער נישט געלונגענע פאַרגלייכן
בנוגע יידן. ס'איז אָבער שווער צו גלויבן, אַז דער מחבר פון
יאנקלען זאָל האָבן די איבערציייגונג, אַז זיין העלדס אמונה-
ברידער באַנוצן קריסטלעך בלוט.—די דאָזיקע שטעל קען מען
גיכער דערקלערן מיטן פּאָעטס שטרעבן צו געבן אַ וואָס פולער
בילד פון שליאַכטעקישע אָנשויאונגען און געדאַנקען-גענג. אין
אַן אַנדערער שטעל פון זיינע שריפטן געפינט מען דעם פּאַטאָס-
אויסרוף: „ישראלן, אַלס עלטערן ברודער, ערע, ברודערשאַפט,
הילף אויפן וועג צו זיין אייביקן גוטס, גלייכקייט אים אויף
אַלע געביטן!"

בכלל איז בנוגע מיצקיעוויטשן גילטיק דער אַלגעמיינער
כּלל, אַז אין זיינע קינסטלערישע שאַפונגען, ווען דער פּאָעט
שאַפט אונטערן דראַנג פון געפילס-איבערלעבונגען און קינסט-
לערישער אינטואיציע איז ער נאַטירלעכער, אמתדיקער און
אויפריכטיקער, ווי דאַמאָלס ווען ער שאַפט מיט שכל אָדער
אונטער עמעצנס איינפלוס. די לעצטע דערמאנטע שאַפונגען
זענען ביי מיצקיעוויטשן געקומען אונטער דער השפּעה פון
אומקאָנטראָלירבאַרע מיסטישע חזיונות מיט סימבאָלישע צייכנס,
ווען ער איז געווען אינגאַנצן אונטערן איינפלוס פון טאָוויאַניזם.

יידישע טיפּן געפינט מען אויך ביים צווייטן פוילישן ראָמאַנטיקער, יוליוש סלאָוואַצקי.

אין אַ בריוו צו זיין מוטער דריקט סלאָוואַצקי אויס זיין אַנטציקונג מיט מיצקיעוויטשס יאנקל פון „פּאַן טאַדעוש", כאָטש די יידן אין זיינע שאַפונגען דערגרייכן ווייט נישט יענע הויך, וואָס מיצקיעוויטשס יאנקל. ביי סלאָוואַצקין איז דער יידישער עלעמענט, אייגנטלעך ביבלישער, אַ גענוג שטאַרקער. משה פאַרנעמט, נעבן קריסטוסן, אַ גרויס אָרט אין סלאָוואַצקיס שאַפן.

אַלס דעמאָקראַט און רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט זיך צוליב זיינע אידעאַליסטישע איבערצייגונגען געמוזט צעקריגן מיט זיין פריינט און חבר, דעם דריטן שטערן אין דער פוילישער ראָמאַנטישער פּאָעזיע, זיגמונט קראַשינסקי, האָט סלאָוואַצקי זעלבסטפאַרשטענדלעך נישט געקענט טראָגן קיין שנאה צו יידן. דער דעמאָקראַט אין סלאָוואַצקיס „אנהעלי", וואָס וויל באַפרייען די פויערים, צעטיילן צווישן זיי די ערד, וויל דעריבער אויך אויסגלייכן יידן מיט דער שליאַכטע.

אין מאַנכע פון זיינע ווערק ווייזט סלאָוואַצקי אָן אויף דער אומזיניקער באַציונג און אכזריותדיקער ווילקיר, וואָס הערשט מצד דער פוילישער געזעלשאַפט בנוגע יידן. אין צווייטן טייל „בעניאָווסקי", אין וויכטיקן מאָמענט פון היסטאָרישע געשעענישן, באַראַט זיך די שליאַכטע וועגן הענגען דעם יידישן פעלדשער, בכן ער האָט נישט באַמערקט אַ שטיקל שפּיז, וואָס איז געבליבן שטעקן בעתן שלאַכט אין קאָמאַנדירס זייט... אין דעם „גאָלדענעם שיידל" („זלאָטאַ טשאַשקאַ") דראָען די בגלופנדיקע פוילישע סטודענטן דעם קרעטשמער יאנקל מיט אונטערצונדן זיין קרעטשמע, בכן די קרעטשמע האָט געקרייציקט קריסטוסן. יאַנקל מוז ערשט טענהן, אַז ווער-וואָר, נאָר די קרעטשמע האָט עס באַשטימט נישט געקענט טון... אין „גלח מאַרעק" („קסיאָנדז מאַרעק") באַרימט זיך דער שליאַכטשיץ קאָסאַקאָווסקי, אַז ביי אים הענגען אַ יידן איז אַזוי לייכט, ווי אַ צי-טון ביי אַ פאה.

נישט געקוקט אָבער אויף אַזאַ אומווירדיקע באַציונג צו

זיי, שטייען צו דאָך די יידן ביי סלאָוואַצקין געטריי צו דער פוילישער זאַך, ווייזן אַרויס מיטהילף און מיטגעפיל צום פוילישן מאַרטירערטום. אין סלאָוואַצקיס „שמועסן מיט דער נאָנע מאַקרינע" („ראָזמאָווי ז מאַטקאָן מאַקרינאַן") ליידן יידן און יידישקעס, צוקוקנדיק זיך צו די עניים און פיין פון די פוילישע מאַרטירער, און געבן זיי הילף.

יאַנקל פון „גאָלדענעם שיידל" דערלויבט זיך אַ דעה צו זאָגן אין פוילישע מלוכה־פראַגן. לויט אים האָבן די אַלע פאַר־שידענע קאָנפעדעראַציעס פאַר אַ ציל — בלויז קלאַסן־ און קאַסטן־אינטערעסן, ווי ס'איז לרוב טאַקע געווען. די אַוואַנטו־ריסטישע קאָנפעדעראַטן ווילן בלויז: „הענגען, שטעכן, מאָרדע־ווען!" יאַנקל זעט נישט איין, „צו וואָס מ'דאַרף אַ קעניג, אויב מ'האָט זיך אָן אים אויך געקענט באַגיין..."

און שוין אַ גאָר חשובן אָרט פאַרנעמט די יידישקע אין „גלח מאַרעק".

פוילנס זעלבסטשטענדיקייט איז ערב־גסיסה. דער קעניג איז אַ שפילכל אין יעקאַטערינאַס הענט און אַלס פראָנדע אַנט־שטייט די באַרער קאָנפעדעראַציע, וועלכע וויל מכלומרשט ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך נאָך און אין נאָמען פון אמונה און פאָטערלאַנד אויפבויען אַ ניי גערעכט פוילן. גאָר גיך רייסט זיך אָבער אויך דאָרט אַריין דער פערמענט פון פאַרסמטן אַרום; עס אַנטשטייט קארופציע, גנבה, גזלה און אפהענטיקייט. די סביבה ווערט אַזוי ווייט פאַרדאָרבן, אַז אַלס פירער קען ווערן קלעמענס קאָסאַקאָווסקי, דער שיכּור, פאַרגוואַלטיקער, רויבער, וואָס זיינע מעלות זענען: אומדערשראָקנקייט, חוצפה און גבורה, אין וועלכע מ'נויטיקט זיך איצטער.

און ווען אָט איינע פון די וויכטיקסטע קאָנפעדעראַציעס, די באַרער, האַלט ביים צעפאַלן, ווען אַרום הערשן קליינע מענטשעלעך מיט נאָך קלענערע השגות, ווען פריוואַטע עגאָאיס־טישע אינטערעסן באַהערשן די סביבה, דערשיינט ווי אַ גיגאַנט דער גייסטיקער ריז, גלח מאַרעק, מיט זיין אומדערשיטערלעכן גלויבן אין דער יושרדיקער זאַך, אין אמת און גערעכטיקייט

זיין מיטהעלפערין אָבער, וועלכע וועקט בטחון און באַווייזט וווּנדער פון פיזישער און גייסטיקער קראַפט, איז דעם רבס טאָכטער, יהודית.

יודיטאַ איז איבערגעגעבן דער פוילישער באַפרייאונגס-באַוועגונג. זי שענקט אַוועק פאַר דער זאַך דאָס צירונג פון שטוב; זי רייסט זיך אין שלאַכט, שענקט גלויבן, וועקט מוט. ווען דער דעגענעריראטער שליאַכטשיץ אָבער, דער פירער, באַ-ראַבעוועט איר פאָטער, דעם רב, ביז אַ גראָשן, לאָזט אים הענגען פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט, שלאָגט און שענדעט יודיטאַן, איז קיין וואונדער, ווען עס באַפאַלט איר אַ מאָמענט פון שוואַכ-קייט, זי הערט אויף צו גלויבן אין די באַפרייאונגס-אידעאַלן פון דער קאָנפעדעראַציע און אין אירע אָנפירער, און מחמת נקמה פאַר די עוולות, וואָס זי ליידט פאַר נישט באַגאַנגענע חטאים, איז זי נישט בעסער פון סאַמע קעניג, וואָס האָט אַריינגעפירט רוסיש מיליטער אין לאַנד, און אירע פאַרטונקלטע מחשבות ברענגען דאָס פרעמדע מיליטער, צוזאַמען מיט די פוילישע קאָנפעדעראַציע-קעגנער, אין שטאָט אַריין. דאָס איז דאָך אַזוי מענטשלעך און נאַטירלעך.

באַלד קומט אָבער די חרטה און תשובה.

קוים דערזעט זי וואָס ס'איז געשען, אַז דער שונא איז אין שטוב און הויבט אָן פייניקן מענטשן פון דער קאָנפעדע-ראַצקער סביבה,—דערוואַכט אין איר תיכף די פוילישע יידישקע, וואָס איז גרייט זיך מקריב צו זיין פאַר איר געבורטס-לאַנד. יהודיתן ווערט פאַרגעבן איר אויגנבליקלעכער טעות אין מאָמענט פון פיין און געדאַנקען-פאַרטונקלונג. דער העלד פון דער דראַמע, גלח מאַרעק, איז איר מוחל איר פאַרברעכן און בענטשט זי, אַז זי זאָל ווערן אַ נביאה ביי איר פאָלק, איינע פון די וואָס קלאָגן איבערן לאַנדס גורל, איינע פון די וואָס טיילן זיך מיט די ליידן, וואָס טראָגן אָבער אויך טרייסט, גלויבן אין ברודער-שאַפט, אַזוי לאַנג ביז אַלדעס-ביייז וועט פון דער ערד פאַר-שווונדן.

יודיטאַ מיט איר דעמאָנישער קראַפט און נביאישער

העלזועפרישקייט טראָגט זיך טאַקע ווי אַ פּוריע איבער דעם געזעלשאַפטלעכן תהו-ובהו, ברענגענדיק מגפות אין לאַגער פון אָקופּאַנטישן מיליטער.

פאַרברענגענדיק דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן אין אויסלאַנד אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט, אָפּגעריסן פון דער היימישער סביבה, פון זיין פאָטערלאַנד, וואו יידן האָבן געבילדעט אַ גרויסן מיעוט, האָט סלאָוואַצקי אייגנטלעך דעם לעבעדיקן יידן ווייניק געקענט. זיין באַנעמען יידן איז טאַקע געווען אַ מער ביבלישע. דעריבער אויך, נישט געקוקט אויף זיין פּאָזיטיווער באַציונג צו יידן, קען מען סלאָוואַצקין נישט חושד זיין אין גאָר גרויסער יידן-קענטניש: טראָגן ביי אים, אַ לאַ נביאים, יידישע אבלים—זעק אויף זיך, אַש אויף די קעפּ און גייען באָרוויס; יידישע מתים ליגן אויף לייטערס און ווערן באַגראָבן ביינאַכט; אַ קריסט הייסט ביי אים: גוים; דעם קרעטשמערס יאַנקלס זון הייסט: יאַנקעלעק א. ד. גל.

בולט אַנטיסעמיטיש געשטימט איז שוין דערפאַר געווען פּוילנס דריטער דיכטער-שטערן פון דער ראָמאַנטישער ריכטונג, ז י ג מ ו נ ט ק ר אַ ש י נ ס ק י, דער עיקר אין זיין „א ו מ ג ע ט ל ע כ ע ר ק אָ מ ע ד י ע" („ניעבאָסקאַ קאָמעדיאַ")

געבוירן אַלס גראַף, דורכגעדרונגען מיט אדעליקע השגות, פּריוואַט-אייגנטום-געפילן און קלעריקאַל-קאַטוילישע אָנשויאונגען, לעבנדיק איז מערב-אייראָפּע, — וואו די יידישע עמאַנסיפּאַציע איז שוין געווען ווייט פאָרגעשריטן און יידישע פּערזענלעכקייטן האָבן פאַרנומען וויכטיקע אָנפירערישע ראָלן אין דער דאַמאָלסדיקער ראַדיקאַלער באַוועגונג, — האָט קראַשינסקי אין יידן דערזען דעם אַוואַנגאַרד פון רעוואָלוציאָנער-איבערקערערישע געדאַנקען און טאַטן. מיט אַן אויסערגעווייינלעכער, געניאַלער ממש, אינטואיציע האָט קראַשינסקי פאָרגעפילט צוקונפטיקע סאָציאַלע קאַמפן און ראַנגלענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ מיט אַזאַ שטאַרקן טעמפּ אין אונזערע טעג, און אַלס עקסטרעמער, באַגרענעצטער קאַטאָליק געזען אין יידן דעם פערמענט דערצו. דאָס יידנטום באַטראַכט ער נישט פון נאַציאָנאַלן שטאַנדפּונקט,

נאָר אַלס אַנטקעגנשטעלונג פון יידישן אוניווערסאַלן, אומגעבונ-
דענעם גייסט צום קריסטלעך-קאָנסערוואַטיוון.

די פאַרקערפּערונג פון יידנטום זעט קראַשינסקי אָבער
נישט בלויז אין יידן, נאָר אויך אין משומדים. זיינע קריסטלעכע
יידן גלויבן אייגנטלעך, טאַקע ווי אַלע משומדים, אין גאָרנישט.
זיי פאַרקויפן די בכורה פאַר אַ טאָפּ לינזן, פּאַסן זיך צו צו
די באַדינגונגען און אומשטענדן, טוישן די איבערצייגונגען
ווי הענטשקעס כּדי אויסצונוצן די עקאָנאָמישע קאָניונקטור, באַ-
רייכערן זיך אויפן חשבון פון יחיד ווי פון כּלל און אייגענער
מאָראַלישער געפאַלנקייט. אין דער „אומגעטלעכער קאָמעדיע״
קומט דאָס ערשטע מאָל צום אויסדרוק דער אומחן צו משומדים,
וועלכן מיר טרעפן שפּעטער אָן ביי אַ סך פּוילישע שרייבער,
אַלס שטאַרקע אַנטיפּאַטיע צו אַסימילאַטאָרן און נעאָפיטן.

5

## ערב אויפשטאַנד.

נאָך ניעמצעוויטשס יידישן ראָמאַן „לייב און שרה" איז ספּעציעל אַ יידישן ענין געווידמעט ערשט יוזעף קארזשע־ניאוואָסקיס קאָמעדיע „די יידן" („זשידזי").

קארזשעניאוואָסקיס שאַפונג געהערט צו יענעם מין ווערק אין דער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור, וואו דער מחבר, זועלנדיק קריטיקירן די אייגענע קריסטלעכע געזעלשאַפט, שטעלט איר אַנטקעגן די יידישע און באַווייזט, אַז די אַרומיקע קריסטלעכע וועלט האָט זיך גאָרנישט אַזוי שטאַרק איבערצו־נעמען מיט איר יחוס, נאָר להיפוך דאַרף זי נעמען אַ ביישפּיל פון די אויסגעלאַכטע, פאַראַכטעטע יידן, וואָס באַזיצן אייגנטלעך מער קריסטן־ליבע ווי די, וואָס שטאָלצירן אַזוי מיט איר, וואָס רעדן אַזויפיל וועגן איר, וועלכע עס פעלט אָבער גאָרנישט איין זייער וואָכעדיקן לעבן צוצופּאַסן צו דער דאָזיקער טעאָרע־טישער אמונה.

אין „די יידן" ווערט געשילדערט די צעבאַלעוועטע שליאַכטע, וואָס נוצט אויס יעדנס אָרעמקייט און שוואַכקייט, בדי אויף יענעמס חשבון זיך צו באַרייכערן. מען מאַכט אַן אָנשטעל פון אַ גרויסן פריץ, אין אמתן אָבער איז מען אַ גרויסער קבצן און מ׳לעבט פאַר פרעמד געלט. דאָס פאַרהו־לעטע פאַרמעגן וויל מען צוריקבאַקומען דורך רואינירן אַרבעטס־

זאַמע פאַכטערס, אַפילו קריסטלעכע און מ׳איז גרייט חתונה צו מאַכן די פירשטלעכע פלימעניצע פאַר אַ פאַרדעכטיקן באַראָן איזאַיעוויטש, אַ געשמדטן יידל מיט אַ סך געלט, כאָטש טיף־אינערלעך פאַראַכטעט מען דעם יידן. די אויפגעקומענע פּויִלישע גבירים, ווי דער פּרעזעס זאַדזירנאָווסקי, נוצן בלוטיק אויס די נויט פון זייערע געפאַלענע קליענטן, וואָס פאַלן אַריין אין זייערע הענט; זיי רואינירן אַלע מיט זייער אומרחמנותדיקער ליכווע.

אָט דאָס דאָזיקע געמיינע וועלטל מיט די ווערטער פון קריסטן־ליבע אויף די ליפּן, וואָס פאַראַכטעט טיף יידן, — קוים ברויכן זיי דעם יידנס טובה אָדער שפּירן, אַז זיי קענען דורך יידישער פאַרמיטלונג און הילף פאַרדינען אַ גראָבע מטבע, זענען זיי גרייט צו פאַלן כורעים פאַרן ייד און אים באַשיטן מיט קאָמפּלימענטן. קעגן אָט די פּיאַווקעס איז דער יידישער ווינקל־באַנקיר אהרן שוין אַ מלאך. ער, דער פאַראַכטעטער, אויסגעלאַכטער, העלפט אַרויס פון דער נויט יענע אָרימע מענטשן, וואָס זענען געפאַלן אַלס קרבן פון אַריסטאָקראַטישער גיריקייט, — אויב זיי פאַרדינען נאָר צוטרוי, אויב זיי זענען אַרבעטסזאַם.

אהרן לאָזט זיך נישט פאַרפירן פון די שליאַכעצקע קאָמפּלימענטן. זיין ניכטערער קאָפּ ווייסט, אַז לעולם מיינט מען גאָרנישט אים, נאָר זיין געלט; פון אים אָבער חוזקט מען אין דער שטיל, מען פאַראַכטעט אים און מ׳שעמט זיך מיט אים. אהרן זאָגט מיט שטאָלץ: „איך בין אַ זשיד? — נו, טאָ וואָס איז דאָ שלעכטס, אַז כ׳בין אַ ייד, אַז כ׳בין געבוירן געוואָרן אַלס ייד? איך בין אַ זשיד, ווייל כ׳וויל נישט געבן מער ווי פינף פון הונדערט; ווי אָבער הייסט יענער, וואָס וויל נעמען פופצן? א ייד האָט ליב געלט. אמת, אַז ער האָט ליב געלט, וואָרום אַ ייד אָן געלט איז קיין מענטש נישט. אויב אַ ייד האָט אַ מיליאָן — קען אים יעדער, יעדער וועט אים באַגריסן, צו אים וועט אַפילו אַ פירשט אַ בריוול שרייבן און אַ גראַף וועט זיין האַנט דריקן און אַפילו דער הער פּרעזעס וועט

אים זאָגן: ליבער אהרן! איך שעץ דיך שטאַרק! אויב אַ ייד האָט אָבער קיין געלט נישט, שטייט ער אונטער דער טיר ביז מ'וועט אים נישט אַרויסשטופן; ער לויפט אַרום א גאַנצן טאָג ביז איבער דער קני אין בלאָטע פאַר אַ גילדן, מען שרייט אויף אים, מען שפּייט אויף אים ווי אויף אַ הונט. און דערפאַר בלויז, וואָס ער האָט ליב געלט, ווייל ער מוז עס ליב האָבן, רופט מען אים „זשיד"? ווי אָבער זאָל מען אָנרופן יענעם, וואָס האָט אַלע כיבודים, וואָס האָט באָדן, וועלכן מ'האָט נישט די העזה צו זאָגן אַ שלעכט וואָרט, און קעגן וועלכן קיינער וועט נישט דרייסט זיין צו פאַרבויגן אַ פינגער, וואָס האָט אָבער דערבײַ ליבער אַ גראָשן ווי אַן אייגענעם ברודער און שוועסטער? אויב עס קומט צו מיר אַ באַנקראָטניק און בעט געלט, זאָג איך נישט, אַז כ'האָב נישט, נאָר כ'זאָג, אַז כ'וויל נישט געבן— דערפאַר בין איך אַ ייד; ווי אָבער דאַרף הייסן יענער וואָס זאָגט: ווי גאָט איז מיר ליב כ'האָב נישט, בשעת ער גיט אַוועק מענגעס געלט צו פּופּצן פּראָצענט".

נאָך בולטער האָט קאַרזשעניאָווסקי געוויזן דעם קאָנטראַסט צווישן ייד און קריסט און אויף וואָס פאַר אַ מעשים ס'איז פעיִק אַ פּוילישער פּריץ מיט אַ וואוכער-אינסטינקט — אין זיין ראָמאַן „ק אָ ל ל אָ ק אַ צ י אַ". דער פּרעזעס זעגאַרטאָווסקי איז אַן אמתע שפּין פאַר די קליינע פּריצימלעך, וועלכע ער פאַ־פּלאָנטערט אין זיין שפּינוועבס, כדי זיי פולשטענדיק צו רואינירן און לייכטער פאַרשלינגען.

זיינע געהילפן זענען די נישט זייער סימפּאַטישע יידלעך, שלמה קרזשעמיעניעצקי, דער האַלב-אינטעליגענט, און דער שענקער מרדכי. דאָס זענען אָבער בלויז קרעאַטורן און ווערקצייג אין די הענט פון פּריצישן פּרעזעס, דורך וועלכע ער פאַנגט זיינע קרבנות אין נעץ אַריין און טוט אָפּ דורך זיי זיינע מיאוסע מעשים. אָבער בעת זיי באַהאַלטן זיך קיינמאָל נישט אונטער קיין פרעמדער מאַסקע און מ'האָט צו זיי קיין צוטרוי נישט, שוין דערפאַר ווייל זיי זענען יידן, מ'היט זיך פאַר זיי,— מאַכט דער טאַרטיופישער זעגאַרטאָווסקי אַ יראת-שמים פּנימל,

כאַפּם ממש גאָט ביי די פּיאות און נעמט כּסדר צו, מיט גאָטס נאָמען אויף די ליפּן, פּרעמדע פּאַרמעגנס.

אויך אין קארזשעניאָווסקיס „ספּעקולאַנט", ווען מ'זאָל אַנטקעגנשטעלן דעם פּריצישן אויגוסט מאַליצקי און דעם מילנער אַבראַמקאָ, איז דער ערשטער אַ פּיל מיאוסערער און געפער־לעכערער פּאַרשוין ווי דער צווייטער. וואָרום אויב אַבראַמקאָ דערלויבט זיך אויף אַ געוויסער אומערלעכער אינטריגע, אויס מורא צו פאַרלירן זיין פּרנסה, איז מאַליצקי אַ גאַנץ ראַפינירטער באַטריגער, אַ ספּעקולאַנט מיט אַ מאַסקע פון אַ באַהאַוונטן סאַלאָן־העלד, אַ וועלט־מענטש, וואָס וויל אַ דאַנק זיין אָפּגע־שליפנקייט און עלעגאַנץ פאַנגען אין נעץ אַן אומשולדיקן קרבן מיט אַ סך געלט.

יידישע האָראָפּאַשניקעס, מענטשן ערלעכע, וואָס מאַטערן זיך שווער, טרעפט מען ביי סיראָקאָמלאַן (לודוויק קאָנדראַטאָוויטש). סיראָקאָמלאַ, דער פּוילישער ניעקראַסאָוו, וואָס האָט פאַרטיידיקט אַלע אונטערדריקטע און באַעולהטע און מיט צאָרן אויסגערופן, בעת די שליאַכטע האָט זיך אַנט־קעגנגעשטעלט דאָס אָפּשאַפן פאַנשטשיזנע, אַז „ס'איז מיר אַ חרפּה, ווילנע! כ'וויל נישט זיין קיין ליטווינער און ס'איז אַ חרפּה פאַר מיין שליאַכעצקן יחוס", — האָט אויך שטאַרק מיט־געפילט אין זיינע געדיכטן דעם יידישן אַרבעטס־מענטש. אַלס ביישפּיל כאָטש זיין „הענדלער" („טאַנדעציארז").

דעם צוזאַמענבונד ווידער פון יידן מיט דעם פּוילישן קולטורעלן לעבן און זייער צוזאַמענלעבן מיט די פּאָליאַקן — שילדערט ער אין זיינע „שול צייטן" („טשאַסי שקאָלנע") און אין „מוכר־ספרים" — („קסיענגאַזש אוליטשני").

אהרן פון די „שול־יאָרן" ליידט צוזאַמען מיט דער פּוי־לישער געזעלשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג מצד דעם צאַריזם. ער בענקט נאָך דעם עבר, נאָך יענע צייטן, ווען די אַמאָליקע פּוילישע שולן זענען נאָך אָפן געווען און ער איז דאָרט געווען אַ היימישער בן־בית, געליבט אַלע און גע־ווען פון אַלעמען געליבט. ער פלעגט זיך האַנדלען מיט זיין

ביסל אויבסט און קיכלעך, זיי פאַרקויפט דער שול-יוגנט פאַר מזומן און אויף קרעדיט. אהרן האָט געקענט יעדעס ווינקל אין שול און בעת די פויזעס מיטגעשפילט מיט לערער און שילער. ניקאָליי I האָט אָבער פאַרמאַכט די פוילישע שולן, און איצט ליידט אהרן צוזאַמען מיט דער גאַנצער פוילישער באַפעלקע-רונג פון נאָוואָסילצעווס און מוראַוויאָווס רעפרעסיעס. ער איז געוואָרן אַ קבצן, גייט אַרום אין שמאַטעס, לעבט פון קצבה וואָס ער באַקומט פון קהל, אָדער פון שנאָרער".

פון אהרנס רייד זעט מען, אַז ער באַדויערט מער די אונטערגעגאַנגענע שול און איר אינטים-אינערלעך לעבן ווי זיך גופא. וועמען ער טרעפט נאָך פון די אַמאָליקע שילער, פרעגט ער זיך נאָך אויף זייערע אַמאָליקע קאָלעגן און אויף די לערער, מיט וועלכע ער איז געווען אַזוי גוט איינגעלעבט. זיין איינציק פאַרגעניגן אויף דער עלטער — איז זיצן אויפן בית-עלמין, אויף די קברים פון פאַרשטאָרבענע ווייב און קינ-דער און נאָכטראַכטן וועגן יענע גאָלדענע צייטן, ווען ער האָט געלעבט פון- און ביי דער שול און זיך געפילט אַלס אירס אַ גליד.

ס'איז אַ באַקאַנטער פאַקט, אַז דער יידישער ביכער-הענדלער האָט געהאַט אַ גענוג חשובן אנטייל אין דער אַנט-וויקלונג פון פוילישער פאַרלאַגס-אַרבעט און ביים פאַרשפרייטן פוילישע ליטעראַטור סיי אין די צייטן פון פוילנס אומאָפהענ-גיקייט און נאָך מער שפעטער אין אונטערדריקטן פוילן. די פוילישע ליטעראַטור זאָל אפילו איר „מאָליער", דעם דראַמאַ-טורג אַלעקסאַנדער פרעדראָ, האָבן מכלומרשט צו פאַרדאַנקען אַ יידישן ביכער-פאַרשפרייטער. פרעדראָ זאָל האָבן אָנגעהויבן שאַפן נאָך אַ גליקלעכן צופאַל, ווען אַ יידישער ביכער-הענדלער האָט אים צווישן אַנדערע געבראַכט מאָליערס ווערק. ביים לייענען זיי האָט ער דערפילט אין זיך זיין טאַלאַנט און באַ-שטימונג אַלס דראַמאַטורג און געוואָרן שפעטער דער באַרימט-סטער פוילישער קאָמעדיע-שרייבער.

אַז די הילף פון יידן ביים פאַרשפרייטן פוילישע ווערק-

און דערצו אומלעגאַלע, אונטער דראָונגען און פאַרפאָלגונגען פון צאַרישן זשאַנדאַרם,— איז נישט געווען קיין אויסגעטראַכטע, נאָר אַ גאַנץ ממשותדיקע, באַווייזט כאָטש דער אָפּזאָג ביי מיצקיעוויטשן: „עס שוואַרצט אין ליטע אַ ייד אַ באַנד פון מיינע ווערק". דאָס איז געווען נאָכן אויפשטאַנד פון 1831, ווען איבער פוילן און ליטע האָט געווילדעוועט די צאַרישע נאַהאַיקע, ווען איין טייל לאַנד איז געוואָרן שטרענג איזאָלירט פונם צווייטן, נישט געטאָרט האָבן צווישן זיך קיין מגא ומשא. רעדן וועגן פוילישע נאַציאָנאַלע ענינים האָט מען דעמאָלט געקענט בלויז אין דער אויסלענדישער עמיגראַציע און דאָס איינציקע קאָנטאַקט-מיטל צווישן דעם אונטערערדישן פוילן און דעם גלותדיקן אַהאַסוועריפוילן איז געווען דאָס געשמוגלטע געדרוקטע בלעטל, וועלכעס יידן האָבן פאַרשפרייט, ווי יאַנקל פון „פּאַן טאַדעוש" — פוילישע נאַציאָנאַלע לידער.

אויך אין קארזשעניאָווסקיס „ייד" איז פאַראַן אַ יידישער בוכהענדלער גאָלדבערג. ער געהערט אָבער שוין נישט צו יע-נעם טיפּ, וועגן וועלכן עס דערמאָנט מיצקיעוויטש און שפּעטער סיראָקאָמלאַ, נאָר צום מאָדערנעם פאַרלעגער-אונטערנעמער, פון וועלכער עס זענען אויסגעוואַקסן די משומדישע פאַרלאַגן פון אָרצטן, וואָלפן, אָרגלבראַנדן, לעווענטאַלן... צו דאָך איז גאָלדבערג דער איינציקער סוחר פון רחניותדיקער שפּייז אויפן גרויסן יאָרמאַרק פון כלערליי גשמיותדיקע באַדאַרפס-אַרטיקלען און לוקסוס-זאַכן.

דער פאַרדינסט פון יידן פאַר דער פאַרשפרייטונג פון פוילישן בוך אנערקענט אויך סיראָקאָמלאַ אין זיין געדיכט „ד ע ר מ ו כ ר ס פ ר י ם". די אַמאָליקע צייטן, ווען בילדונג איז נאָך געלעגן אין די וויקעלעך, ווען אַ בוך איז נאָך גע-ווען אַ יקר-המציאות און די לעקטור פאַרן גאַנצן יאָר איז געווען דער פּרומער יאָר-קאַלענדאַר, פאַרגלייכט ער צו די נייערע צייטן, ווען אַ בוך געפינט זיך כמעט אין יעדער שטוב. און ער ענטפערט אויף דער פראַגע, ווער עס האָט אָט די שינוים בעשאַפן און מיטגעווירקט צו דער פאַרשפרייטונג פון בעדרוקטן

וואָרט: געטון האָט עס אָט יענער, אַלטער, גרויזער ייד, אָנגעטון אין שמאַטעס, מיט די צרומגעליאַמצוועטע אויגן, איינגעשרימפּענעם פּנים, וואָס שטייט צוגעדריקט צום וואַנט מיט אַ פּעקל ביכער אונטערן אָרעם. דאָס איז זיין פּאָסטן שוין קרוב זעכציק יאָר, אויף וועלכן ער שטייט סיי ווינטער אויף די גרעסטע פרעסט, סיי זומער אין די גרעסטע היצן און שלאָגט פּאָר צו קויפן דאָס געדרוקטע פּאַפּיר. דאָס איז דער נעסטאָר פון די בוכהענדלער, וואָס ווייס צו דערציילן וועגן אַמאָליקע צייטן, ווען די אַלט-קלאַסישע שאַפונגען פון גריכנלאַנד און רוים האָבן נאָך פאַרנומען דעם אויבנאָן אויפן ביכער-מאַרק, ווען מ'האָט געזוכט שיינס און דערהויבנס ביי פּלאַטאָנען און האָראַציוסן, ער געדענקט אָבער אויך די נייערע צייטן, ווען דעם אויבנאָן האָבן שוין פאַרנומען פּוילישע מחברים, ווען שאַצקי, לעלעוועל, מיצקעוויטש א. אַ. האָבן אַרויסגעגעבן זייערע ווערק און ער, דער אַלטער, פּאַראַכטעטער איז עס געווען יענער, וואָס האָט פאַרמיטלט צווישן אויטאָר און ברייטן פּוילישן עולם. פון איין טיר אַרויסגעוואָרפן, איז ער דורך דער צווייטער אַריין און ווי בעל-כּרחו געטראָגן אין פאָלק די אַלגעמיינע מענטשלעכע און נאַציאָנאַלע אידעאַלן פון די גרויסע פּוילישע גייסטער.

דער אַלטער בוכהענדלער האָט געהאָלפן אויסבילדן דעם יינגן פּוילישן דור. ער געדענקט די צייטן ווען די אַמאָליקע פּוילישע סטודענטן פלעגן קומען צו אים ביכער קלויבן און אויסקלויבנדיק זיך מאַנכע, מיט טרערן אין די אויגן בלייבן שטיין, נישט האָבנדיק מיט וואָס צו באַצאָלן. ער האָט זיי געגעבן ביכער אויף קרעדיט, אויסצוצאָלן גראָשנווייז יעדע וואָך אָדער אויסגעצטוישט זייערע אַלטע ביכער אויף נייע, אַבי נישט אָנטון צער דער יוגנט און אָפּזאָגן איר אַזאַ פאַרגעניגן, ווי האָבן אַ נויטיק בוך.

אָנגעהויבן זיין טעטיקייט האָט דער אַלטער בוכהענדלער, ווען גרויסע ביכער-פאַרלאַגן זענען נאָכנישט געווען, ווען דער ביכער-קאָלפּאָרטאַזש איז געווען אַ קליינלעכער, מיט גראָשנדיקע ריוחים. האָבן זיך אָבער די צייטן געביטן. פאַרלאַגן און בוכ-

האַנדלונגען זענען געוואָרן רענטאַבלע אונטערנעמונגען מיט אַ קאַפּיטאַליסטישן פּאַרנעם און שטאַרקער רעקלאַמע. אין אַזעלכע צייטן איז פאַרן אַלטן מוכר-ספרימניק געבליבן בלויז דער האַנדל מיט אַלטע ראָמאַנען פון וואַלטער סקאָט, דיומא, פּאָל דע קאָק א. אַ.

כדי אַרויסצוטרעטן צום גונסטן פון יידן אין יענע רעאַק-ציאָנערע יאָרן, וואָס האָבן אָפּגעטיילט דעם אויפשטאַנד פון 1831 און י. 1863, האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע מאָס מוט. ס'איז דערצו נויטיק געווען די אויטאָריטעטיווע דרייסטקייט פון אַזאַ פּאָפּולערן, נאָך היינט קלאַסישן פּראָזע-קינסטלער, ווי קאָרזשע-ניאָווסקי איז עס געווען, אָדער די האַרציקע עמפּפינדלעכקייט פון אַן סיראָקאָמלאַ. אין דעם דאָזיקן שטימען-כאָר האָבן זיך אָבער אויך געלאָזט הערן די וואָגיקע באַמערקונגען פון אַ ד. אַ מ. קאָשינסקי.

אין פערטן באַנד פון זיינע דערציילונגען און בילדלעך „די פּוילישע שטעט, דערפער און שלעסער" („מיאַסטאַ, וושיע אי זאַמקי פּאָלסקיע") ווידמעט ער אַ קאַפּיטל „זאַלאָשין און יידן" („דזיאַלאָשין אי זשידזי"). נישט זייענדיק להכעיס קיין פילאסעמיט, פון ריין-פּוילישן געזעלשאַפטלעכן-מלוכהשן שטאַנד-פּונקט, כאַראַקטעריזירט ער אָט ווי יידן:

„זייענדיק אומפּאַרטייאיש מוז מען אנערקענען, אַז דער איצטיקער מצב פון יידן איז אין פּולן זינען פונם וואָרט טרויעריק און ווער עס וויל דערין נישט גלויבן, דער זאָל זיך דורכ-שפּאַצירן איבער די יידישע שטעטלעך, דער זאָל אַריינבליקן אינווייניק אין די הייזער פון וואַרשע אויפן פּאָטשעיאָוו אָדער פראַנצישקאַנער גאַס, וועלכע זענען שמוציק און שטינקנדיק, און וואו אין די שטובן איז נאָך ברודיקער און עיפּושדיקער".

„דלות, פינסטערניש, הכנעהדיקע קריכערישקייט און קוים אַ גליקלעכערע פּערספּעקטיוו אין צוקונפט, אָט דאָס איז סך-הכל דער איצטיקער מצב פון יידן אין קעניגרייך פּוילן".

„נישט פאַראַן עפּעס שמוציקערעס ווי אַ יידיש שטעטל: אויף די גאַסן איז אַן אייביקע בלאָטע; די הייזער זענען ענגע, שמוציקע; די וווינונגען פול עיפּוש, דעמפּיקייט; די קראָמען—

שלעכט פאַרפּראָוויאַנטירט און האַלטן בלויז טאַנדעט־סחורות; אין די קראָמען זיצן שמוציקע קרעמער, שלעכט געקליידעט, שטענדיק זיך פּלפּולדיק; די פרויען זענען געוואָרן עקלדיק; די קינדער האַלב־נאַקעטע מיט שמאַטעס פאַרדעקטע; די הויט פון פּנים ביי אַלעמען אַ קרענקלעכע; טיפוס, כאָלערע, סוכאָטע און אַנדערע קרענק פּרוכפּערן זיך דאָ ווי אויף זייער נאַטירלעכן באָדן און נעמען צו יאָר־יערלעך הונדערטער קרבנות".

„און מיט וואָס דערנערט זיך אָט די דאָזיקע באַפעלקערונג! אַ שרעק צו טראַכטן! אויף פינף מיליאָן איינוואוינער אין קעניגרייך איז פאַראַן אַ האַלבער מיליאָן יידן, אָבער איין ייד מוז זיך דערנערן אויפן חשבון און אַרבעט פון ניין מענטשן, וואָרום אַ יידנס באַשעפטיקונג קאָן מען דאָך נישט באַטראַכטן אַלס פּראָדוקטיווע אַרבעט, בכדי זיך אויסצוהאַלטן. לעבט ער טאַקע פון שווינדל, כיטרעקייט, גנאַד אָדער גנבות. ס'איז אָבער אַ זייער טרויעריק לעבן".

„דאָך זעען מיר נישט די דאָזיקע אָרעמקייט און מיר ווילן זי נישט זעען. להיפוך, זעענדיק עטלעכע גבירים וואונדערן מיר זיך און מאַכן געוואַלטן, בכן – מיר ווערן באַגנבעט, באַגזלט און דאָס לאַנד־פאַרמעגן גייט איבער אין יידישע הענט... לאָמיר אָבער געבן אַ חשבון־אויס וויפל נאַציאָנאַל פאַרמעגן ס'ליגט אין יידישע הענט אין פּראָפּאָרץ צו זייער צאָל, – טאָ קומט אויס, אַז ס'דאַרף לויט יושר זיין אַן אַכטל טייל, באמת אָבער באַזיצן זיי אַפילו נישט קיין הונדערטס טייל. איז טאַקע דעריבער נישטאָ קיין סיבה זיך צו בייזערן אָדער מקנא צו זיין יידן".

„דאָס האַרץ טוט וויי, ווען מ'כאַפּט אַ בליק אין די וואוינונגען פון דער יידישער אָרעמקייט, און אָרעם זענען דאָך אַלע אַ חוץ אפשר אַ פינף הונדערט פאַמיליעס אין שטעטל. אַ שמוציקער, שרעקלעכער דלות רייצט די חושים, שטויסט אָפּ פון זיך. כאַפּנדיק אַ בליק אויף אַ פאַמיליע, וואָס באַשטייט פון אַ צענדליק מענטשן און נאָך מער; וויסנדיק, אַז איר גרונט־קאַפּיטאַל און פאַרמעגן באַטרעפט פערציק אָדער פופציק

פוילישע גילדן, אַז פון די פּראָצענטער פון אָט דעם קאַפּיטאַל מוזן זיך דערנערן צענדליקער מענטשן, קען מען עס, אַפילו מיט דער פאַנטאַזיע נישט משיג זיין. וואָס פאַר אַ לעבן איז דאָס אָבער! אַ שרעק און רחמנות נעמט אָן טראַכטנדיק דעריבער. אַ שטיקל ברויט איז שוין אַ האַלבע שמחה. אַ האַלבע ציבעלע און אַ בייגל — דאָס איז די חיונה אויף אַ גאַנצן טאָג. און טיילמאָל קומט אויס אַליין זיך באַשטימען פרייוויליקע תעניתים".

„ווי אַזוי-זשע קען אַזאַ פאָלק זיין געזונט, ווי קען עס זיין פעיִק צו אַרבעט, פיזישער און גייסטיקער?"

„און אָט די אָרעמקייט — וויפל איז זי גורם רשעות און פאַרברעכנס?... פאַרצווייפלונג פירט צו אַלעם בייזן. ווען קינדער שטאַרבן פון הונגער, ווען די ווייב חלשט פאַר אַ שטיקל ברויט, ווען דער אַלטער פאָטער בעט אויף חיונה, טאָ ווי קען מען זיך ביי אַזאַ לאַגע נישט צוהערן צום דלות, באַשטיין דעם נסיון? וואַרפט מען זיך טאַקע אויף געפערלעכע טראַנזאַקציעס, אויף שווינדלערייען, שוואַרצערייען, געמיינקייטן"...

קאָשינסקי, מיט דער נאַיִווקייט פון זיין צייט,—פון וועלכער עס זענען אגב שפּעטער אַפילו נישט פריי געווען אַזעלכע קינסטלער ווי זשעראָמסקי א. אַ. — מיינט, אַז די הויפּט-סבות פונם שלעכטן מצב ביי יידן זענען די, וואָס יידן פאַרנעמען זיך כמעט אויסשליסלעך מיט טאַנדעט-האַנדל, מיט ספּעקולאַציע, מיט שמוגלען און מיידן בכיון אויס שווערערע אַרבעטן, ווי דהינו ערד-אַרבעט און מלאכה. וואָלט אָבער געלונגען, לויטן מחבר, פועלן ביי יידן, אַז זיי זאָלן זיך פאַרנעמען מיט אָט די פרנסות, וואָלט דאָס גאַנצע בייז פאַרשוואונדן; דער קולטור-יעל-עקאָנאָמישער מצב פון דער פוילישער מדינה וואָלט זיך געהויבן, וואָרום מ'נויטיקט זיך דאָך שטאַרק ביי אונז אין אַרבעטס-הענט...

קאָשינסקי איז איבערצייגט, אַז „יידן זענען ווערט אַ בעסערן גורל, אַפילו מיט אַלע זייערע חסרונות, וואָרום מאַנכע פון די פעלערן זענען בלויז פועל-יוצאס פון די אומשטענדן, אַנדערע ווידער — נאָר שיינבאַרע חסרונות".

„יידן זענען נישט אומדאַנקבאַר געווען פוילן פאַרן מקום־מנוחה, וואָס זיי האָבן דאָ געפינען. כדי דעם דאָזיקן אמת צו באַשטעטיקן, וואָלט איך געקענט ברענגען טויזנטער באַווייזן און דאָס נישט בלויז פון עבר, נאָר אויך פון די נייעסטע צייטן".

„זייער אָפּאָזיציע, אַפילו לגבי אונזערע באַשטרעבונגען און פאַרלאַנגען, איז גיכער אַ נאַטירלעכער פאַל פון מאָמענטאַלן נקמה־געפיל אָדער פון פאַרצווייפלונג, צוליב דעם שלעכטן באַהאַנדלען זיי, פאַרן אָפּשטויסן זיי פון אונז, פאַר דער פאַראַכטונג, וועלכע זיי ליידן מצד אונז, — איידער ס'איז עפּעס אַ פּרינציפּ אָדער האַרצנס־ווילן, פאַרבונדן מיט זייערע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן. איבעריקנס, צי איז דען די דאָזיקע אָפּאָזיציע געווען אַ קאָלעקטיווע, מצד דעם כלל און נישט קיין אינדיווידועלע?..."

„פאַרקערט, דער נאַטירלעכער כאַראַקטער פון יידן גיט די גאַראַנטיע, אַז זיי קענען געענדערט ווערן צום גוטן און אַז זיי פאַרדינען די גנאָד פון דער מענטשהייט".

„אַ ייד איז געדולדיק אין אַן עת צרה, איז געזעצט בעת אַן אומגליק, באַשיידן ביים געניסן, קען אָפּשאַצן אַ טובה וואָס מ'טוט אים און איז געענוג אויפגעקלערט תופס צו זיין און לאָזן זיך פירן מיטן שכל, — חוץ אין זיינע רעליגיעזע עיקרים, נאַטירלעך... זיין היימיש לעבן פאַרדינט אין יעדן פרט לויב און אַכטונג. עגאָיזם איז אין די צווישנבאַציונגען ביי יידן כמעט אומבאַקאַנט; דער רייכער טיילט זיך גערן מיט אָרימערן און דער לעצטער, אויב ער קען נאָר, טיילט זיך מיט נאָך אָרימערן פון זיך. די פאַמיליע איז נישט ביי זיי עפּעס אַ שווער אָפּקומעניש, אַ קללה ווי ביי אונז, אַפילו דער אָרעמסטער ייד וועט זיך נישט באַקלאָגן אויף גאָט, וואָס ער האָט אים באַשאָנקען מיט צופיל קינדער; ער ווידער־שפּעניקט נישט אין זיין באַשעפער, כאָטש ער מוז אָפט, אַחוץ זיינע קינדער, נאָך אויסהאַלטן זיינע אָדער זיין פרויס עלטערן. יידן אונטערשטיצן אַפילו די ווייטסטע קרובים, אַזעלכע צו וועלכע מיר וואָלטן זיך לחלוטין נישט געוואָלט באַקענען. שנאַת־עמי איז אויך אַ זעלטנהייט ביי

ווי, ווייל יעדער וועט דאָס אויסערסטע אוועקגעבן, אבי נישט אָנקומען צו קיין קצבה. און אויב אַ ייד ווערט מאַטעריעל רוּאינירט, נישט פון זיין אייגענער שולד, קען ער זיין בטוח, אַז זיין בעטן הילף ביי די גלויבנס־ברידער וועט האָבן אַ פעולה. אלע גלייך אין נויט און אין גלות־אָפּריכטעריי איבער דער גאָרער וועלט, ווייסן זיי נישט פון קיין שטאַנדן און קאַסטעס און זיי זענען דעריבער פריי פון יענע חסרונות אין דער קריסט־לעכער געזעלשאַפט, וואָס פרעסן איר אויף, זענען פאַר איר אַ פּלאָג און אומגליק. כאָטש יידן קענען זיך לייכט גטן, מאַכן זיי דערפון אַ קליינעם געברויך, ווייל דערין זעען זיי אַ חרפה פאַר ביידע צדדים. פרעמד־ווייבעריי איז אויך זעלטן צווישן זיי און נישט דערפאַר, ווייל די געזעצן זענען אין דעם פּרט באמת גאַנץ שטרענגע, נאָר די שטראָף איז אין די דאָזיקע פאַלן מער אַ מאָראַלישע: פאַראַכטונג. בכלל לייגן זיי פיל מער אַכט, ווי מיר אויף מאָראַליטעט. זיי קענען פיל פאַרגעבן, מוחל זיין, און ווער עס פאַרבעסערט זיך נישט — ווערט לסוף אויסגעשלאָסן פון דער געזעלשאַפט״.

„אפילו יענע חסרונות, וועלכע קריסטן ווארפן פאַר יידן, ווי כיטרעקייט, קאַרגקייט און אָפּנאַרעריי, זענען לגמרי נישט אַזוי שטאַרק צו זייער גנאי, ווי ס׳דוכט זיך. יאָרהונדערטן אין אונטערדריקונג, אומאויפהערלעך באַדראָט מיט קאָנפיסקאַציעס פון איין זייט און אָפּנאַרעריי פון דער אַנדערער זייט, מוז אַ ייד זיין פאָרזיכטיק ביי זיינע טראַנזאַקציעס מיט קריסטן. דער ייד קען — לויט זיין טבע און פון דערפאַרונג — בעסער רעכנען און קאַלקולירן, זעט בעסער פאָרויס, אָט די דאָזיקע דערשיינונגען, וואָס זענען לעולם פשוטע פאָרזיכטיקייט, פאַרוואַנדלען זיך אין אונזערע אויגן אין כיטרעקייט און אין יעדער פאָראויסזעונג לטובת דעם קאָנטראַהענט און זיין פאַמיליע זעען מיר אַן אונטער־שטעלן פיסלעך. יידן זענען אויך גאָרנישט אַזוי געלט־גיריק. לעבנדיק פון קאַפּיטאַלן בלויז, מוזן זיי באַפרידיקן טויזנטער נויטן, וועגן וועלכע מיר האָבן נישט די מינדעסטע השגה. באַלאַסטעט מיט אַ צאָלרייכער פאַמיליע און קענענדיק דעם

ווערט פון איטלעכן גראָשן, אויף וועלכן ער מוז שווער האָרע-ווען, זאָרגט דער ייד גאַנץ פשוט וועגן יעדע פּרוטה, פאַר-טיידיקט זיך כּדי זיי נישט צו פאַרלירן. קוים אָבער האָט ער אַזויפיל, אַז ער קען באַפרידיקן די אויתנדערמאָנטע הצטרכותן, ווערט ער נישט בלויז מילד, נאָר אפילו — פאַרשווענדעריש און מיר, קריסטן, וואונדערן זיך: ס'טייטש, אינם יידנס כאַראַק-טער איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג, פון אַ קאַרגן ליכוויאַזש איז ער געוואָרן אַ מילדער, פון אַ שפּאָרזאַמען — אַ פאַר-שווענדער. לעולם אָבער האָט ער זיך גאָרנישט געענדערט, ער ווייזט נאָר דערמיט, אַז ער איז שוין אין באַזיץ פון דעם צו וואָס ער האָט געשטרעבט און דעם רעשט גיט ער אויס אויף אַזאַ אופן, וועלכן ער באַטראַכט פאַר גוט. וואָס מ'וואָלט יאָ געקענט פאָרוואַרפן דעם יידישן כאַראַקטער — איז זיין נייגונג צו צירונג, צום פּוצן זיך, נאָר דאָס ליגט שוין און זיין אָריענ-טאַלישן בלוט. זייענדיק פריער באַגרענעצט דורך אויסערלעכע אומשטענדן, ווייזט ער אָט די נייגונג אַרויס ביי יעדער מעג-לעכער געלעגנהייט, דערצו נישט שטענדיק זייער טאַקטיש און רופט דערמיט אַרויס ביינז בלוט ביי קריסטן".

„מ'קען נישט לייקענען, אַז עס טרעפן זיך ביי יידן יחידים, וועלכע מ'קען באַשולדיקן אין די אויבנדערמאָנטע חסרונות, נאָר צו טרעפן זיך נישט אַזעלכע אויסנאַמען אויך צווישן קריסטן? איבעריקנס, ווער עס פאַרלאַנגט אָפּנהאַרציקייט, מוז עס אַליין אַרויסווייזן. לאָמיר אָבער געבן אַ פרעג אונזער געוויסן, צי איינגייענדיק אין אַן ענין אָדער טראַנזאַקציע מיט אַ יידן, האַנדלען מיר באמת שטענדיק ערלעך? און ענדלעך, יאָמערנדיק תּמיד אויף יידישע כיטרעקייט, גצלטגיריקייט, שווינדלעריי א. ד. גל. צי געבן מיר גופא נישט באַווייזן פון גרינגשאַצונג בנוגע זיי, ווען עס קומט אָן דער טערמין פון דערפילן די התחיבותן, וואָס מיר האָבן דאָך פרייוויליק גענומען אויף זיך? און ועל-כּולם צי וואָלטן מיר, זייענדיק אויף זייער שטעל, אַנדערש געהאַנדלט ווי זיי? דאָס פאַרלאַנגען זיין רעכט קען דאָך נישט באַטראַכט ווערן פאַר אַ פאַרברעכן!.. דער בעסטער

באוויז אָבער, אַז יידן זענען בעסער ווי מיר, איז וואָס אין יעדער געלט-נויט, ווענדן מיר זיך ליבערשט צו אַ יידן ווי צו אונ־זערע מיטגלויבער, קריסטלעכע קאַפּיטאַליסטן, כאָטש די יידן נאַרן אונז מכלומרשט אָפּ, שינדן די הויט, רואינירן אונז".

„די יידישע צוגעבונדנקייט צו זייער גלויבן און טראַדיציע רעדט אויך צו זייער גונסטן. וואָרום וועלכעס פאָלק אַזוי ווי יידן, לעבנדיק אין טויזנטיעריקער אונטערדריקונג און פּיין, פאַראַכטעט און דערנידריקט — האָט באַוויזן איינצוהאַלטן זיין גלויבן, זיינע געזעצן און מידות און אפילו זאַבאָבאָנעס? אַ פאָלק, ווי דאָס יידישע, וועלכעס איז בייגעשטאַנען דער נסיון פון ענדערן זיין גלויבן, כאָטש דאָס וואָלט אים געקענט נישט בלויז געבן גוטע עקזיסטענץ, נאָר אויך גרויסן אָנזען און אַפילו גרויסע מאַכט, — אַזאַ פאָלק פאַרדינט אַלגעמיינע אַכטונג, ווייל מיט זיין עקשנות גיט ער אַ גאַראַנטיע, אַז ער איז ראוי צו עקזיסטירן. זייענדיק רעספּעקטירט, — נישט בנוגע זיין אמונה און רעליגיעזע אני-מאמינס, — נאָר אין באַצוג צו דער איבערי־קער געזעלשאַפט, — וועט ער קענען זיין נוצלעך פאַרן לאַנד און וועט ברענגען גרויסע נוצנס פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און ציוויליזאַציע"...

אין פאַרגלייך מיט די געבראַכטע כאַראַקטעריסטיקעס און קלאָרע, זאַכלעכע און אָפּנהאַרציקע דבורים פון אַ קאָשינסקי האָט זיך אין די פינפציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט אַריינגעריסן ווי אַ טיפער דיסאָנאַנס וואַצלאַוו שימאַ־נאָווסקיס דראַמע „שלמה" („סאָלאָמאָן"). די דאָזיקע דראַמע האָט געהאַט אַ שטאַרקן דערפאָלג ביים פוילישן עולם אין וואַרשע און אויף דער פּראָווינץ, דערפאַר אָבער האָט זי פאַר־שאַפט נישט קנאַפּ עגמת-נפש די דעמאָלטיקע אינטעליגענטע יידן.

שימאַנאָווסקיס שאַפונג געהערט צו יענע ווערק וועגן יידן, וועלכע זענען געוואָרן אַ שאַבלאָן און אויף וועלכע ס'איז כדאַי זיך אַביסל אָפּצושטעלן.

אַרום העלפט פאָריקן יאָרהונדערט האָבן זיך אין דער וועלט-ליטעראַטור בכלל און בפרט אין דייטשלאַנד, גענומען

פרוכפּערן אין די הונדערטער שאַפונגען וועגן ייִדן, וואָס די ייִדישע העלדן זענען פון עטלעכע קאַטעגאָריעס.

צו דער ערשטער קאַטעגאָריע ייִדישע טיפּן, וועלכע מ׳טרעפט אַמאָפטערסטן, געהערן פאַכטערס און אַרענדאַרן, וואָס שינדן די הויט פונם פויער ווי פון שרה, ביז די דראָזיקע געריבענע, איבערשפּיצטע ייִנגאַטשעס דערוועבן זיך אויף עמעצנס חשבון אַ ביסל געלט און גייען איבער אינגאַנצן צו וואוכער-געשעפטן.

צו דער צווייטער קאַטעגאָריע געהערן אָט די שוין רייך-געוואָרענע ישובים-מענטשלעך, וואָס אַרבעטן זיך אַרויף צו-ערשט אויפן דאָרף, שפּעטער דורך פאַרשידענע שפּעקולאַטיווע און וואוכערישע ענינים — גלייך ווי ייִדן וואָלט פאַרבאָטן זיין נתעשר שו ווערן אויפן ערלעכן וועג, דורך נאָרמאַלע האַנדלס-פונקציעס און זיי מוזן זיך דערשלאָגן צו עשירות דורך קרומע אומוועגן. איז אָט, רייך ווערנדיק, פירן זיי אַן אָפן, ברייט הויז, פירן זיך מעשה אַריסטאָקראַטן, בלייבנדיק אין דער נשמה גראָשן-מענטשלעך, הכנעהדיקע, גרייט זיך צו בוקן פאַר אַ ליאַרע פריציל אָדער פשוטן קריסט.

צו דער דריטער קאַטעגאָריע געהערן ייִדן-גלוויביקע, פאַנאַטיקער, וואָס זייער טאָכטער, קרוב אַן איינציקע, ציטער-דיקע, פאַרליבט זיך אין אַ קריסט, ווערט פון אים אַוועקגעפירט און דער אַלטער פאָטער, דער למדן איז זיך נוקם אין זיין טאָכטערס פאַרפירער אויפן שרעקלעכסטן אופן. פון אָט די טיפּן שמעקט שטאַרק מיטן אומשטערבלעכן העלד פונם געניאַלן קינסטלער, מיט שעקספּירס שיילאָק, וועלכן זיי דערגרייכן אָבער נישט אַפילו ביז די פּיאַטעס.

די אַלע ווערק ווייזן די חסרונות פון זייערע ייִדישע העלדן, מיט אַלע פּיטשעווקעס, אָבער אין זיי איז נישט פאַראַן קיין שפּור פון קלענסטע מעלות ווי רירעוודיקייט, שפּאָרזאַמקייט, ניכטערקייט, צוגעבונדנקייט צו דער פאַמיליע, ריינקייט פון זיטן א. ד. גל., ווי דאָס האָבן געטון אַ מיצקעוויטש, קאָר-זשעניאַווסקי אָדער קאַשינסקי.

אָט צו דעם טיפּ געהערט שימבאָגאָווסקיס העלד שלמה, א ייד אַ למדן, וואָס קאַבאַליסטישע חקירות דערפֿירן אים אַזש צו ספּיריטואַליסטישע עקספּערימענטן, צו אַסטראָלאָגישע און אַלכימישע פֿאָרשונגען, און דערביי ציט ער זיין הכנסה און עשירות פֿון ליכטע...

דער מחבר אַליין פֿילט, אַז ער איז נישט אין אָרדענונג, פֿאַרענטפֿערט ער זיין ייִדישן העלדס נייגונג צו געלט דערמיט, וואָס „אַ ייד ווי א שלימאַק אין זיין שאָלעכץ, מוז זיך באַהאַלטן אין זיין פֿאַרמעגן, ער טאָר נישט גיין מיטן אָנגענומענעם נוסח, ווייל אַלע טויערן פֿון דער וועלט ווערן פֿאַרמאַכט פֿאַר אים און אַן אָפּגעזונדערטער מוז ער זוכן געלט: דורך געלד ווערט פֿאַר אים אָפֿן די וועלט".

אָט דעם פֿרומען ייִדן הייסט א שכן ווערן א קאַטאָליק, כדי מיטן אָננעמען קאַטאָליציזם, דעם גלויבן פֿונעם לאַנד, צו קענען ווערן א פֿולשטענדיק גלייכבאַרעכטיקטער בירגער פֿונעם לאַנד.

די עקציע שפּילט זיך מבּלומרשט אָפּ אין זעכצנטן יאָרהונדערט אין קראָקע. שלמה וויל זיין איינציקע טאָכטער, שרה, נישט לאָזן דערציען אין לאַנד, וואו די זיטן קענען לויז געוואָרן א דאַנק דער פּוילישער קעניגין, דער איטאַליענערין באָנאַ, און ער שיקט זי אין פֿרומען פֿראַנקפֿורט. געשעט א צופֿאַל, אַז אַהין פֿאַרבלאָנדזשעט אַ שכן, אַ פּאָריאַק, געפֿינט שרהן אין פֿראַנקפֿורט און זיי פֿאַרליבן זיך. צוזאַמען מיט דער ערדישער ליבע צו איר אויסדערוויילטן דערוואַכט אין שרהן פּלוצלונג א הימלישע ליבע צו זיין גאָט און זי הייבט אָן פֿריידיקן איר פֿאָטער און זיין סביבה קריסטן־ליבע. זי ענטזאָגט זיך פֿון איר יוגנט־פֿריינט ראובן, ר' שלמהס תּלמיד און מיטהעלפֿער אין זיינע פֿאָרשונגען, וועלכער איז באַשטימט פֿאַר שלמהס ממלא מקום און צוקונפֿטיקן איידעם, און זי וויל התונה האָבן מיטן קריסט. נאָר ר' שלמה וויל דערצו נישט צולאָזן און אין לעצטן אויגנבליק, ווען די מיליציע פֿון באַרשטאַלעק

מיטן חתן קומען צונעמען שרהן פון פּאָטערס שטוב, דערהרגעט זי ליבערשט דער אַלטער.

ווי מיר זעען, אַזוי, איז עס אַ ספור המעשה מיט פּאַ־סירונגען ווייניק וואַרשיינלעכע און נאָך ווייניקער נאַטירלעכע. וואו שטעכן דאָס און הרגענען יידן זייערע איינציקע טעכטער? אויף אַ מעשה פרעגט מען נישט קיין קשיות. אזוי וויל שימאַ־באָווסקי און אָפּגעטון.

## 6

## דער אויפשטאַנד 1863.

עס קומט דער אויפשטאַנד פון 1863, אין וועלכן יידן האָבן אַ באַדייטנד גרעסערן אָנטייל גענומען ווי אין 1831. סיבות דערצו זענען געווען פאַרשיידענע. דער דאָזיקער אויפשטאַנד האָט, להיפוך צום יאָר 1831, נישט געטראָגן קיין אויסשליסלעך פריצישן כאַראַקטער, נאָר פיל מער אַן אינטעליגענטיש-בירגערלעכן און היות דאָס פוילישע יידנטום האָט שוין צו יענער צייט געהאַט אַ היפשע אינטעליגענץ, אַדורכגעדרינגענע מיט פוילישער קולטור און מלוכהשן געדאַנק, איז די יידישע יוגנט גערן צוגעשטאַנען צו דער אויפשטאַנד-באַוועגונג, האַלטנדיק איר אנטייל אפילו פאַר אַ חוב לגבי דער פוילישער ערד און אַלס מיטל צו דער פאַרבינדונג מיט די פאָליאַקן.

אין אייראָפּע האָט דאַמאָלס געשוויבלט פון פרייהייטס-אידעען, צווישן וועלכע עס האָבן זיך שטאַרק געלאָזט הערן פוילישע עמיגראַנטישע שטימען, ווי צ. ב. ציפריאַן נאָרווידס נביאישע ווערטער אין זיינע „פוילישע יידן אין י. 1861" א. אַ., וועלכע האָבן געאָטעמט מיט ברודערלעכקייט און גערופן צו געמיינזאַמען קאַמף פאַר אַ געמיינזאַמער זאַך, פאַר פוילנס באַפרייאונג. די יידישע יוגנט האָט געהאָפט צו דערגרייכן פאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע גלייכבאַרעכטיקונג און די דאָזיקע האָפנונגען זענען אויך געווען באַרעכטיקט. תיכף נאָכדעם, ווי דער צענטראַלער אויפשטאַנד-

קאָמיטעט האָט זיך פּראָקלאַמירט פאַר אַ פאָלק־רעגירונג, האָט זי זיך די לעצטע גענומען צו אַגיטאַציע צווישן יידן. אין דעם אַלגעמיינעם אויפרוף, וואָס האָט גערופן די באַפעלקערונג צו נעמען דאָס געווער צום קאַמף מיטן רוסישן אָקופּאַנט, האָט מען געמאָלדן, אַז „אַלע זין פּוילנס, אָן אונטערשיד פון אמונה און געבורט, שטאַם און שטאַנד ווערן דערקלערט פאַר פרייע און גלייכע בירגער פון לאַנד". אַ חוץ דעם איז געוואָרן אַרויסגעגעבן אַ פּויליש־העברעישער אויפרוף, ספּעציעל צו יידן מיט דער ווענדונג פון דער „פאָלקס־רעגירונג צו די ברידער־פאָליאַקן פון משה־רבינוס גלויבן". דאָרט איז געווען געזאָגט: פּוילן האָט אייך נישט אַרויסגעיאָגט פון קיין שום אָרט, בעת מאָסקווע וואַרפט אייך פון שטעטל צו שטעטל. אין פּוילן זענען נישט געווען קיין פּאָגראָמען און בלוט־בלבולים בעת אין מאָסקווע ווערן רדיפות כסדר פאַבריצירט. און עס וועט געשען, ווען מיר וועלן באַפרייען דאָס לאַנד פון מאָסקווער געפאַנגענשאַפט, וועלן מיר צוזאַמען געניסן דעם פרידן; איר און אייערע קינדער וועלן באַזיצן אַלע בירגער־רעכט אָן באַגרענעצונגען, ווייל די פאָלקס־רעגירונג וועט נישט פרעגן וועגן עמעצנס גלויבן אָדער אָפּשטאַם, רק וועגן געבורט־אָרט.

די דאָזיקע פּלאַמיקע ווערטער האָבן זעלבסטפאַרשטענדלעך שטאַרק געווירקט. רבנים האָבן אַרויסגעגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע צו יידן, אין וועלכער עס זאָגט זיך צווישן אַנדערן: „לאָמיר לויבן גאָט, וואָס האָט איצטער אַריינגעבלאָזן אין אונז גלויבן און האָפנונג, וואָס עס האָט געשלאָגן די שעה פון פרייהייט און באַפרייאונג פון שווערן יאָך. ברידער יידן! מוט און העלדישקייט! לאָמיר אָננעמען פון גאַנצן האַרצן די אויסגעשטרעקטע ברודערלעכע האַנט". די פּוילישע יידן מיטן וואַרשעווער רב מייזל בראש האָבן אָנטייל גענומען אין אַלע פּוילישע פּאַטריאָטישע מאַניפעסטאַציעס. ס'איז אַפילו פאַראַן אַ „תפילה פון וואַרשעווער יידן אין י. 1861".

וואָס אמת, נישט אַלע יידן זענען געווען אָנהענגער פונם אויפשטאַנד. די עלטערע יידישע עלעמענטן האָבן ענלעך צום

דוב פּאָליאַקן, אונטער דער אָנפירונג פון לעאָפּאָלד קראָנענבערג, אָנפאַנגס נישט שטאַרק געהאַלטן פון דער באַוועגונג, דערצו נאָך, ווען זי איז נישט געווען גוט צוגעגרייט און אומדער־וואַרט פּראָוואָצירט דורך וויעלאָפּאָלסקיס רעקרוטירונגס־באַפעל. דער עיקר האָבן זיך אַנטקעגנגעשטעלט דעם אָנטייל פון יידן אין אויפשטאַנד די חסידים מיטן גערער רבין ר׳ איטשע מאיר, דעם ממלא מקום פון ר׳ מענדעלע קאָצקער. די חסידים האָבן געזען אין די אַסימילאַטאָרישע טענדענצן פון דער פּאָלקס־רעגירונג אַ גרויסע סכנה פאַר דער אמונה, בעת אַ טייל אַסי־מילאַטאָרן ווידער האָבן זיך געהאַלטן אין שטאַרקן רעזערוו. צי דאָך איז דער אָנטייל פון יידן אין אויפשטאַנד געווען אַ בכבודיקער. דעם אויפשטאַנד־דיקטאַטאָרס, מאַריאַן לאַנגעוויטשס בעל־יועץ איז געווען אַ ייד. לאַנגעוויטש האָט אַגב גערן צוגע־לאָזן יידן צו דער בירגער־מיליץ. אין דער פאָלקס־רעגירונג זענען שפּעטער געזעסן די יידן קראָנענבערג און וואָל. בעת דעם אויפשטאַנד איז דער ייד שאַפּירא געווען זשאַנדאַרמען־קאָמענדאַנט פון קאָוונער פּאָוויאַט; פּאָליציי־דירעקטאָר פון קראָקע איז געווען דער ייד ליבאַן. יידן האָבן אויך מאַטעריעל שטאַרק געשטיצט דעם אויפשטאַנד. קראָנענבערג האָט געשאָנקען אַ האַלבן מיליאָן רובל און געבאָרגט צוויי מיליאָן רובל פאַר אויפשטאַנדס־צוועקן. ענלעכעס האָבן אויך אַנדערע געטון, ווי אויך פּראָוויאַנטירט די אויפשטאַנדס־אַרמיי. פונקענשטיין האָט געליפערט געווער, די ברידער פישער — אַמוניציע, מייזלס פון קראָקע — מונדירן, דוד ליבאַן פון גאַליציע — פערד און שפּאַן, קעניגסבערג פון קאַטאָוויץ—בליי א. אז. וו. פּראָסטע יידן ווי־דער, די גרויסע מאַסע שניידערס, שוסטערס און אַנדערע בעלי־מלאכות האָבן געהאָלפן מיט וואָס איינער האָט געקענט, מיט נדבות, ליפערונגען אָדער אויספּאָרשונגס־דינסט. יידן זענען אויך זייער אַקטיוו געווען אין דער אַרמיי גופא. אַזוי ווי אָבער קיין באַזונדערע יידישע מיליטער־פאָרמאַציעס זענען נישט גע־ווען, זענען אויך נישט באַקאַנט קיין אויסצייכנונגען פון איינצלנע יידן, ווי אַ בערעק יאָסעלעוויטש אין קאָשטשושקאָס

נייטן אָדער פון זיין זון יאָסל אין יאָר 1831. פון די געבלי־בענע דאָקומענטן איז אָבער קלאָר, אַז דער אָנטייל פון דער יידישער יוגנט אין די שלאַכטן איז געווען גאָרנישט קיין קליינער און דאָס האָט שטאַרק צוגעהאָלפן צו דער דערנענטע־רונג פון יידן און פאָליאַקן.

אַ פּראַכטפולע שילדערונג פון יענער צייט מיט אירע דערהויבנדיקע און דריקנדיקע מאָמענטן אין פוילנס געשיכטע האָבן מיר אין דער יידישער ליטעראַטור אין אָפּאַטאָשוס „פוילישע וועלדער". אָבער אויך אין דער פוילישער ליטעראַטור געפינט מען נישט איין שילדערונג פון יענע צייטן. בכלל איז דער ייד אַלס שילדערונגס־אָביעקט אין דער פוילישער ליטע־ראַטור זייט דאַמאָלס נישט מער קיין צופעליקער, ער ווערט אַן אָפטער, שטענדיקער גאַסט אין דער פוילישער בעלעטריסטיק און פּאָעזיע.

אַן אָנזאָג פון די נייע פויליש־יידישע באַציונגען, פון דער פאָרשטייענדיקער יידיש־פוילישער פאַרברידערונג, איז ל. ניעמאָיעווסקיס געדיכט פון י. 1862: „צו אַ יידן" („דאָ איזראַעליטי").

דער מחבר באַדויערט, וואָס געבוירן אויף געמיינזאַמער ערד, טראָגנדיק צוזאַמען די משא פון וועלט־שמערץ, געמיינזאַם דערנערט מיט דער מוטער־ערדס קערנער, איז דער ייד דאָך אַזוי לאַנג פרעמד געווען פאָליאַקן און זייערע הענט האָבן זיך קיינמאָל נישט צונויפגעטראָפן אין אַ ברודערלעך־פריינטלעכן האַנט־דרוק. די יידישע טראַדיציאָנעלע קאַפּאָטע האָט געלעבט אין דמיון פון פאָליאַקן ווי אַ שאַנד־פלעק און די פאַראַכטונג פון יידן האָט מיט וואָרט און טאַט געשעפן דעם סם פון רשעות. איצטער אָבער זאָל זיך אָנהויבן אַ נייע צייט, זאָל הערשן ברודערלעכקייט, זאָל זיך שטאַרקן די פריינטשאַפט און ליבשאַפט און זאָל אונז צוזאַמען בענטשן דער גאָט יהוה.

מ'איז אַפילו פריינטלעך געוואָרן צום יידישן גאָט און מ'בעט זיין ברכה.

אין זיין געדיכט „משה" („מאָשיצק") שילדערט וואָלאָ־

דזימיערזש וואָלסקי אַ יידישן בחור, וועלכן אַ פּוילישער גימנאַזיסט האָט אַלס חדר־יינגל געראַטעוועט דאָס לעבן ביים טרינקען זיך. איצט, געפינענדיק זיך אַלס פרייוויליקער אויף די שלאַכטפעלדער פון אויפשטאַנד, ראַטעוועט משה דאָס לעבן פון זיין אַמאָליקן בעל־טובה, אויך אַ פּאָווסטאַניעץ. נאָכן נישט איינגעגעבענעם אויפשטאַנד, וואוינען ביידע חברים, וואָס די געמיינזאַמע געפאַרן האָבן זיי פעסט פאַרייניקט, צוזאַמען אַלס פּאָליטישע עמיגראַנטן אין אויסלאַנד.

מרדכי פון אורבאַנסקיס „געלן מרדכי" („ריזשי מאָרדקאַ"). באַהאַלט ביי זיך אַ פּאָווסטאַניע־קאָמאַנדיר אונטערן בעט פון זיין פרוי, אַ קימפּעטאָרין דערצו. ער שטייט־ביי דעם נסיון פון נישט אַרויסגעבן די פּאָווסטאַנצעס, כאָטש מ׳דראָט אים מיט טויט און מ׳פּרוּווט אים אונטערקויפן מיט געלט.

פּול מיטגעפיל איז אויך ראַמאַנאָווסקיס „רב" („ראַבין"), געווידמעט דעם פּאַטריאָטישן וואַרשעווער ראַבינער יאַסטראָוו פון י. 1863, וואָס וויל נישט פאַרלאָזן דאָס ליידנדיקע פּוילן, ווי אַ פלעגערין דעם חולה.

און מ׳דאַרף נישט מיינען, אַז אָפּאַטאָשוס שילדערונגען פון די פּויליש־יידישע באַציונגען אָדער די פּוילישע שילדערונגען פון מיצקיעוויטשן ביז קראַשינסקין זענען היסטאָריש נישט אמת. די צוגעבונדנקייט פון די פּוילישע יידן צו פּוילן איז שוין אַן אַלטבאַקאַנטער פּאַקט. שוין דער דערמאַנטער משה פון נאַראָל, דער שפּעטערדיקער רב אין מעץ בעט הילף פאַר פּוילן נאָך זיין אַנטלויפן בעת די קאָזאַקישע אָנפאַלן אין 17־טן יאָרהונדערט. אַלס יידישע קוואַלן קענען דינען יחזקאל קאָטיקס „זכרונות", אין וועלכע ער דערציילט וועגן ר׳ ישראלן, דעם קאָצקער חסיד, דעם גאונישן קאָפּ, מאַטעמאַטיקער, טאַלאַנטפולן קאָמפּאָזיטאָר, גרויסן מומחה אין פּאָליטיק און סטראַטעגיע, וואָס איז געווען „בעתן פּוילישן אויפשטאַנד פון 63־טן יאָר דורכאויס בונטאַריש געשטימט. ער איז געווען אַ פאַרברענטער פּאָליאַק, אַ שרעקלעכער פּוילישער פּאַטריאָט און איז בנוגע פּוילנס גורל געווען העכסט אָפּטימיסטיש געשטימט. ער איז גע־

ווען זיכער, אַז פּוילן וועט איצט ווערן נאָך אַ גרעסערע מלוכה ווי זי איז פריער געווען. ער האָט געלייגט גרויסע האָפּ־נונגען אויף נאַפּאָלעאָן דעם דריטן, אַז יענער וועט העלפן זיגן די פּאָליאַקן, שיקנדיק מיליטער און אָפיצירן, וועלכע וועלן, פאַרייניקט מיטן פּוילישן מיליטער, באַזיגן רוסלאַנד, וואָס האָט פראָסט מיליטער און קאָן נישט קיין תכסיסי מלחמה. ער איז געווען ביי זיך זייער פעסט ווען ער האָט געלעזן אין די צייטונגען, אַז די פּאָליאַקן האָבן אָפּגעהאַלטן זיגן אין זייערע צעוואָרפענע שלאַכטן; ער האָט זיך געפרייט און אַרויס־געוויזן אַזאַ שמחה, ווי מ׳וואָלט אָפּגענומען ירושלים. טאָמער האָט ער געלעזן, אַז די פּאָליאַקן האָבן געהאַט ערגעץ אַ מפּלה, האָט ער געטרויערט, אָבער דאָך זיך נישט אונטערגעגעבן. ער האָט אַלץ געטענהט, אַז ביי אים איז זיכער ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַז פּוילן וועט פאָרט געווינען די מלחמה. ער האָט שוין געהאַט צוגעגרייט דריי מאַרשן פאַרן נצחון פון די פּאָ־ליאַקן. דער ערשטער מאַרש איז געווען פאַרפאַסט דערויף, ווען דער רוסישער קיסר וועט אונטערשרייבן, אַז ער גיט אָפּ פּוילן און דאָס פּוילישע מיליטער וועט אַריין אין וואַרשע מיט נצחון; דער צווייטער מאַרש — צו באַגלייטן דאָס פראַנצויזישע מיליטער, ווען זיי וועלן זיך צוריקקערן פון וואַרשע קיין פראַנקרייך און דער דריטער מאַרש — צו דער פייערונג פון פּוילישן קעניג מיט דער נייער קאָנסטיטוציע... ער האָט שוין מבטיח געווען אַלעמען, אַז אין פּוילן וועט זיין זייער אַ לי־בעראַלע קאָנסטיטוציע, פּונקט ווי זיי זענען געווען די ערשטע קאָנסטיטוציאָנאַליסטן אין דער וועלט״... אַז ער האָט דערזען מיט די אייגענע אויגן די ערשטע פּוילישע מפּלות, האָט ער זיך צעוויינט ווי אַ קינד, נאָר דאָך נישט פאַרלוירן די האָפּנונג. זיין שנאה צו די רוסן, די אונטערדריקער פון פּוילן, זיין פּאָ־טערלאַנד, איז געווען אין ער לשער און ער האָט פּשוט נישט געלאָזן פאַרקויפן די רוסישע סאָלדאַטן קיין ביסן עסן. ער באַ־קומט אַפילו שכר דערפאַר: צוויי פּעטש, אַז דאָס בלוט גייט אים. ער נעמט עס אָבער אָן באהבה, ווייל דאָס זענען נישט

קיין סאָלדאַטן, נאָר רוצחים... זעענדיק, אַז דער אויפשטאַנד איז פאַרשפּילט, נעמט ער זיך שטאַרק צום האַרצן, הויבט אָן שטאַרק טרינקען בראָנפן, כדי אַרויסצושלאָגן פון זיך די מרה־שחורה.

דאָס ווייסט צו דערציילן אַלס פאַקט אַ יידישער מעמואַריסט.

צו די באַדייטנסטע ווערק וועגן אויפשטאַנד און דעם יידישן אָנטייל אין אים געהערט בלי־ספק איגנאַנץ קראַשעווסקיס (באָלעסלאַוויטאַ) דריי בענדיקער ראָמאַן „דער ייד" („זשיד").

קראַשעווסקי איז געווען און געבליבן דער פרוכטבאַרסטער פוילישער שרייבער ביזן היינטיקן טאָג. אין זיין צייט האָט ער געשריבן אַזויפיל, וויפל אַלע פוילישע שריפטשטעלער צוזאַמען. ער איז אָבער אויך געווען איינער פון די עמפינדלעכסטע אינדיווידוען פון זיין צייט און שטאַרק רעאַגירט אויף אַלע דאַמאָלסטיקע געזעלשאַפטלעכע דערשיינונגען. די געשיכטע פונם אויפשטאַנד אין 1863 און די דאַמאָלדיקע פויליש־יידישע באַציונגען האָט ער געשילדערט אויף די פיל הונדערטער זייטן פון זיין דריי בענדיקן ראָמאַן „דער ייד".

אָנגעשריבן תיכּף נאָכן אויפשטאַנד, אין 1866 און דורך איינעם, וואָס האָט די געשעענישן אַליין מיטגעלעבט, צייכנט זיך דאָס בוך אויס מיט גרויסער אמתדיקייט און שטאַרקער קענטעניש פון מענטשן און זאַכן, אויך יידישע ענינים בתוכם, סיי כלפי פנים בנוגע דעם יידישן לעבנס־שטייגער און מענטשן־דיפערענצירונג, סיי כלפי חוץ אין באַצוג צו דער אויפשטאַנד־באַוועגונג.

דער העלד פון ראָמאַן, יעקב האַמאָן איז דערצויגן געוואָרן אין אַ יידישע קרעטשמע, אַ פאַרוואָרפענער אין אַ ווייטן העק אויפן ישוב. פרי איז אים אָפּגעשטאָרבן דער פאָטער און עס קומט אים אויס אין גרויסער נויט צו פאַרברענגען זיינע קינדער־ און יוגנט־יאָרן. זיין דערציונג איז געווײנלעך אַ יידיש־טראַדיציאָנעלע, נישט פעדאַגאָגישע ביי אַ פאַנאַטישן, פאַר־

קריפּלטן מלמד, אַן אַסקעטישן כּעסן, דערפאַר אָבער אַ גרויסן בקי אין תּורה.

אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אַ רייכן, גרויסשטעטישן קרוב ווערט יעקב, אויף יענעמס קאָסטן אָפּגעגעבן אין דער אָרטיקער קריסטלעכער שולע, וואו עס קומט אים אויס פיל צו ליידן אַלס איינציקן ייד אין אַן אויפגעהעצטער קריסטלעכער סביבה. שפּעטער נעמט אים דער רייכער קרוב צו זיך קיין וואַרשע אַלס אָנגעשטעלטן אין זיינע געשעפטן. יעקב איז אָבער פון קינדוויייז אָן אַ פּאַרטרווימטער. אין אים לעבט אַן אידעאַ־ליסט־רעפאָרמאַטאָר וואָס וויל באַנייען דאָס יידישע לעבן, נישט אָנרירנדיק די גרונט־יסודות פון דער יידישער אמונה; ער קלערט וועגן אַ פאַרייניקונג פון דער מאָדערנער קולטור מיט דער אַלט־יידישער טראַדיציע. יעקב טויג דעריבער נישט צו זיין קרובס געשעפטן און פּאַסט זיך נישט צו יענער פאַרחומרטער סביבה פון גרויסשטעטישע יידישע אַסימילאַטאָרן, וועלכע פאַראַכטן יעדן, וואָס איז נישט אָנגעשטאָפּט מיט געלט, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט העכערע אַספּיראַציעס, וועלכע מ׳קען נישט תּיכּף אויסטוישן אויף באַלדיקע מאַטעריעלע נוצנס.

אנשטאָט צו ווערן אַ גוטער, ראַפינירטער סוחר ביי זיין קרוב, פאַרליבט זיך גאָר יעקב אין יענעמס טאָכטער און גע־פינט קעגנזייטיקייט ביי דער פאַרחלומטער טילדע. אין יענע ספערן קען מען אָבער נישט אַזעלכע זאַכן ווי פּלאַמיקע יוגנט־ליבע און מ׳מאַכט התונה טילדען פאַר אַ פּוסטן, רייכן בחור, אַ קאַריעריסט, הענריק סעגעל. יעקב, אינגאַנצן אָן מיטלען און דערצו נאָך וואָס האָט די העזה צו האָבן אַן אייגענע מיי־נונג, וועלכע איז נישט אין הסכּם מיט די כּללים פון דער אַרומיקער פּלוטאָקראַטיש־אַסימילאַטאָרישער סביבה, וואָס טראָגט זיך אַרום מיט רעפאָרמאַטאָרישע געדאַנקען, וואָלט באַשטימט באַלד מיט שאַנד אַרויסגעשטויסן געוואָרן פון זיין קרובס גע־זעלשאַפט, ווען נישט עפּעס אַ ווייטער, רייכער קרוב, וואָס האָט אים, שטאַרבנדיק אין אויסלאַנד, אָפּגעשריבן אַ גרויס פאַרמעגן.

ערשט אַ דאַנק דער רייכער ירושה, הויבט מען זיך אָן רעכנען

מיט יעקבן, מ׳האָט פֿאַר אים דרך-ארץ און ער גופא באַקומט די מעגלעכקייט זיך צו בילדן, פֿאַרטיפֿן זיין וויסן, טראַכטן און לעבן לויטן אייגענעם איינזעצן, אַרויסזאָגן פֿריי זיינע אָנ-שויאונגען.

יעקב באַטראַכט זיך פֿאַר אַ פּוילישן ייד און נישט פֿאַר אַ פּאָליאַק. פֿאָדערנדיק בירגער-רעכט אין לאַנד, נעמט ער אויך אויף זיך געוויסע פֿליכטן בנוגע פּוילן, באַזונדערס אין קריטישע צייטן, ווען דאָס לאַנד איז אין געפֿאַר און פֿאַרלאַנגט גרויסע קרבנות. ער געהערט נישט צו די היץ-קעפּ, ער לאָזט זיך נישט מיטרייסן מיטן שטראָם פֿון היציקן ענטוזיאַזם, וואָס רעכנט זיך נישט מיט דער ביטערער ווירקלעכקייט. קוים אָבער קומט דער קריטישער מאָמענט, ווען די באַפֿעלקערונג אין פּוילן ווערט פֿראָוואָצירט דורך דעם צאַריזם און זיינע פּוילישע משרתים, געפֿינט זיך אויך ער אין די רייען פֿון די אויפֿגעשטאַנענע.

אין זיין צואה, פֿאַרן גיין אין שלאַכט, שרייבט ער: „ווען דאָס אומגליקלעכע פֿאָלק האָט זיך צעבונטעוועט, האָט זיך גע-כאַפּט צו די כלי-זין, ווען עס האָט דערפֿילט, אַז עס ברויך צו פֿאַרשרייבן אַ ניי בלוטיק בלאַט פֿון פֿאַרצווייפֿלונג אין זיין גע-שיכטע — איז מיין פֿליכט געווען צו שטעלן זיך פֿאַר מיינע ברידער-יידן אין די קאַמף-רייען און זאָגן: — אָט בין איך, איך — ייד".

נישט גלויבנדיק אינם זיג פֿון אויפֿשטאַנד קעגן דער מאַכט פֿון געפֿאַנצערטן צאַריזם, נעמט ער דאָך אַנטייל אין אויפֿשטאַנד: „נישט געקוקט דערויף, גיי איך, — ווייל כ׳בין אַ ייד, בכדי צו געבן אַ באַווייז, אַז אונזער פֿאַרברידערונג איז נישט געווען קיין פּוסטע פֿראַזע, נאָר אַ טאַט". ער גייט, ווערט פֿאַרוואונדעט און וואַלגערט זיך שפּעטער איבער דער וועלט אַלס פּאָליטישער עמיגראַנט.

צו שילדערן אין פּרטים יעקבס פּערזענלעכע איבערלעבענישן און זיין אומגליקלעכע ליבע מיט טילדען, וועלכע ווערט לסוף דאָך פֿאַרווירקלעכט, איז איבעריק. נישט מסכים זייענדיק מיט די רעליגיעזע אנשויאונגען פֿון קראַשעווסקיס העלד, מוז מען

דאָך אנערקענען, אַז יעקב, — נישט געקוקט אויף זיין אומ־קאָנסעקווענץ, — געהערט דאָך צו די סימפּאַטישסטע יידישע טיפּן אין דער וועלט־ליטעראַטור. אינטערעסאַנט איז אויך, אַז קראַשעווסקי דריקט אויס דורך דעם יידישן העלד זיינע אייגענע אָנשויאונגען מכח דעם אויפשטאַנד, זיין פאַרלויף און דערגרייכונגען. קראַשעווסקי האָט פאַרטראָטן דעם שטאַנדפּונקט, אַז דאָס פּוילישע געזעלשאַפטלעכע לעבן וועט נישט באַנייט ווערן דורך רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן, נאָר אויף אַ פרידלעכן אופן, דורך אַ שטילער, אינטענסיווער און פלייסיקער אַרבעט. די הויפּט־שטרעבונג דאַרף זיין — עקאָנאָמישער אויפבוי און פאָלקס־בילדונג, — אַ מין פאָרשפּיל צום שפּעטערדיקן פּאָזיטיוויזם, וואָס איז געווען אַזוי פּרוכטבאַר לויט איכות און כמות פאַרן פּוילישן לעבן.

קראַשעווסקי האָט, חוץ מ׳זעט פון ראָמאַן, פלייסיק שטו־דירט דאָס יידישע לעבן לויט ספרים און אין די טיפענישן פון פאָלק. אויפן פּאָן פון יעקבס פערזענלעכע איבערלעבונגען באַ־שרייבט ער בילדער פון דאַמאָלסדיקן לעבנסשטייגער און די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע שיכטן, וואָס האָבן געווירקט אין יידישן לעבן. מ׳געפינט דאָ בילדער פון יידישן חדר, יידישע פּרנסות, יידישן האַנדל און מלאכה. אומעטום איז פאַראַן אַ טיפע סימפּאַטיע צום יידישן אַרבעטסמענטש און אַלטן טראַ־דיציאָנעלן ייד. נאָר נאָך שטאַרקער איז די פאַראַכטונג און ממש שנאה צום ייד־אַסימילאַטאָר, פינאַנץ־מענטש, — כאָטש אויך קראַשעווסקין, ווי פריער קאָרזשעניאָווסקין, איז גוט באַקאַנט די סיבה פון יידישער געלט־גיריקייט: געלט איז דאָס איינציקע מיטל פאַרן יידן, אַז מ׳זאָל זיך מיט אים רעכנען, אים מענטשלעך באַהאַנדלען, דאָס בעסטע געווער צו ראַטעווען זיך פון טויט אין געפערלעכע מאָמענטן.

מיט אַן ערך דרייסיק יאָר פריער האָט ניעמצעוויטש גע־וואָלט זען אין יידן נוצלעכע בירגער פון לאַנד, וואָס גענינסן פון אַלע רעכט און צו דעם צוועק זיי גערופן זיך צו אייראָ־פּעיזירן, זיך מאָדיש קליידן און לערנען די לאַנד־שפּראַך. נאָר

אַט האָט די השכלה געמאַכט פּאָרטשריטן. אַ גענוג היפּשער טייל יידן האָט איבערגענומען מאָדערנע מאַניערן, שרה און לייבס קינדער און אייניקלעך האָבן אויפגעהערט ריידן יידיש, זענען אַפילו געוואָרן סאַלאָן-פּעיִק. נאָר וואָס איז געוואָרן פון זיי, לויט קראַשעווסקין? אַ גרויל ממש צו טראַכטן! פּוסטע מענטשלעך, וואָס באַהאַלטן זייער נישטיקייט אונטער דער מאַסקע פון פּוילישקייט און אַסימילאַציע.

ס'איז ממש שווער צו גלויבן, אַז מיט צענדליקער יאָרן צוריק איז אַ פּוילישן שריפטשטעלער געלונגען אַזוי טיף אַריינ-צודרינגען אין דער פּסיכאָלאָגיע פון אַ פרעמדן שיכט מענטשן, דערצו אַ גאָר יינגן, אָן אַן אויסקריסטאַליזירטער פּסיכיק, און אַזוי בילד-טריי שילדערן אַ סביבה, וואָס האָט זיך ערשט פיל שפּעטער אַנטפּלעקט פאַר דער ברייטער עפנטלעכקייט מיט איר מיאוסן פּרצוף. אַ תהום פון מאַטעריאַליזם, פון מאָראַלישער געפאַלנקייט עפנט זיך פאַר אונז אין דער אַטמאָספער פון דער אַנטשטייענדיקער יידיש-פּוילישער אַסימילאַציע. מיר דערזעען פאַר זיך מענטשן אָן הארץ, אָן נשמה, אָן אידעאַל, וואָס זענען גרייט צו גלויבן פאַר געלט אין וואָס עמעץ וועט נאָר הייסן, ווייל זייער גאָט איז: די מטבע, דאָס געניסן פון עולם הזה, דער דערפאָלג אין געשעפטן. געזעלשאַפטלעכע ענינים, אייגענע און שכנותדיקע, אַפילו אַזעלכע וויכטיקע ווי די פּאָוסטאַניע, זענען פאַר דעם דאָזיקן קלאַס מענטשן בלויז געשעפטס-ענינים און זיי באַהאַנדלען עס ווי אַ בערזן-טראַנזאַקציע, אויסגערעכנט, אויסקאַלקולירט מיט אַלע פּיטשעווקעס. מ'האַלט זיך רעזערווירט, כדי זיך שפּעטער תמיד צו קענען שטעלן אויפן צד פון זיגער, פון שטאַרקערן; קוים זעען זיי, אַז דער שוואַכערער ליידט אַ מפּלה, לאָזן זיי אים פאַלן, זאָל עס אַפילו זיין אַ נאָענטער. אַנטקעגן די עקלדיקע אַסימילאַטאָרישע, פּוסטע טיפּן פון אַ לואי מאַן, ברידער סאַמועל און סימאָן באָראַה, העבריק סעגעל, פאָטער און זון זעענבאַכס, מוטער און טאָכטער ווטאָרקאָווסקאַ— דערשיינען די יינגע ראַדיקאַלן יעקב און בערטאלד און די

אַלטע יידן: אברהם מאַכנאָוויעצקי, יאַנקל מעווס, שמואל הענדלער, דער אַלטער אהרן — ממש ווי מלאכים.

קורץ נאָך קראַשעווסקיס יידישן ראָמאַן זענען דערשינען אויך אַנדערע פּוילישע ליטעראַרישע שאַפונגען, וואָס האָבן גע־האַט פאַר אַ טעמע יידן, ווי למשל אין י. 1868 עדוואַרד לובאָווסקיס דראַמע אין פינף אַקטן „דער ייד", וועלכע איז פּרעמירט געוואָרן אויף אַ קאָנקורס אין לעמבערג א. נ. פון אַלעקס. פרעדראָ.

די דראַמע שילדערט אַ ליבע־פאַרהעלטניש צווישן אַ יינגן פּוילישן גראַף אַדאַם און אַ שיינער יידישקע עלקע, אַ טאָכטער פון באַנקיר גאָלדשטיין, דעם גראַפס אַ מקורב און אַלטער פאַ־מיליען־פריינט.

לובאָווסקיס שאַפונג איז כמעט די איינציקע נישט נאָר אין דער פּוילישער נאָר אַפילו אין דער וועלט־ליטעראַטור, וואו דער שוואַכערער צד, וואָס גרייפט אָן און גיט זיך אונטער איז נישט דער יידישער צד, נאָר דער קריסטלעכער. עלקע זייענדיק אַ גאָר יינגעטשקע אלמנה, אַ נידערגעשלאָגענע און דערצו שוין אַ פאַרקנסטע פאַר אַן אומסימפּאַטישן בערזן־אַגענט, שטעלט זיך אָנפאַנגס שטאַרק אַנטקעגן דעם געפילס־אָנגריף פון יינגן גראַף, וועלכער איז די איינציקע טרייסט פון זיין מוטער און כלה־קוזינע. אָבער לסוף גיט זי זיך אונטער זיינע באַמיונגען און השפּעה: זי איבערצייגט זיך אין דער ערנסטקייט פון זיינע געפילן צו איר און אין זיין איבערגעבנקייט. דאָ אָבער שטויסן זיי זיך אָן אויף די באַקאַנטע מניעות פון איבערצייגונג און סביבה, אויף די יאָרטויזנטער אַלטע מחיצות צווישן אמונות, ראַסן און נאַציעס, דערצו באַזונדערס פאַרשאַרפטע צווישן אדליקן פּאָליאַק און פאַראַכטעטן יידן.

נישט קיין קלענערע טראַגעדיע, ווי די יינגע פאַרליבטע, לעבט איבער דער אַלטער ווינקל־באַנקיר גאָלדשטיין, אויף וועלכן דער נאָמען פון דער דראַמע באַציט זיך אייגנטלעך. זיין גאַנץ לעבן איז ער געווען פינאַנסיעלער בעל־יועץ פון גראַפס משפחה און געשטאַנען מיט איר אין פריינדלעכסטע באַציונגען, גרייט

פאַר זיי ממש דאָס לעבן אַוועקצוגעבן. די שרעק אָבער צו פאַרלירן זיין קינד, וואָס וועט איבערגיין אין אַ קריסטלעכער, פרעמדער סביבה, מאַכט אים כמעט משוגע. כדי צו ראַטעווען פאַר זיך זיין טאָכטער איז ער גרייט אויסצופירן די גרעסטע געמיינקייטן, אַפילו פאַרברעכנס. ער רואינירט עקאָנאָמיש דעם יינגן גראַף און זיין פאַמיליע דורך געמיינע אַפערעס. דערמיט דערגרייכט ער דעם היפוך דערפון, ער שטויסט אָפּ פון זיך זיין איינציק קינד. און ווען ער קומט צו באַזינונג, איז עס שוין צו שפּעט, ווייל אַרום אים זענען שוין בלויז רואינען, מאַטעריעלע און מאָראַלישע. דער יינגער גראַף, זיין מוטער און כלה זענען צעבראָכענע מענטשן, קבצנים; די טאָכטער האָט אים פאַרלאָזן, איר גליק אָבער נישט געפונען, און ער גופא פאַלט אונטער שווערע שיקזאַל-קלעפּ.

לובאָווסקיס ווערק איז אין מאַנכע שטעלן שטאַרק באַאיינפלוסט פון שעקספּירס „ווענעציאַנישן סוחר", דער עיקר אין דער שילדערונג פון אַלטן באַנקיר גאָלדשטיין, וועלכן עס באַהערשן שיילאָקס נקמה-געפילן. ער איז אָבער ווייט נישט אַזאַ טראַגישע און אַלגעמיין-מענטשלעכע פיגור, ווי שעקספּירס קלאַסישער העלד. ס'איז לגמרי אומנאַטירלעך זיין גיכער איבערגאַנג פון גוטפריינטשאַפט צו שנאה, פון ערלעכקייט צו שווינדעריי און געמיינקייט, פון ליבע צו האַס און דערצו נישט אין אַפעקטיוון צושטאַנד, נאָר אין אַ פאָרויס באַרעכנטן, שטאַרק באַדאַכטן.

אָביעקטיווקייט בנוגע יידן האָט לובאָווסקי אונטערן פּסעוודאָנים ב א ל י י ק ר ו ט, אויך באַוויזן אין זיין גרויסן ראָמאַן פונם י. 1873 „א ו י ף ד ע ר ש י פ ק י י ט" („נאַ פּאָכילאָשצי").

אויב זיינע דאָרטיקע יידישע טיפּן, ווי דער גביר אהרן אָדער דער פּראָצענטניק שלמה זילבערבערג, געהערן נישט צו די גאָר סימפּאַטישע, שטעלט ער אָבער באַלד לצבן זיי פּאָליאַקן, וואָס טוען אין ענלעכע אָדער גינסטיקערע אַפילו לאַגעס פיל מער שלעכטס ווי יידן. ביים רואינירן דעם פּריץ

לעכיצקי האָט דער דייטש שטיין אַ פיל גרעסערן און מיאוסערן אנטייל ווי אהרן; בנוגע ווידער די וואוכערישע אַפּעטיטן פון שלמהן שטייט קיין סך דערפון נישט אָפּ דער פירשט מיכאל אַליין. האָט כאָטש שלמה זילבערבערג זיין הייליקייט: דאָס ריינע פאַמיליען-לעבן זיינס און זיין איינציקע טאָכטער גאָלדע, וועלכע ער פאַרגעטערט, אויף וועלכער ער לייגט זיינע אַלע האָפנונגען און גיסט אויס זיין גאַנצע מענטשלעכע ליבשאַפט, בעת דער פירשט מיכאל, דער געלט-גיריקער, דער אוממענטש, פירט אַ גאָרנישט מענטשלעך פאַמיליען-לעבן און פאַרסמט דאָס לעבן פון זיין יונגער פרוי.

וואָס שייך דער רויִנע פון דער שליאַכטע, זעט עס דער מחבר נישט אין יידנס שולד, נאָר אין איר אייגענער, אין איר לייכטזין און צעלאָזנקייט. יענע וואָס פירן זיך לייטיש, איז נישט גאָר זיי ברויכן נישט אָנצוקומען צום וואוכערער, נאָר זיי שפּאָרן נאָך, מאַכן אינוועסטיציעס, פאַרמערן זייער פאַרמעגן.

אין שמואל זילבערבערגס הויז שפּילט זיך אָפּ אַ טראַגעדיע, וועלכע איז אַ פועל-יוצא פונם דואַליזם אין דער דערציונג, וואָס מ'פלעגט געבן ביי יידן זייערע קינדער: תורה-לערנעריי פאַר די בחורים און וועלטלעכע בילדונג פאַר די מיידלעך. באַזיצנדיק אייראָפּעאישע בילדונג מיט קולטורעלע מאַניערן, האָבן זיך זעלבסטפאַרשטענדלעך די מיידלעך געריסן פון זייער מיטלאַלטערלעכער סביבה צו דער דרויסנדיקער, וועלכע האָט געווינקען מיט אַזאַ בליאַסק און וואו זיי האָבן געהאָפט אָנצוטרעפן ריטערלעכע העלדן פון אַ שעקספּיר, שילער אָדער באַלזאַק, אַזאַ שאַרפן קאָנטראַסט צו די היימישע פאַרשמאַיעטע יונגעלייטלעך. נישט געפינענדיק ביי די נאָענטסטע, שטענדיק פאַרטועוועטע אין ספּעקולאַטיווע ענינים, קיין פאַרשטענדניש, קיין מיטגעפיל, האָבן זיי זיך געריסן פון די געטאָ-מויערן אַרויס ווי געפאַנגענע פלאַטערלעך, גרייט צו פליען אין וועלט פון חזיונות, פון אייביקער, געטלעכער ליבע, און דערביי געפאַלן אַ קרבן פון ערשטן ליבן שמייכעלע, מיט וועלכן עס האָט זיי באַשאָנקען אַן עלעגאַנטער קריסט, זייער אָפט אַ דאָן-זשואַן.

אַן ערשטקלאַסיקער אויסוואורף. און דעמאָלט הזרט זיך איבער די געשיכטע פון זשעסייקען און שיילאָקען.

אויך גאָלדע, זילבערבערגס טאָכטער, ווערט פאַרפירט דורך אַן אויסוואורף, וועלכער וואַרפט זי אַוועק אין מאָמענט, ווען זי דאַרף געבוירן אַ קינד, און אַ צעבראָכענע, ערב-גסיסהדיקע געפינט איר ערשט דער צעשמעטערטער פאָטער, אויף וועמענס הענט זי שטאַרבט יונג אָפּ.

און ערשט נאָכן פאַרלירן זיין ליבע טאָכטער, נאָך די טיף איבערלעבטע דערשיטערונגען, נאָך שווער איבערגעלעבטע צרות, דערזעענדיק, אַז די מטבע קען דאָך נישט געבן מענטשן דאָס גאַנצע גליק, האָט שלמה חרטה אויף זיין פאַרגאַנגענהייט, אויף זיינע מיאוסע מעשים.

אין זיין פאַרצווייפלונג, זוכנדיק אומזיסט די פאַרלוירענע טאָכטער, גיט ער זיך אָפּ אַ חשבון, אַז ער וועט זי נישט לייכט געפינען, ווייל ער „אַ ייד בעט דאָך היכף, אַ ייד וויינט דאָך בלויז און אַ ייד בלויז בעט צוריק זיין טאָכטער, וועלכע איז דאָך אגב אויך נאָר אַ יידישקע, געבוירן אין קויט! זי איז דאָך נישט קיין פריציש קינד, נאָר שמואלס טאָכטער און די שמואלס זענען דאָך פאַרשאָלטענע, פון תמיד אָן פאַרשטויסענע. מיר האָבן געלט און איר פריצים הוליעט און מאַכט עס קאַליע; איר זענט ביי אונז אין קעשענע; דעריבער זענען מיר מכלומרשט בידערטרעכטיק און איר פאַרקויפט נאָר די ערד פון אייערע אבות, אַן אייל נאָך אַן אייל און זענט דערביי גרויסע יחסנים! אין שטעטל האָבן די שררהשע טעכטער געלאַכט פון מיין טאָכטער, געשפּיגן אויף אירע שיינע מלבושים, געשפּאָסט דער-פון, וואָס זי האָט בעסער געקענט פראַנצויזיש פון זיי, גע-בילדעטער געווען פון זיי".

שלמה ווערט ערלעך, און טרעפט אויך אָן ערלעכע אַני-שטענדיקע פּאָליאַקן. ער הויבט אָן גלויבן אין אַ מעגלעכן צוזאַמענלעבן און אַפילו אחדות פון נאַציעס, ער רופט אויס צו מאָדליצקין: „ווען עס וואָלטן זיין מער אַזעלכע מענטשן ווי איר, וואָלט דאָך נישט עקזיסטירט קיין שנאה צווישן צוויי

נאַציעס, וואָס לעבן נעבן זיך און מיר גופא וואָלטן אויך בעסערע געווען"... „אינגאַנצן זענען מיר יידן אָבער באַשטימט נישט שולדיק!... וואָס האָבן מיר געזאָלט טון? שנאָרען אָדער שטאַרבן פון הונגער?.. צו וואָס האָבן מיר זיך געזאָלט אָנטשעפען?.. אַז אומעטום האָט מען אונז אָפּגעשטויסן. און אפילו אַז עמעץ האָט זיך געשמדט, איז אים נישט בעסער געווען, ווארום איר האָט אים באַשמוצט אַלס משומד, און פאַר אונז איז ער דאָן אוודאי אַ פאַרלוירענער געווען".

טוט שלמה תשובה, גיט אַ סך געלט אויף וואויל־טעטיקע צוועקן, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציע, ברענגט דערמיט אריין אַ בעסער צוזאַמענלעבן צווישן יידן און פּאָליאַקן, און ביידע צדדים זענען מסכים, אַז „מ'מוז ארויסווייזן גוטן ווילן צו אַ צוזאַמענלעבן", אַז „מ'מוז זיך באַמיען צו פאַרשטיין איינער דעם צווייטן און אָפּזאָגן זיך פון פאַרעלטערטע זאַבאָבאָנעס".

לובאָווסקי, וואָס האָט זיך אין זיין דראַמע דער „ייד" באַמיט צו פאַרשטיין דעם אַלטן באַנקיר גאָלדשטיין, כאָטש ער איז אַרויסגעקומען ביי אים אַ מין פּוילישער שיילאָק; ער וואָס האָט דורך אומגליק און צער דערפירט דעם אַלטן שלמה זילבערבערג פונם ראָמאַן „אויף דער שיפקייט" צו אַ שלום מיט זיינע ערלעכע, קריסטלעכע שכנים, — קען אָבער נישט ליידן די קאַריעריסטן־משומדים און דער משומד פּישזאָן פון זיין קאָמעדיע „מיר האָבן זיך ליב" („מי קאָכאַמי שיען") קומט אַרויס אַלס פאַררעטער, איינער פון די אומסימפּאַטישע מענטשן, אויף וועלכע מ'שטויסט זיך שפּעטער אַזוי אָפט אָן אין דער פּויִלישער ליטעראַטור.

אַ דראַמע „דער ייד" האָט אויך געשאַפן דער טאַלאַנטפולער און פּאָפּולערער פּאָעט אַדאַם אַסניק (על...י).

די הויפּט־פּערזאָן אין דער דראַמע, וואָס קערעוועט מיט מענטשן און געשעענישן, איז דער משומד וויינבערג, וועלכער איז מחמת אַ ליבע־אנטוישונג און אָפּשטויסונג פון אַ קריסטלעכער פרוי אָנגעפילט מיט שנאה צום גאַנצן אָרום. וויינבערג האָט

געטון אַלץ מעגלעכעס כּדי זיך איינצוקויפן אין דער פּוילישער געזעלשאַפט: זיך געשמדט, געשדכנט צו קריסטינס, געטאָן גרויסע טובות פּאָליאַקן. אָבער זיין נשמה איז מיט האַס און געמיינקייט אַדורכגעזאַפּט, ער שטויסט אַלעמען אָפּ פון זיך און פאַלט אַ קרבן פון זיינע אייגענע אינטריגעס.

די העסלעכע פּאַרבן פון קראַשעווסקיס ערב-משומדים ווערן אין אַסניקס משומד וויינבערג נאָך טונקעלער און אָפּ-שטויסלעכער.

אויפן שטאַנדפּונקט פון פולשטענדיקער אַסימילאַציע שטייט אויך דער יידישער באַנקיר פון זיגמונט סאַרנעצקיס קאָמעדיע „סלאָנעטשניק“. די שטערונגען, וועלכע עס שטעלט אַרויס דער אַלטער יידישער באַנקיר אין לובאָווסקי דראַמע „דער ייד“ אָדער די סקרופּולן, וועלכע עס באַזיצט דער קריסטלעכער צד צום יידישן משומד, דעם פינאַנסיסט אין אַסניקס „ייד“ און וואָס פאַרביטערן אים אַזוי אומרחמנותדיק זיין לעבן,—זיי עקזיסט־רן נישט פאַר סארנעצקין און זיין העלד. דער ייד-באַנקיר איז אַ טיפּ, בנוגע ערלעכקייט, אַן ענלעכער צו קאָרזשעניאָווסקיס אהרן פון זיינע „יידן“, נאָר אַ מער גע-בילדעטער, אויפגעקלערטער, מיט ברייטע באַקאַנטשאַפטן און מיט גאָר שטאַרקע אַסימילאַטאָרישע טענדענצן: נישט בחנם איז ער געבוירן מיט אַ העלבן יאָרהונדערט שפּעטער פון אהרנען, ווען די השכּלה האָט געמאַכט גאָר גרויסע שריט און אָנגענומען די פאָרם פון אַ שמד-באַוועגונג.

די דאָזיקע קאָמעדיע און איר מחבר זענען די ערשטע שוואַלבן אין דער פּוילישער דראַמאַטישער ליטעראַטור, וועלכע גלויבן אין דער מעגלעכקייט פון אַן אָפענער, ערלעכער אַסי-מילאַציע פוןביידע צדדים.

פון די נאָך-פּאָווסטאַניע-דיכטער ווידמעט וואַרימערע ווער-טער דעם פּוילישן יידן דער מחבר פון דער „ראַצלאַווישער שלאַכט“, טעאָפיל לענאַרטאָוויטש, גערופן „מאַזאָוויעצ-קער לירניק“. אחוץ די יידישע מאטיוון אין זיינע ליטעראַרישע שניצערייען, גיט ער אין „ווי-געשריי פון אַלטן ישראל“

אַפּאָקאַליפּטישע זעונגען פון פּוילנס פּיין און דערלייזונג, וואָס וואַרט אַלס ליידנדיק פּאָלק, ענלעך צום יידישן, אויף זיין באַפרייונג פון אונטערדריקונג.

זייער ערנסט זענען אויך די „ביבלישע געזאַנגען" פון קאָרנעל איעסקי אויפן בייראָנישן שטייגער, כאָטש מיט זייער קינסטלערישן ניוואָ גרייכן זיי נישט צו בייראָנס שאַפונגען.

די נישט-יושרדיקייט בנוגע יידן ווייזט אויך אויעסקי אין אַ דראַמאַטישן פראַגמענט, אין וועלכן אַ יידישער דאָקטאָר ווערט פאַריאָגט פון ריטערלעכן שלאָס פאַר זיינע ריכטיקע מעדיצינישע עצות, וואָס זענען דער היפוך פון די אומזיניקע הייל-מעטאָדן וואָס זיין פאַן-קאָלעגע, אַ קריסטלעכער רופא, גיט דעם וואָיעוואָדע. דער יידישער דאָקטאָר הייסט דעם שווער-קראַנקן רוען און זיך שוינען, בעת דער קריסטלעכער הייסט פעכטן מיטן שווערד און פירן ענלעכע לייכטע ספּאָרטן; ווערט דערפאַר דער ייד—פאַריאָגט און דער קריסט – געלויבט, ווייל אַזאַ לייכטזיניקייט אנשפּרעכט בעסער דער ריטער-לעכער פּסיכיק. די באַהאַנדלונג איז פּונקט אַזאַ אומזיניק-ווילקירלעכע ווי בנוגע סלאָוואַצקיס יידישן פעלדשער אין „בעניאַוווסקין".

ביבלישע מאָטיוון האָט אויך געשאַפן ווינצענטי קאָראָטינסקי. באַקאַנט איז אָבער זיין געדיכט „דער יידישער בעל-צדקה" („קוועסטאַרזש סטאַראָזאַקאָנני"), אין וועלכן ער באַזינגט דעם ווילנער פילאַנטראָפּ שמעון קאַפּטאַן, וועלכן קאָראָטינסקי, אַלס ווילנער איינוואוינער, האָט גוט געקענט און זיך צוגעקוקט צו יענעמס טאָג-טעגלעכער אומדערמידלעכער צדקה-טעטיקייט, וועלכע עס דערמאָנט אויך מיט אַזאַ יראת-הכבוד אליקום צונזער אין זיין אויטאָביאָגראַפיע „מיין אייגן לעבן".

אַחוץ ביבלישע מאָטיוון האָבן פיל פּוילישע שריפטשטעלער אויך אַ סך געשריבן דראַמאַטישע ווערק אויף ביבלישע טעמעס, ווי למשל, וולאַדיסלאַוו גראַציאַן קאָזלאָווסקיס ביבלישע דראַמע אין אַכט בילדער וועגן ערשטן יידישן

קעניג „ש אָ ו ל" („שאוול"), ל ע נ ט א ו ו ס ק י ס „ישראל אין דער מדבר" („איזראַעל נאַ פּושטשי"), וו ל אַ ד ז י מ י ר ז אַ ג ו ר ס ק י ס „קעניג שלמה" („קרול סאַלאָמאָן"), א. אַ. באַזונדערס האָט אָבער געלאָקט זיי פּוילישע קינסטלער די טעמע וועגן עסטערקען, דער געליבטער און קעפּסווייב פון פּוילישן קעניג, קאַזימיר דעם גרויסן.

דאָס איז אויך נישט קיין וואונדער, ווייל דער פּעריאָד פון קאַזימיר דעם ערשטנס קיניגן געהערט דאָך צו פּוילנס העראָיעכסטע, גילדענע צייטן. אַ צו שטאַרקע פּערזענלעכקייט איז געווען דער ערשטער יאַגעלאָנטשיק און גאָר לעגענדאַר איז געווען די ראָל פון עסטערקען אין קאַזימירס לעבן, אַז זי זאָל נישט וועקן דו דיכטערישע פאַנטאַזיע, וואו זי האָט אַ מעגלעכקייט און געלעגנהייט צו צעשפּרייטן גאָר ברייט אירע פליגלען.

אויפן מאָטיוו וועגן עסטערקען און קאַזימיר האָבן געשריבן: ב ר אָ נ י ק אָ ו ו ס ק י — „קאַזשימיר דער גרויסער און עסטערקע" („קאַזשימיערזש וויעלקי אי עסטערקאַ"), ב ע ר נ אַ-ט אָ ו ו י ט ש — „גאַלענטש", ט אַ ד ע ו ש ב ו ל ה אַ ר י ן — „עסטערקאַ", אַ ו ר ע ל י א ו ר ב אַ נ ס ק י — „אונטער זיגמונטס זייל" (פּאָד קאָלומנאָן זיגמונטאַ"); פאַראַן אויך „עסטערקעס" פון אַ ד אַ ם ג אָ ר ט ש י נ ס ק י, י ו ז ע ף ז אַ ל ע ו ו ס ק י, אָ ר-אָ ט א. אַ. די באַדייטנסטע אָבער פון די אַלע שאַפונגען איז ס ט אַ נ י ס ל אַ ו ק אָ ז ל אָ ו ו ס ק י ס היסטאָרישע דראַמע אין פערזן, אין פיר אַקטן: „ע ס ט ע ר ק אַ".

אויב אַ טייל פּוילישע מחברים האָבן געפּרואווט פאָר-שטעלן עסטערקען אַלס אַ שלעכטן גייסט, עפּעס אַ קורטיזאַנע, אַ מין הארעם-דאַמע, אַ מכשפה וואָס האָט פאַרכישופט דעם פּוילישן קעניג, אים אויסגענוצט צו פערזענלעכע צוועקן, גע-האַלטן אים ווי אַ שפּילצייג אין אירע נעגל צום שאָדן פון פּוילן, איז קאָזלאָווסקיס עסטערקע פּונקט דער היפוך דערפון. זי איז איינפאַך און באַשיידן, האָט שטאַרק ליב קאַזימירן און געפינט ביי אים קעגנזייטיקייט, מ׳זעט זי אַלס געטרייע פרוי,

וואָס האָט באַשאָנקען קאַזימירן מיט צוויי זין, אַלס זאָרגזאַמע מוטער און אַ געטרייע שוועסטער פון איר אונטערדריקטער פאַרפאָלגטער אומה, פאַר וועלכער זי איז זיך משתדל ביי איר גרויסן מאַן, בעט היקף פאַר זיי אַקעגן ווילקיר פון דעם אדל און איז אים דאַנקבאַר פאַר דעם גוטס, וואָס ער באַווייזט איר און איר פאָטער, דעם שניידערל אין אָפּאָטשנאָ, ווי אויך פאַר די טובות וואָס ער טוט אירע ברידער־יידן.

קאָזלאָווסקיס עסטערקע אַלס אמתדיק ערלעכע, העלדישע געשטאַלט איז אין איר צייט געווען כמעט די איינציקע זעלבשטענדיקע פיגור פון אַ יידישער פרוי אין דער פוילישער דראַמאַטורגיע. דערביי איז כאַראַקטעריסטיש, אַז די דראַמאַטישע אַקציע, די קאָנפליקטן שפּילן זיך נישט אָפּ אויפן הינטערגרונט פון ליבע און עראָטיק נאָר אויפן געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישן באָדן, מחמת קאָזלאָווסקי ווייזט זיין העלדין אַלס קעמפערין פאַר יידישע רעכט. זי טוט עס אָבער נישט ווי יענע אסתר פון דער מגילה דורך אינטריגעס, נאָר דורך איר פּערזענלעכן איינפלוס אויף דער קעניגלעכער סביבה. אַזוי אַז אין דאַמאָלסדיקן בוּונגס־פּעריאָד פון די פוילישע געזעץ־קאָדעקסן, אין די באַקאַנטע ווישליצקער סטאַטוטן, קעמפט עסטערקע אויס, לויטן מחבר, אין דער פוילישער יוריסדיקציע, דעם פּאַראַגראַף 135 „De Judaeis” וועלכער שטעלט פעסט די יידישע רעכט, די אַזויגערופענע פּריווילעגיעס.

אַ חוץ עסטערקען טרעטן נאָך אויף אין דער דראַמע לייב, אַ זקן, וואָס רעפּרעזענטירט דאָס יידישע פאָלק און שפּילט בנוגע עסטערקען אַ ראָל פון אַן אפּיטרופּס, ווי מרדכי ביי אחשורושן, אַ טיפּ זייער אַ סימפּאַטישער און לייבס אייניקל, דער יינגער לאָטאַן, וועלכער פאַרקערפּערט דעם יינגערן דור יידן, וואָס ווילן נישט אייביק ליידן, וואָס קענען זיך נישט איינלעבן מיטן געדאַנק פון שטענדיקע רדיפות און פאַרפאָלגונגען און האַלטן אין איין טענהן פאַרוואָס קומט עס אונז.

דער מחבר ווייזט אַרויס גרויסע בקיאות און אַ סך מיטגעפיל צום פאַרפאָלגטן יידישן קיבוץ, און די דיאַלאָגן

צווישן יינגן לאָטאַן און זיין זיידן לייב זענען זייער אינטע־רעסאַנט.

לאטאן למשל פרעגט: „זאָגט מיר דאָך איינמאָל ענדלעך, פאַרוואָס האַסט אונז די גאַנצע מענטשהייט? וואו אַ ייד שטעלט נאָר אַ פוס, לויפט שוין פאַר אים דער גייסט פון שנאה, באַלד לייגט אונז אַנידער אַ שטורעם ווי בינטלעך שטרוי אין פעלד, מיר זענען אויף אַן אמת אַ פאַרשאָלטענע אומה.״

ענטפערט אים דער זיידע: „פאַרוואָס פאַרשטייסטו נישט, ווייל מיר זענען אומגליקלעך, דורך אונזער פאַרוואָגלט זיין, קינדער אָן פאָטערלאַנד, ווייל מיר טראָגן אויף אונזער לייב בלויע צייכנס פון קלעפּ, נוצט עס יעדער גערן אויס און לאָזט אויס צו אונז דעם כּעס.״

לאָטאַן ליידט מאָראַליש מחמת די שטענדיקע רדיפות און ווילקיר פון זיין פאָלק, ער זוכט די סיבות, ער וויל האָבן אַ טרייסט, אים באַפרידיקט נישט דעם זיידנס ענטפער, אַז מן־הסתּם איז אַזוי באַשטימט מן־השמים, אַז מען דאַרף זיך סאַקע באַמיצן אויסצובעסערן די לאַגע, דערוויל אָבער אָננעמען אַלצדינג באהבה, אַלס צוגעשיקטעס פון זיין ליבן נאָמען.

7

# פּאָזיטיוויזם.

נאָכן נישט-געלונגענעם פּרואוו פונם יאָר 1863, אראָפּצעוואַרפן פון זיך דעם יאָך, איז אין דער פּוילישער געזעלשאַפט פאָרגעקומען אַ שטאַרקער איבערברוך. עס האָבן זיך געענדערט די עקאָנאָמישע באַדינגונגען. פּוילן מאַכט גיכע שריט אויפן וועג פון אינדוסטריאַליזאַציע און גלייכצייטיק ענדערן זיך אויך די אַלגעמיינע באַגריפן און אָנשויאונגען.

דער דורכפאַל פונם אויפשטאַנד איז אין דער ערשטער ריי געווען אַ מפּלה פון דער שליאַכטע. אַלס נקמה פאַר דעם בונט, האָט דער צאַריזם אַדורכגעפירט גרויסע קאָנפיסקאַציעס און קאָנטריבוציעס, דער עיקר אויף דער שליאַכטע, און צוליב דעם זענען רואינירט געוואָרן אַ סך גיטער. די פּריצים זענען צעשמעטערט געוואָרן צום נוצן פונם פּויערטום, וואָס איז דאַמאָלס ערשט פולשטענדיק באַפרייט געוואָרן פון פאַנשטשיזנע. אַזוי אַז אַ חוץ דער שליאַכטע האָט קיין שום קלאַס עקאָנאָמיש דורכן אויפשטאַנד נישט געליטן. די קאָנפיסקאַציעס פון פּריצישער ערד און זייער פּאַרצעלאַציע האָבן געשאַפן אין לאַנד אַ האַלבן מיליאָן קליינעווירטשאַפטלעכע באַלעבאַטישקייטן און דערמיט שטאַרק פאַרגרעסערט דעם אינערלעכן קאָנסומענטן-מאַרק. אַ דאַנק דעם, ווי אויך מיטן אָפּשאַפן די גרענעץ-מחיצות מיט רוסלאַנד, איז די אינדוסטרי גאָר ניט

נעוואָקסן. נישט ביכולת צו באַפרידיקן דעם גאַנצן פאַרברויך, האָט מען געמוזט פיל סחורות אַריינפירן פון אויסלאַנד, און עס איז ווידער שטאַרק אויסגעוואָקסן דער האַנדל. די קליינשטעטלדיקע יידישע באַפעלקערונג לאָזט זיך מאַסנווייז פון די ישובים און שטעטלעך אין די גרעסערע שטעט. אויך פאַר דער רואינירטער שליאַכטע אַנטשטייט די פראַגע פון לעבן און טויט. זי האָט געמוזט אָדער איינהאַלטן די אַלטע פּאָזיציעס אויפן לאַנד, אָדער וואָס גיכער זיך איינאָרדענען אויף נייע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס אין שטאָט און געניסן פונם גאָלדענעם רעגן, וואָס האָט זיך אַ גאָס געטון איבעַ־ן לאַנד. אין שטאָט אַריין האָט זיך אַ לאָז געטון די שליאַכטע, ברענגנדיק מיט זיך אַ היפּש ביסל קאַפּיטאַל, אינטעליגענץ און וויסן.

אין סך-הכל, איז די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספערע אַ גאַנץ אַנדערע געוואָרן, אַ שטאַרק אָפּגערייניקטע, וואָרום אַ דאַנק דער נייער עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג איז אויך פאָרגעקומען אַ שטאַרקע דעמאָקראַטיזאַציע.

די פּוילישע אינטעליגענץ, וואָס איז באַשטאַנען פון פּריצים אָדער פון עלעמענטן מיט אַ פּריצישן אָפּשטאַם, האָט זיך גאָר גיך אויסגעניכטערט פון אויפשטאַנד-טשאַד און אָנגעהויבן מאַכן אַ חשבון-הנפש. אַ דאַנק די טרויעריקע דערפאַרונגען פון עבר, האָט מען איבערגעריסן מיטן אַמאָליקן אויפגעבלאָזענעם קאַסטן-גייסט, מיטן אומבאַגרינדעטן טרוימערישן אָפּטימיזם און אָנשטאָט דעם אָנגעהויבן טראַכטן וועגן רעאַלער אַרבעט, וועגן פּראַקטישקייט. און היות מ׳האָט אין דער פּריערדיקער ראָמאַנטישקייט, וואָס האָט געהאַט באַהערשט דאָס לעבן און ליטעראַטור, געזען אַ באַדייטנדיקע סיבה פון דער געזעלשאַפטלעכער אומבאַהאָלפנקייט און צעקראָכנקייט, האָט מען אַלס רעאַקציע קעגן דער איבערגעלעבטער אַנטוישונג באַמיט זיך איבערצורייסן מיט דער פּאָעזיע אין לעבן און ליטעראַטור, און זי פאַרבייטן אויף פּראָזע, בוכשטעבלעכע אין דער ליטעראַטור און פּראַקטישע אין לעבן, איבערגייענדיק צו זאַכלעכקייט, ניכטערקייט און אָרגאַנישער אויפבוי-אַרבעט.

וואָס שייך דער קעגנערשאַפט צום עבר, דער נעגאַטי־ווער אָפּשאַצונג פונם ביז איצטיקן און דעם שטרעבן צו פאַר־געסן די טאַטן און געליטענע מפּלות, — אַלס פּועל־יוצאס פון קינדערשע, צעבאַלעוועטע פּרוּוון, — האָבן זיך דאָ צופעליק צו־נויפגעטראָפן עטלעכע געזעלשאַפטלעכע צדדים און דערצו דיאַ־מעטראַל ווייטע פון זיך: דער נצחונדיקער צאַריזם, וואָס האָט דעם אויפשטאַנד פּראָוואָצירט; די קאָנסערוואַטיווע סטאַנטשיקעס פון גאַליציע, וואָס האָבן זיך פאַרהאַלטן נייטראַל בעתן אויפ־שטאַנד; און די וואַרשעווער אינטעליגענץ, וואָס איז אַרויס פון דער „פּאָזיטיווסאַניע" אַן אַנטוישטע.

מאָסגעבנד איז געווען די לעצטע, ווייל אַ דאַנק דער גיכער אַנטוויקלונג פון אינדוסטריע און האַנדל, האָט זיך דער נערוו פון געזעלשאַפטלעכן לעבן איבערגערוקט פון דאָרף אין שטאָט און דעם אויבנאָן האָט אָנשטאָט דער שליאַכטע, פאַרנו־מען דאָס שטאָטישע בירגערטום. זיין אינטעליגענץ בילדעט אַ באַזונדערע געזעלשאַפטלעכע ריכטונג, דעם אַזוי גערופענעם פּ אָ ז י ט י וו י ז ם מיט אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ש וו י ע נ ט אָ־ ר אָ וו ס ק י, דאַמאָלס אַ שטאַרק פּראָגרעסיוון און ראַדיקאַלן, אין דער שפּיץ.

די יונגע פּאָזיטיוויסטישע ריכטונג אין פּוילן, וואָס איר פּאַראָל איז געווען: אָ ר גאַ נ י ש ע אַ ר ב ע ט ב יי ד ע ר ב אַ ז ע, האָט ביי איר אַנטשטייען אָנגעטראָפן אויף אַ גרויסן בלויז. אַלס ירושה פון דער פאַרגאַנגענהייט איז איר געבליבן: די אידעאַליזירונג פון דער שליאַכטע, ווי מיצקיעוויטשס „פּאַן טאַדעוּש", אַ שטאַרקער קלעריקאַליזם, ווי קראַשינסקיס „אומ־געטלעכע קאָמעדיע" און אַ שטאַרקע גייסטיקע אָפּגעשטאַנענקייט לגבי אייראָפּע, ווו דאָס לעבן האָט שוין געהאַט אָנגענומען מאָדערנע פאָרמען. די דאָזיקע אינטעלעקטועלע, עקאָנאָמישע און טעכנישע אָפּגעשטאַנענקייט פּוילנס, מיט אַן אַנאַלפאַבעטן־באַפעלקערונג, האָט די דאַמאָלסדיקע פּוילישע אינטעליגענץ דערפירט ממש צו פאַרצווייפלונג, און זי האָט זיך מיט אַן אמתדיקן רעוואָלוציאָנערן ברען געוואָרפן פאַרניכטן דאָס אַלטע,

אָפּגעלעבטע, פאַרשימלטע און געגומען בויען אויף זיין אָרט נייע לעבנספאָרמען, מיט נייעם אינהאַלט.

עס איז געצויגן געוואָרן אַ שאַרפע גרענעץ־ליניע צווישן נעכטן און היינט. דער עבר איז פאַרמשפּט געוואָרן אַלס אַ ראָמאַנטיש־פריציש־קאָנסערוואַטיווער קינדער־שפּיל, וואָס מוז אָפּגעווישט ווערן — און וואָס גיכער — אַלץ בעסער, — עס זאָל דערפון קיין שפּור נישט בלייבן. דערפאַר אָבער מוז מען זיך נעמען בויען דורך פּאָזיטיווער, אָרגאַנישער אַרבעט אַ נײַ לעבן, פון וועלכן עס וועט זיך שפּעטער אַרויסשיילן אויב נישט אַ פּאָליטיש, איז כאָטש אַ קולטורעל און עקאָנאָמיש אומאָפּהענגיק פּוילן.

כדי עס צו דערגרייכן איז נויטיק געווען פלייס, אויסדויער און מיטאַרבעט פון אַלע באַפעלקערונגס־שיכטן, פון אַלע בירגער אָן אונטערשייד פון רעליגיע און נאַציע. און אַזוי ווי די צאָל יידן אין די שטעט האָט זיך, מיטן וואוקס פון האַנדל און אינדוסטריע, שטאַרק פאַרמערט און די גרויס פון דער יידישער אינטעליגענץ איז בעת און נאָכן אויפשטאַנד גיך אויסגעוואָקסן, — דערצו האָט אַ חשובער טייל יידן, דער סימפּאַטישסטער אין מאָמענט פון נאַציאָנאַלן אויפבּרויז באַוויזן אַ סך מלוכהשע צוגעבונדנקייט און רייפקייט, — האָט מען זיי ממילא נישט געקענט און נישט געטאָרט אויסמיידן ביי דער פאַרמאַסקירטער מלוכהשער בויאונג. יידן האָבן אגב אויך באַזיצט אַלע נויטיקע מעלות צו אָרגאַנישער אַרבעט ביי די באַזן: פלייס, אויסדויער, צופּאַסונגס־פעיקייטן, רירעוודיקייט, ענטוזיאַזם און ראַדיקאַלן טעמפּעראַמענט. האָט זיך טאַקע דער פּאָזיטיוויזם מיט יידן שטאַרק גערעכנט און געחברט; די יידישע אינטעליגענץ איז געווען דאָרט געגוג פאַרטראָטן.

דערמיט האָט אויך אין אַ געוויסער מאָס געענדערט זיין פּנים דער יידישער טיפּ אין דער פּוילישער ליטעראַטור. אויב ביזן פּאָזיטיוויזם טרעטן אויף יידן־טיפּן אין דער פּוילישער ליטעראַטור לרוב נאָר אויף אַזוי פיל, אויף וויפל זיי האָבן אַ שייכות מיט פּוילן און דעם פּוילישן נאַציאָנאַלן אינטערעס, —

זענען זיי איצט אין די צייטן פון דעמאָקראַטיזם און בירגער־ראַדיקאַליזם, וויניקער יידן־פּאַליאַקן, נאָר מער מענטשן, וואָס ליידן מחמת אויסערלעכע נגישות און פאַרפאָלגונגען, מחמת אינערלעכער אומרייפקייט און באַשרענקטקייט.

עס באַמערקט זיך אַ ווילן די יידישע העראָפּאַשניקעס צו באַפרייען פון אויסערלעכן דרוק און אינערלעכע פּענטעס, כדי זיי זאָלן קענען מענטשלעך לעבן. די ווערק אין דער צייט פון פּאָזיטיוויזם זענען אויך, להיפוך צו די פריערדיקע, — ווי אַ ניעמצעוויטשס „לייב און שרה", קאָרזשעניאָווסקי „יידן" אָדער קראַשעווסקיס „ייד", — נישט אַזוי גולט טענדענציעז. נייערע מחברים באַמיען זיך צו ווירקן אויף דער געזעלשאַפט דורך אַ הויך קינסטלערישער פאָרם, און דווקא מיט דעם דאָזיקן מיטל צווינגען דעם לעזער זיך צו פאַרטראַכטן און צו דערפילן די רעכטלאָזע לאַגע, וואָס איז גורם ביי יידן פּאַנאַטיזם, דלות און אָפּגעלאָזנקייט. דער ערשטער באַדינג צום שאַפן אַ גוטן, נאַציאָנאַלן צוזאַמענלעבן איז לויט די מחברים— די פולע יורידישע און פּאַקטישע גלייכבאַרעכטונג פון יידן.

איינע פון די באַדייטנדיקסטע און בלי־ספק סימפּאַטישסטע פּוילישע שרייבער פון דער פּאָזיטיוויסטער ריכטונג איז עליזאַ פּאַוולאָווסקאַ־אָרזשעשקאָ, וועלכע האָט פיל געשריבן וועגן יידן, געוויזן זייער רוחניותדיק און גשמיותדיק לעבן, זייערע גוטע ווי שלעכטע זייטן. אירע שילדערונגען פון יידישן לעבן, ווי אויך איר געזעלשאַפטלעכע באַציונג צו יידן האָבן נישט בלויז משפּיע געווען די פּוילישע געזעלשאַפט, נאָר אויך די יידישע אינטעליגענץ גופא.

געבוירן אין י. 1842 האָט אָרזשעשקאָ איבערגעלעבט די אויפשטאַנד־יאָרן, דעם שווערן קאָשמאַר פון דער מפּלה, ווען די האָפנונגען אויף אַ גיכער באַפרייאונג זענען פאַרשוואונדן אויף לאַנגע יאָרן. זי האָט געזען דעם מאַטעריעלן און מאָראַלישן חורבן, וואָס דער אויפשטאַנד האָט גורם געווען אין איר נאָענטסטער סביבה פון דער קליינער און מיטלער שליאַכטע. מיט לייב און לעבן האָט זי זיך דעריבער איבערגעגעבן דער

אָרגאַנישער אַרבעט צווישן פאָלק. תּיכּף אין איר ערשטן ווערק, אין די „בילדער פון הונגער-יאָרן", וואָס זענען דערשינען אין י. 1866, טרעט אויף אַלס העלד די גרויע פּויערשע אַרבעט-מאַסע, וועלכער עס קומט אויס צו ליידן פון טאָפּלער אונ-טערדריקונג, סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער. און זייט דאמאָלס זענען אַלע אונטערדריקטע געוואָרן אירע שוץ-קינדער, אויך יידן בתוכם.

שוין אין די „הונגער-בילדער" ווייזט זי אָן אַלס בעסטן מיטל אויסצובעסערן און דערלייכטערן דעם טרויעריקן מצב פון די געפּלאָגטע — די ליבע צום מיטמענטשן. און איר גאַנצע שפּעטערדיקע ליטעראַרישע טעטיקייט איז אַדורכגעדרינגען מיט איידלקייט, יושר, רחמנות צו אַלע ליידנדיקע, מיט מיטלייד צו אַלע שוואַכע, פאַרפאָלגטע, געפּלאָגטע און אונטערדריקטע. אומעטום און שטענדיק פילט זיך איר ברייט הארץ, טיף גע-פיל, אוניווערסאַלע ליבע.

אָנגעהויבן האָט אָרזשעשקאָ מיט שילדערונגען פון אָרימען, גרויען פּויערטום, פון אַ שיכט וואָס אַרבעט שווער, איז דער-ווייטערט פון די ציוויליזאַציע-גיטער און צו וועלכן מ׳באַציט זיך מיט ביטול און פאַראַכטונג. זי איז דערמיט נישט מסכים. זי פרעגט: „צי האָט איר פון אייערע הויכע, ליכטיקע פענסטער אַראָפּגעקוקט אַמאָל אונטן אינם תּהום פון די געדיכטע מאַסן, וואָס האָרעווען אין זעם אפּך, לעבן אין חושך און אין אָרימ-קייט, באַרויבט פון אַלעם וואָס איז שיין און איידל? צי האָט איר ווען געזען וויפל צרות עס געפינט זיך אינם דאָזיקן תּהום? וועלכע פּיין און יסורים עס וועקן די ווילנס פון לעבעדיקע מענטשן, וואָס זענען אויס ביי אייך אַזוי מיאוס און שמוציק?"

מיטן פּויער האָט זי אָנגעהויבן, שפּעטער — זיך פאַראינ-טערעסירט מיט דער אונטערדריקטער לאַגע פון דער פרוי אין דער היינטיקער געזעלשאַפט און זי אויפגעפאָדערט נישט צו פאַרלירן קיינמאָל איר מענטשלעכן שטאָלץ, אויפהערן זיין אַ שפּילכל פון מאַנסביל; באַמיען זיך צו ווערן אַן אויפגעקלערטע, באַוואוסטזיניקע, זיך באַפרייען אינטעלעקטועל און עקאָנאָמיש.

קעמפן פאַר בילדונג און פּראָדוקטיווער אַרבעט. לעבנדיק ווידער אויף די קרעסן מיט אַ נאַציאָנאַל-געמישטער באַפעלקערונג, האָט אָרזשעשקאָ זיך אויך באַמיט צו באַקענען מיט די ווייס-רוסישע, ליטווישע און יידישע אַרבעטנדיקע מאַסן, זייערע פריידן און ליידן, מעלות און חסרונות, און געוואָרן זייער פאַר-טיידיקער קעגן אומוויסן און בייזוויליקייט. און אַזוי ווי ס'איז נישט געווען ביי איר קיין אונטערשייד צווישן פּריץ און פּויער, צווישן מאַן און פרוי, אַזוי אָביעקטיוו איז זי אויך געווען בנוגע קריסט און ייד. אויב זי דערזעט אַפילו ביים יידן מער שלעכטקייט אָדער מיאוסקייט ווי ביי אַנדערע, ווייסט זי אויך די סבה דערפון: אַ גרויסער טייל שולד, אויב נישט אינגאַנצן, פאַלט אויף די הערשנדיקע ספערן, וואָס באַגרענעצן דעם מאַסן-מענטש, רודפן אים עקאָנאָמיש און סאָציאַל, צווינגען אים אַרויסצובאַקומען דאָס ביסל חיונה פאַר ווייב און קינד דורך קרומע וועגן, ווייל די גלייכע זענען פאַרשטעלט פאַר אים.

אין איר באַציונג בנוגע יידן האָט אָרזשעשקאָ געהאַט פאַר זיך אין דער פּוילישער ליטעראַטור פאָרגענגער, די שוין אויבנדערמאָנטע קראַשיצקי און ניעמצעוויטש. זי האָט געהאַט אויסצווויילן פון איין זייט דעם אַנטיסעמיטישן ביסקופּ, כאָטש אַ ביסל געכאַפּטן אין וואָלטעריאַניזם, און פון דער צווייטער זייט דעם הומאַניטאַרן ניעמצעוויטש. אויסגעקליבן האָט זי דעם צווייטן און אַפילו אויסגענוצט יענעמס העלדן אַלס פּראָטאָטיפּן פאַר זיך. ניעמצעוויטשס ליבע צו דער „זאַך" האָט זי אָבער פאַרטיפט מיט ליבע צום מענטש-ייד, וועלכן זי האָט געשענקט פיל אויפמערקזאַמקייט, באַמיט זיך גרינטלעך צו דערקענען אים און זיין סביבה. נישט לאָזנדיק זיך פאַרפירן בלויז מיטן אויסערלעכן מלבוש, האָט זי תמיד געוואָלט אַרויסגעפינען דעם קערן פון שאָלעכץ. דערמיט דערקלערט זיך אָרזשעשקאָס גענויע קענטניש פון יידישן לעבן.

אָרזשעשקאָ האָט נישט געהערט צו יענעם מין שרייבער, וואָס שילדערן סביבות און מענטשן זייי אומבאַקאַנטע, פאַרלאָזן זיך אינגאַנצן אויף זייער אינטויציע און זינדיקן דעריבער

אין זייער שאַפן. איידער זי האָט גענומען באַשרייבן אַ געוויסן שיכט אָדער קלאַס, האָט זי אים פריער שטודירט. זי האָט גע־פאָרשט דאָס לעבן אַרום זיך, אין פּאַלאַצן און אין כאַטעס, ווילעס און קעלערס, אין וואַרשטאַט און קראָם. אומעטום האָט זי געזוכט דעם אמת, באַמיט זיך דערגרונטעוועוון ביזן סאַמע שורש און מהות פון לעבן, סיי אייגענעם סיי פרעמדן; אומעטום געוואָלט פאַרשטיין סבה און ווירקונג. דער דאָזיקער לעבנס־שטודיום האָט איר ביישט קנאַפּ מי געקאָסט, ווארום ס'איז איר, דער פּריצה, נישט לייכט אָנגעקומען דערקענען אַ פרעמדן לעבן, געווינען צוטרויען און צוטריט צום פויער, אַרבעטער, בעל־מלאכה, הענדלער א. ד. גל. נאָך מער — ביי פרעמדע פעלקער, וועלכע עס טיילן מחיצות פון שפּראַך, רעליגיע, קולטור און לעבנסשטייגער.

וואו עס האָט זיך אָבער געהאַנדלט וועגן יושר און אמת, איז פאַר אָרזשעשקאָן גאָרנישט צו שווער געווען. אין דעם פּרט איז זי אַן אויסנאַם נישט בלויז אין דער פּוילישער, נאָר אַפילו אין דער וועלט־ליטעראַטור. פאַרמאָגנדיק אַ קאָסמיש ליבע־געפיל, ענלעך צו אַ הוגאָ, דיקנס, טאָלסטאָי און ראָלאַנד, האָט אָרזשעשקאָ, אַלס מענטש וואָס איז געבוירן און דערצויגן גע־וואָרן אין אַ פּאָלוס־וויטער און פרעמדער סביבה פון יידישן לעבן, דאָך געהאַט חשק און מוט צו פאַרטיפן זיך אין די אינטימסטע לעבנס־וויבראַציעס פון אַ פרעמדן פאָלק, וואָס איז בעל־כרחו געוואָרן אָפּגעטיילט מיט געטאָ־מויערן פון דער אַרו־מיקער וועלט און זיך דערנאָך אַליין אָפּגעצאָמט פון דער דרויסנדיקער וועלט, עס זאָל צו אים חלילה קיין פריש ווינטל נישט אַריינבלאָזן. אָרזשעשקאָ האָט באַוויזן צו דערבליקן אין דער דאָזיקער דומפּיקער לופט סיי גוטע, סיי שלעכטע זייטן, אויסגעפינען דאָרט טיף־באַהאַלטענע אוצרות פון רוחניותדיקן לעבן ביי אַ תהום פון גשמותדיקער נויט.

וועגן יידן האָט מען, ווי מיר האָבן געזען, אין דער פּויליש־ער ליטעראַטור ביז ארזשעשקאַן, געגנוג געשריבן און די יידן־פראַגע, ווי דער ייד אַלס יחיד, האָבן די פּוילישע שרייבער

תמיד אינטערעסירט. ביי קיינעם איז עס אָבער נישט געשען, נישט פריער און נישט שפּעטער אין אַזאַ פאָרנעם, ווי ביי אָרזשעשקאָ. בעת ביים רוב פּוילישע שריפטשטעלער, אפילו סאַמע פּראָגרעסיוועסטע, ווי זשעראָמסקין, באַגרענעצן זיך די יידן-שילדערונגען מיט דער ריין אויסערלעכער זייט און דאָס בלויז צופעליקערווייז, האָט זיך אָרזשעשקאָ נישט פאַרלאָזן אויפן אויסערלעכן מלבוש אָדער פיזישן אויסזען, נאָר געזוכט טיפער ביזן נשמה-דעק. זי האָט שטודירט די יידישע געשיכטע, זיך באַמיט צו דערקענען דעם תלמוד, אגדות און אַפילו זוהר. איר זענען באַקאַנט געווען די ויכּוחים, וואָס האָבן זיך געפירט צווישן פאַרשידענע תלמודיסטישע שיטות, זי קען פאַרשידענע מחברים-קאָמענטאַטאָרס פון תלמוד א. אַז. וו. זי האָט געפאָרשט דאָס לעבן פון פאַרשידענע יידישע שיכטן און גרופּן: רבנים, באַנקירן, סוחרים, קרעמער, הענדלער, באַלמלאכעס און סתם יידישע אָרעמקייט. זי האָט אריינגעבליקט אין חדר, וואו מ'שלאָגט די קינדער מער, ווי מ'לערנט זיי; זי האָט געקענט דאָס בית-מדרש, וואו עס שפּילט זיך אָפּ אַ שטיק פאָלקס-לעבן; זי האָט דערזען דעם קאַמף פאַר ליכט און וויסנשאַפט, די אַזוי רייכע אין דראַמאַטישע מאָמענטן השכּלה-צייט.

זי איז אָבער אויך נישט בלינד געווען צו יענע פוילע צווייגן פון דער השכּלה, וואָס האָבן פון אָט דעם דאָזיקן קולטור-קאַמף געוואָלט ציען פּערזענלעכע נוצן און אנשטאט זיך דורכצונעמען מיט פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אָפּפערווילקייט צום המון, געלאָזן אים הפקר און אליין; אונטערן מענטעלע פון מאָדערנער, איבערגענומען קולטור זיך איבערגענומען מיט הפקרות. אין פּרט פון קענען דאָס לעבן פון די פּוילישע יידן, קען מען צו אָרזשעשקאָן פאַרגלייכן אין אַ געוויסער מאָס בלויז דעם פּוילישן שריפטשטעלער קלעמענס יונאָשאַ. ווי פאַרשידן איז אָבער ביי זיי ביידן דער צוגאַנג צו דער זאַך. בעת יונאָשאַן אינטערעסירן יידן כמעט בלויז עטנאָגראַפיש אָדער אַלס נעגאַטיווער עלעמענט און ער ווייזט ארויס פאַרשטענדניש בלויז פאַרן ערלעכן קבצן, — איז אָרזשעשקאָ שטענדיק געווען אַ גרי-

תמיד, וואָס האַלט אויף דעם גלויבן אין גוטן און איידעלעם־ אַ סימבאָל, וואָס באַוועגט הערצער, אַן ערבות פון שיינעם און פיינעם, וואָס לעבט אין דער מענטשהייט, אַן עמוד־האש אין פינסטערע געשיכטלעכע מאָמענטן, אין צייטן פון געזעלשאַפט, לעכער רעאַקציע, וואָס וועקט האָפנונג און גלויבן און באַלייכט דעם וועג אין דער צוקונפט.

איינס פון אָרזשעשקאָס פריעסטע ווערק וועגן יידן איז דער ראָמאַן „מ א י ר ע ז אָ פ אָ ו י ט ש", אין וועלכן זי האָט געוואָלט ווייזן פאַר דער קריסטלעכער וועלט דעם תוכן פון דער אַמאָליקער יידישער גייסטיקער קולטור, דאָס וואָס האָט דערהאַלטן דאָס יידנטום אין זיינע טויזנטיעריקע וואַנדערונגען און צוליב וואָס עס ברענגט אַזויפיל קרבנות, טראָגט אויס אַזוי־ פיל פיין. גלייכצייטיק אָבער האָט זי געפּרוּווט ווייזן די נייע שפּראָצונגען אין יידישן לעבן און דעם גייסטיקן קאַמף, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין דער יידישער סביבה; די שטאַרקע טענדענצן צו באַנייאונג, וואָס הערשן אין געטאָ.

טריי איר מיינונג, אַז דער פעלקער־ און מענטשן־האַס נעמען זיך פון אומקענטניש און אומפאַרשטענדניש און אַז דאָס בעסטע מיטל קעגן דעם איז בילדונג, וועלכע איז אינטערנאַ־ ציאָנאַל און ברעכט די מחיצות פון שפּראַך, ראַסע און גלויבן,— האָט זי געוואָלט ווייזן, אַז אויך אין דער יידישער סביבה גייט אַ קאַמף אויף לעבן און טויט פאַר וויסן און בילדונג. און אַז מיט זיין זיג וועלן פאַרשווינדן די הערשנדיקע אַנטאַגאָניזמען.

די האַנדלונג אין בוך און מאיר עזאפאוויטשס דראַמאַ־ טישער קאַמף — שפּילט זיך אָפּ אין די פינפציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, אין אַ פאַרוואָרפן טיפּישן יידישן שטעטל אויף די קרעסן, שיבאָוו, וואו אַלץ זינקט אין טיפער בלאָטע, אין גייסטיקער אָפּגעשטאַנענקייט, וואוהין עס דערגייט קוים אַן אָפּקלאַנג פון דער גרויסער, ווייטער וועלט. דאָך הערשט נישט דאָרט אינגאַנצן קיין בית־הקברותדיקע שטילקייט. פון כמה דורות גייט דאָרט אָן אַ קאַמף צווישן צוויי שיבאָווער משפחות: די עזאפאוויטשעס און טודרוסעס. די ערשטע זענען גרויסע סוחרים,

וואָס קומען אין דער ברייטער וועלט און שטויסן זיך צונויף מיט די נייע געדאַנקען, וואָס שוויבלען דרויסן; בעת די טוד־רוסעס זענען אַ רבנישע דינאַסטיע, עקסטרעמע פאַנאַטיקער, וואָס זענען גרייט אויסצוראָטן מיטן שורש יעדן איינעם, ווער ס'איז נישט מסכים מיט זייערע מעשים, און שטעלט זיך אַנט־קעגן אַ קוצו של ייד.

דער דאָזיקער קאַמף פירט זיך אין שיבאָוו שוין גאָר לאַנג. אָנגעהויבן האָט אים נאָך מיכאַל עזאפאוויטש, וועלכער האָט זיך מיט יאָרהונדערטן צוריק, אין קאַמף צווישן רבנות און רעפאָרם געשטעלט אויף דער זייט פון דער לעצטער. נישט גע־קוקט אָבער אויף זיין געהויבענער מאַטעריעלער לאַגע און אָני־געזעענער סאָציאַלער שטעלונג, מיטן טיטול „ס ע נ אָ ר פ ו ן יי ד ן", וועלכן עס האָט אים געשאָנקען דער פוילישער קעניג זיגמונט I, ווערט ער דאָך באַזיגט פון אַרומיקן פאַנאַטיזם. ער ווערט באַקעמפט דורך די טודרוסעס, און זיין געשריבענע צוואה וועגן די רעפאָרם־מיטלען פאַר יידן ליגט יאָרהונדערטער ערגעץ פאַרשטעקט. אָן ענלעכן סוף האָט דער קאַמף, וואָס עס נעמט אויף שפעטער הערש עזאפאוויטש אין די צייטן פון פיר־יעריקן סיים, ווען די יידן־פראַגע ווערט זייער אַקטועל, ווען מ'טראָגט זיך אַרום מיט גרויסע רעפאָרם־פּלענער.

דער לעצטער אין דער משפחה עזאָפאָוויטשעס נעמט אויף דעם קאַמף פאַר רעפאָרמירן דאָס יידישע לעבן—דער יינגער מאיר, וואָס זיינע גייסטיקע אַספּיראַציעס און האַס קעגן די מיטל־אַלטערלעכע רבנישע פענטעס ווערן געשטאַרקט דורך די שטענ־דיק אין דער משפחה לעבנדיקע, בונטאַרישע טראַדיציעס.

מאיר עזאָפאָוויטש געהערט צו יענער גאַלעריי קעמפער פאַרן פרייען געדאַנק, מיט וועלכן עס איז געגוג רייך די יידישע געשיכטע אין די לעצטע יאָרהונדערטער און וועלכע האָבן זיך אַפילו דערוואָרבן אַ ספּעציפישן נאָמען: „טרוימער פון געטאָ". דאָס זענען מענטשן מיט רייכע נאַטורן, וועלכע עס שטיקט די אַרומיקע בית־הקברותדיקע שטילקייט און פאַר־גליווערטקייט פון געדאַנק; ס'איז זיי ענג אין די אייגענע

ד' אמות און זיי רייסן זיך צו דער דרויסנדיקער, ברייטערער און שענערער וועלט, וואו זיי האָפן אָנצוטרעפן אויף אַ ברייטערלעך אויסגעשטרעקטן אָרעם, כּדי צוזאַמען זיך וואַרפן אין די ברייטע לעבנס-כוואַליעס, אַראָפּרוימען דעם אַלטן שימל, באַשרענקטקייט און צביעות און אַנשטאָט דעם פאַרשפּרייטן ליכט און וויסן, אויסקעמפן אַלגעמיין-מענטשלעכע פאַרבריידערונג.

זייער גורל פאַר די דאָזיקע אַפּיקורסישע געדאַנקען איז אונז אויך גוט באַקאַנט. עס וואַרט אויף זיי אַ חרם פון אַקאָסטאַ און שפּינאָזע, אָדער אַנדערע ענלעכע רדיפות, ווי וואַרפן פון בריק אין טייך אַריין פון אַ מיימאָן און לינעצקי. זייער רעטונגס-וועג וועט זיין: נאָך אַ לאַנגן קאַמף פאַרלאָזן די אייגענע היים און גיין זוכן די אויסגעשטרעקטע ברודערלעכע האַנט אין דער פרעמד.

אויך אין מאירס קאַמף איז די טראַדיציע שטאַרקער פון שכל. דער המון, צו וועלכן מאיר אַפּעלירט, ווערט בלויז מאָמענטנווייז מיטגעריסן מיט אים. לסוף שטעלט ער זיך אָבער אויפן צד פון זיינע קעגנער און מאיר מוז פאַרלאָזן זיין געבורטשטאָט, פאַרשטויסן פון נאָענטע און ווייטע.

ער פּרוווט לכתּחילה קעמפן פאַר באַהערשן די מאַסע; ער וויל זי נישט פאַרלאָזן און איבערלאָזן אויפן באַראָט פון קלעריקאַליזם, אָבער די מאַסע גופא פאַרשטויסט אים פון זיך, פאַריאָגט אים פון שטעטל.

אָרזעשקא קען דעם גורל פון געטאָ-טרוימער, און זי הויבט אָן דאָס בוך מיטן מאָטאָ: „אַלע מיינע מיטבירגער, וואָס פאַרלאַנגען ליכט און שלום מיטן גוטן ווילן און גלויבן, אָן אונטערשייד וואו און אויף וואָסערן אופן זיי לויבן גאָט, שענק איך די דערציילונג.” דעם ראָמאַן ווידער ענדיקט זי מיט אַן אַפּעל צום לעזער, אויסצוהעלפן און מיטצוקעמפן מיט אָט די מאירס, אויב זיי וועלן אַזעלכע אָנטרעפן אויף זייער וועג.

מאירס קולטור-קאַמף שילדערט אָרזעשקא אויף דער קאַנווע פון יידישן לעבנס-שטייגער. מיר זעען די יידישע היים, דעם בית-המדרש, דעם חדר, דאָס געטאָ מיט זיינע אָרימע

זיינוואוינער, בעלי־מלאכות און קבצנים, דעם גאַנצן יידישן האַנדל און וואַנדל. מאירס ריין־פּערזענלעכע איבערלעבונגען און אַמביציעס שפּילן אין ראָמאַן אַ קלענערע ראָל, ווייל דער גורל פון יחיד איז צו קליין אין אַזאַ גרויסן שטרייט, ווי מאירס. ביי זיין גייסטיקער סטרוקטור, בונטאַרישן טעמפּעראַמענט און עמפּפינדלעכקייט צו יעדער עולה, איז יעדנפאַלס אויך פאַר־שטענדלעך זיין האַנדלונג, ווען ער פאַרשטויסט פון זיך די אים אָנגעוואָרפענע כלה, די מאַנירטע מערי וויטעבסקאַ און דער־נענטערט זיך צו דעם געררודפטן קאַראַימישן מיידל, גאָלדע, מיט וועלכער עס פאַריייניקן אים די. געמיינזאַמע פאַרפאָלגונגען.

נישט אַזאַ לפי־ערכדיקע השפּעה, און אַזאַ טיף הומאַני־טאַרן כאַראַקטער, ווי „מאיר עזאָפּאָוויטש", האָט אָרזשעשקאָ ראָמאַן „ע ל י מ א ק אָ ו ע ר".

דער ראָמאַן איז ווייניקער סביבה־דערציילונג און גיכער אַ לעבנס־פאַרלויף און אַנטוויקלונגס־געשיכטע פון אַ דורכשניט־לעכן יידן, רייך אין אינדיווידועלע איבערלעבונגען און באַ־שטרעבונגען. עלי מאַקאָווער איז לגמרי נישט ענלעך צו מאיר עזאפּאוויטשן. ס'איז אַן אַנדערער שניט מענטש, ענלעכער צו קלעמענס יונאָשאס יידישע דאָרף־טיפּן, וואָס נוצן אויס עמעצנס לייכטזיניקייט אָדער טעמפּקייט כדי זיך דערביי צו באַרייכערן.

אָרזעשקאָ האָט געהעריק אָפּגעשאַצט די יידישע רירעוו־דיקייט, שפּאָרזאַמקייט, צופּאַסונגס־פעיִקייט און אונטערנעמונגס־גייסט, אַלץ זאַכן, צו וועלכע עס האָט אַזוי שטאַרק געלעכצט דער פּאָזיטיוויזם, כדי אַמגיכסטן און אַמבעסטן אויסהיילן די פּאָוסטאַניע־וואונדן.

ביי פּוסטע בייטלען און ליידיקע קעשענעס איז דאָך אַ גרויסער טייל פון דער שליאַכטע געווען פויל, צעבאַלעוועט, אומגעדולדיק און קאָנסערוואַטיוו־שטייף. עטלעכע אַזעלכע טיפּן זעט מען אין „עלי מאַקאָווער": קאַרל אָרכאָווסקי ענדיקנדיק דעם אוניווערסיטעט ליגט גאַנצע טעג אויף דער קאַנאַפּע, לייענט ראָמאַנען אָדער פלירטעוועט, בעת זיין מוטער איז פאַר־טון אין פאַרשטעלטער פרומקייט; קאָנראַד רענטשיץ איז פאַר־

נומען מיט האָדעווען געיעג-פערד, מיט ספאָרט און זיין מוטער פראַוועט הויף-פּאַראַדן; פּאַביאַן לאָזאָוויטש פאַרנעמט זיך מיט גראַפאָמאַניע, זופט סאַמע קונסט אין לעבן און האָט תרעומות צו יידן, בכן זיי שטערן אים מיט זייער אויסזען זיין עסטעטישן געשמאַק, מאַכן אים קאַליע די לופט אין הויף; דער ליידיקגייער שילאָ זיצט אויף פרעמדער קעסט און דעמאָראַליזירט זיך אַלץ מער. אַלע ווילן זיי געניסן פון כל טוב, אָבער נישט אַרבעטן.

גאַנץ אַנדערש פירן זיך אָרזעשקאָס יידן. בעת די פּריצים הוליען, פאַרברענגען די צייט פוסט-און-פּאַסט ביי טענץ, שפּיל, געזאַנג און ביטערן טראָפּן, איז דער ייד שטענדיק אין באַוועגונג; ער לויפט, אַרבעט, זוכט פּרנסה, שאַפט. אַט האָבן זיך יידן קיינמאָל נישט באַשעפטיקט מיט ערד-אַרבעט, ווייל מ׳האָט זיי נישט צוגעלאָזן דערצו און נאָך איינגערעדט דעם עולם, אַז יידן זענען בכלל נישט מסוגל צו ערד-אַרבעט. קוים האָט מען אָבער אָפּגעשאַפט די פאַנשטשיזנע און פאַרצעלירט ערד, האָבן זיך תּיכף אין די פּריצישע הויפן באַוויזן יידן מיט דער אָנפּראַגע, צי מ׳קען נישט אַרענדירן ערד.

יידל שניידערס זון, עלקע מאַקאָווער, זיצט נישט ווי פּאַוול שילאָ אויף עמעצנס גנאָד, רק איז אומעטום און שטענדיק דאָרט וואו מ׳קען עפּעס פאַרדינען: אויפן מאַרק צווישן די פּויערשע פורלעך, ביי טירלעך פון דורכפאָרנדיקע קאַרעטעס, אין אַכסניות, צווישן קרעמערשע פורגאָנעס, אויף סוחרשע בוידן. אָט איז ער אין הויף ביים פּריץ, דאָ ווידער ביים עקאָנאָם אין שטוב אָדער ביים פּויער אין כאַטע און אָט אויף טראַקטן און שטעגלעך אין הייסן זוניקן מיטאָג און אין רעגנדיקן אָוונט; אומעטום און שטענדיק לויפט ער און באַמיט זיך.

ביי זיך אין שטוב אָבער איז ער אַ גאַסט. צו די זייניקע פאַלט ער אַריין בלויז עטלעכע מאָל אין וואָך אויף געציילטע שעהן. ער באַווייזט קוים צו זען ווייב און קינדער און לאָזט זיך ווייטער אין וועג אַריין. נישט עס ווייסט עמעץ וואָס ער עסט, וואו און ווען ער עסט. עס בלייבט אַ סוד וואו און

ווען ער שלאָפט. אַריינפּאַלנדיק אין אַ קרעטשמע, נאָכן דער-ליידיקן זיינע עסקים מיטן שענקער און פּויערים, גיט ער אַ שלינג אַראָפּ אַ שטיקל שוואַרץ ברויט, פאַרבייסט מיט אַ ציבעלע אָדער שטיקל קנאָבל און לאָזט זיך דערמיט צופרידן. ווער שמועסט שוין, אויב מ'איז אים מכבד מיט אַ געזייערטער או-גערקע אָדער אַ טעפּל זויער-מילך, איז שוין באַלד ביי אים אַ שטיקל יום-טוב. ער שלאָפט אויך וואו עס לאָזט זיך: אין שענק אויף אַ האַרטער באַנק, אין סטאַדאָלאָ אויף היי, אויף אַ טרייסלענדיקער בויד, דעם קאָפּ באַהאַלטן צווישן די קניען אָדער אַן אויסגעצויגענער אויף אַ פּויערשן פורל, אויף זעקלעך תבואה, אויף פעסלעך הערינג אָדער גאָר ערגעץ אויף דער הוילער ערד. אָט אַזוי פאַרברענגט עלי זיין יונג לעבן, פאַר-שטויבט פון טראַקטן, אָפּגעברענט פון הייסער זון, דורגעזאַפּט מיט אַרבעטס-שווייס, מיט שמוץ פון שענקען, קרעטשמעס און שטאַלן.

אַלס צולאָג קומען דערצו: באַליידיקונגען פון פּריצישע פּאָדער-צימערס, שטיינער פון דאָרפישע שקצים, אָפּגעריסענע שטיקער פּאָלעס פון כלבים.

ס'איז קיין וואונדער, אַז ביי אַזאַ אינטענסיווער אַרבעט און ממש הינטישן לעבנס-שטייגער דערגרייכט עלי מיט זיין פיבערהאַפטן, עקשנותדיקן געיעג און בזירשן אָפּזאָגן זיך פון אַלע תענוגים—צו אַ בעסערער עקאָנאָמישער לאַגע.

פּאַוואָלי ווערט ער פון אַ דאָרף-גייער און פעדלער — אַ סטאַטעטשנע סוחר, וועלכן מ'טרעפט שוין ווייניקער אין די דאָרפישע קרעטשמעס, אין די שענקען, אויף די מאַרקן; מ'זעט אים שוין נישט אויף דאָרפישע פורלעך, אויף בוידן און אין פּריצישע קאָרידאָרן. לאַנגזאַם איז עלי געוואָרן אַ מיושבער סוחר, ער רעדט שוין ווייניק, דערפאַר אָבער באַדאַכט; זיינע שריט ווערן באַזאַכט. ער איז געוואָרן אַ בן-בית אין פּריצישע קאַבינעטן, וואו מ'שרייבט אונטער פאַרשידענע קאָנטראַקטן שטיל און געלאַסן. ער האָט שוין ווייניקער צו טון מיט פּויערים און שענקער, דערפאַר אָבער מער מיט פּריצים גופא און זייערע

עקאָנאָמען; ער הויבט אָן האָבן אַ שיכות מיט די הויפּישע שפּייכלער, סטאָדאָלעס, וועלדער און גוראַלנעס.

פון קליינינקן הענדלער און מעקלער איז עלי געוואָרן אַ הורט-סוחר פון תּבואה, געהילץ און בראָנפן.

עס וואַקסט עליס עשירות און דערמיט אויך זיין קרעדיט. צוזאַמען מיט אים באַרייכערן זיך אויך אַלע, וואָס שטייען-צו אַלס שותּפים צו זיינע געשעפטן. און אַזוי דערנענטערט זיך לאַנגזאַם דער מאָמענט, ווען נישט בלויז דער אינהאַלט פון די פּריצישע שפּייכלערס ווערט עליס אייגנטום, נאָר אויך די שפּייכלערס גופא און די ערד אויף וועלכער זיי שטייען: עלי ווערט גוטבאַזיצער. דערביי באַלעבאַטעוועט ער אַלס לאַנד-ווירט גאָר נישט-קשהדיק, אַזוי אַז אַפילו זיינע קעגנער מוזן אים דער-פאַר לויבן.

אין שווערער האָרעוואַניע האָט עלי דורכגעמאַכט אַ היפּשן גלגול אויף זיין גרויסן לעבנס-שטח: פון עלקע לויף-יונג איז געוואָרן עלקע פאַקטאָר, פון עלקע פאַקטאָר — עלי סוחר, ביז ענדלעך ער דערגרייכט דעם חשובן נאָמען פון ר׳ עלי מאַקאָ-ווער. אָבער אויך שוין אַלס ר׳ עלי מאַקאָווער פוילט ער זיך נישט, נאָר אַרבעט תּמיד און איז דער היפּוך פון אַ שילאָ, וואָס לעבט אויף פרעמדן חשבון און דינט אָפּ פאַרן געגעסע-נעם מיט בלאַזנעריי, מאַכנדיק נאַרישע וויצן און טענצלעך.

עלי מאַקאָווער איז נישט קיין יענקל קאַמיאָנקער פון „מאיר עזאָפאָוויטש”, אַ שפּין, וועלכע מ׳טרעפט אויך ביי אַנ-דערע פוילישע שריפטשטעלער, ער איז אָבער אויך לגמרי נישט ענלעך צום אידעאַליסטישן מאיר עזאָפאָוויטש. בלי ספק מאַכט ער טיילמאָל גאָר גוטע געשעפטן אויפן חשבון פון די פּריצים, נוצט אויס זייערע חסרונות און שוואַכקייטן און ווערט אַזוי אַרום דער אייגנטימער פון נישט איינעמס פאַרמעגן. עלי גופא באַדויערט אָבער, פאַרוואָס די שליאַכטע פאַרהוליעט לייכטזיניק איר עשירות, האָבנדיק דערנאָך תּרעומות און טענות צו דער גאָרער וועלט. אויך אָרזשעשקא באַדויערט וואָס די פּריציש-פּוילישע ערד ווערט אַרויסגענומען פון אירע באַלעבאַטימס

הענט. זי ווייסט אָבער די סיבות דערפון. שולדיק איז נישט דער ייד, נאָר די לײַכטזיניקייט און פאַרדאָרבנקייט פון אַ טייל פריצים און פּאָליאַקן גופא. זענען זיי ענערגיש און רירעוודיק, האַנדלען זיי נישט בעסער פון יידן, אויך זיי פאַרקויפן מאַיאָנטקעס פון אייגענע, אפילו נאָענטע ווי יעדער אַנדערער. אָפט זענען יידן נישט מער ווי אויספירער פון פאַרשטעקטע פּוילישע געלוסטן. עלי האַלט זיך אָן פּרינציפּ: „אַז כ׳האָב געשפּטן צו דערליידיקן, טרינק איך נישט קיין וויין, ווייל דערפון ווערט אומקלאָר אין קאָפּ, געשעפטן זענען אָבער אַן ענין, וואָס אַמבעסטן מאַכט מען זיי, ווען אין קאָפּ איז קלאָר און אַרום איז שטיל.״ גאַנץ אַנדערש פירן זיך אויף עליס קאָנטראַהענטן, און ס׳איז דעריבער קיין וואונדער, אויב זיי ווערן רויִנירט.

עלי איז טײַלמאָל אַן אומרחמנותדיקער אויסנוצער פון זיין צד שכנגד און אין פלוג דאַכט זיך, אַז ער איז אינגאַנצן פאַרקויפט דעם גאָט מאַמאָן, אַז ער איז פּוקאָם פאַרטון אין סאַמע געלט-ענינים און זיין גאַנצער אידעאַל איז געלט, וואָס גרעסערע ריוחים. אָרזשעשקאָ זעט אָבער ביי עלין נאָך עפּעס. זי זעט ביי אים אַ חוץ דער אויסערלעכער געלט-יאָגעריי נאָך אַן אינערלעכע גייסטיקייט. אָרזשעשקא פאַרטיפט זיך אין עליס לעבן און זי דערזעט ביי אים, ווי ביי אַ סך יידן דעם באַקאַנטן דואַליזם, פון אַ הינטישן לעבן כלפי חוץ און אַ שבת-מלכהדיקן כלפי פנים.

עלי האָט באַקומען אַ צווייפאַכע דערציִונג איינע אויף דער הילכיקער גאַס, ביי די שענק-טירן און אַ צווייטע ביי זיין פאָטער, דעם אָרימען אָבער טיף-ערלעכן שניידערל יידל. און אַלס פּועל-יוצא פון דער טאָפּלטקייט אין זיין דערציִונג איז פון איין זייט דאָס שטרעבן זיינס נאָך עשירות, פון דער צווייטער — דער יראת-כבוד פאַר עלטערע און געבילדעטערע, דאָס שטרעבן צו וויסן און דאָס יושר-געפיל, כאָטש אַ ביסל אַ פאַרקריפּלטעס. וואָרום ־עולם איז עלי יושרדיק, כאָטש ער איז נישט קיין שטאַרקער בעל-רחמנות צו זיינע פריצים. עליס

גערעכטיקייטס-געפיל איז נאָר אַ ספּעציפישעס, אַ טאָפּלטעס, אַלס פּראָדוקט פון זיינע באַזונדערע לעבנס-תּנאים.

עלי פאַרנעמט אַ דיאַמעטראַל היפּכדיקע געזעלשאַפטלעכע שטעלונג ביי יידן און קריסטן. בעת אין דער אייגענער סביבה האָט ער זיך אויסגעקעמפט אַן אָנגעזעענערע שטעלונג, מ׳שעצט אים דאָרט, מ׳רעכנט זיך און עצהט זיך מיט אים, — בלייבט ער אין דער קריסטלעכער וועלט תּמיד דער פאַראַכטעטער, אויסגעלאַכטער ייד און מ׳קען אים נאָר דאַמאָלס, ווען מ׳ברויכט זיין טובה. דעריבער איז אויך אַזוי פאַרשידן עליס באַציונג צו יידן און קריסטן: וואַרעם — צו די ערשטע, קאַלטלעך — צו יענע וואָס שפּעטן אים אויס, האַלטן אים פאַר אַ באַשעפעניש פון אַ נידריקער מדרגה. ווערט אָבער קלאָר די באַציונג צווישן ייד און קריסט, ווי אין סוף פון ראָמאַן, פאַרשוואונדן די פאַרורטיילן, — דאַמאָלס פאַרוואַנדלט זיך עלי אין אַ גוטן פריינט אויך פאַר פרעמדע. פאַר יידן טוט ער אָבער שטענדיק אַ סך. עס לעבט אין אים, אין משך פון זיין גאַנץ לעבן אָט יענץ סאָלידאַריש געפיל, וואָס זיין אָרימער פאָטער האָט אין אים איינגעפלאַנצט, אַז „אויב מיר אַליין וועלן נישט ליב האָבן איינער דעם צווייטן, טאָ ווער וועט אונז ליב האָבן? אויב מיר גופא וועלן זיך קעגנזייטיק נישט אויסהעלפן, טאָ ווער וועט אונז העלפן?" עלין פ"לט שטענדיק אָן דעם פאָטערס לערע, אַז ווען ער „וועט אויסוואַקסן און ווערן אַ מענטש, זאָל ער ליב האָבן זייניקע ווי די אייגענע נשמה און אויב דאָס וועט נויטיק זיין, אַפילו אַרויסנעמען זיך דאָס האַרץ פאַר זיי".

אָרזשעשקאָ, וואָס האָט זיך ביים שטודירן דאָס יידישע לעבן באַקאָנט מיטן טיפן יראת הכבוד ביי יידן מצד קינדער צו זייערע עלטערן, ווייזט אונז דאָס דאָזיקע געפיל אויך ביי עלין. נישט געקוקט אויף זיין עשירות און אָנגעזעענער געזעלשאַפטלעכער לאַגע, האַלט עלי שטאַרק אין כבוד זיין פאָטער, דאָס אָרימע שניידערל, וואָס לעבט דווקא פון אייגענער האָרעוואַניע. ער באַראַט זיך מיט זיין פאָטער און איז גרייט צו

קריכן אויף אַלע פיר, אויב דער פּאָטער וועט עס פון אים פאַרלאַנגען. אַ שטאַרקער קאָנטראַסט צום פּאַלשן גראַף פּאָריצקי, וואָס איז נישט פעיק אויף אַזעלכע קרבנות.

אַלס יידישע ירושה לעבט אויך אין עלין אַ טיף כבוד-געפיל צו וויסן, צום לערנען. זיין גרעסטער פאַרלאַנג איז צו האָבן געבילדעטע קינדער און צו שאַפן זיי אינטעליגענטע פּראָפעסיעס, כדי זיי זאָלן נישט ברויכן דורכצולעבן יענעם חיבוט הקבר, וואָס אים איז אויסגעקומען איבערצולעבן. בעת דער אַמאָליקער פריץ שילאָ לערנט נישט אפילו זיין זון לעזן און שרייבן, וויל עלי דורכויס געבן זיין עלטסטן זון העכערע בילדונג און וויל אים זעען אַלס חשובן מענטשן אין דער גרויסער שטאָט, צו וועלכן עס גרוסן אַלע יענע, פאַר וועלכע עלי האָט זיך געמוזט בוקן. כדי אָט דעם נחת-רוח צו דערלעבן, נעמט ער שוין פאַר ליב די גרינגשעצונג פון יינגן פריץ קאַמיל, טראַכטנדיק ווי עמיל פראַנצאָזס שפעטערדיקער „באַראָן שמול", וועגן יענע צוקונפטיקע צייטן, ווען מ'וועט זיך אויך אין אים נויטיקן.

עליס האַרציקסטער וואונטש ווערט נישט דערפילט. זיין עלטסטער זון באַקומט בלויז מיטלבילדונג. ער ווערט אויך נישט דאָס, וואָס עלי האָט געוואָלט. אָרזשעשקאָ די פּאָזיטיוויסטקע, וואָס האָט אין אַריינפיר צו „מאיר עזאפאוויטש", ענלעך צו ניעמצעוויטש, געזונגען אַ הימן דער וויסנשאַפט און אויפקלערונג, איז אין „עלי מאקאווער" שוין געקומען צו קראַשעווסקיס איבערצייגונג, אַז וויסן און בילדונג איז נישט תמיד דער בעסטער וועג צו מענטשלעכקייט. והא ראיה, עליס זון אברהם, נישט געקוקט אויף זיין בילדונג, פראַנצויזיש-פּלוידעריי, טאַנצן און שפּילן, געהערט דוקא נישט צו די באַליבטע טרוימער פון געטאָ, נאָר צו יענעם דור פּוסט-און-פּאַסטניקעס, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין יידישן לעבן ביים איבערברוך פון דער אַמאָליקער אַלט-יידישער רעליגיעזער רוחניות. אברהם איז ענלעך צו קראַשעווסקיס הענריק סעגעל, צו די צאַלושעס און אפּאלאס פון מאַסטבוימס „דריי דורות",

וואָס זענען, נישט געקוקט אויף זייערע אייראָפּעישע מאַניערן, פּשוטע אויסוואורפן. צו אמתער קולטור העלפט נישט מאָדערנע קליידונג און דאָס משנה־שם זיין. מעג זיך עליס אברהם אָני־רופן גאָטפריד, ווי אנדערע וולאַדיסלאַוו אנשטאט וועלוול, מער אכטונג וועלן זיי זיך דאַדורך אין די אינטעלעקטועלע קרייזן נישט דערווערבן. אָרזשעשקאָ שענקט טאַקע איגנאַנצן איר סימפּאַטיע דעם אַלטן טיף־ערלעכן שניידער יידל, זי באַמיט זיך איינצולעבן אין דער פּסיכיק פון עלין און אים פאַר־טיידיקן, זי פאַראַכטעט אָבער אומבאַדינגט אברהם־גאָטפרידן, וואָס לייקנט אין זיין יידישקייט, שטייגט אָבער איבער בנוגע ליכוויאַרסקע שטיקלעך און אויסוואורפעריי אַלע אַרומיקע.

אַז נישט בלויז יידן זענען שולדיק אין דער רויִן פון דער פּוילישער שליאַכטע, נאָר אַז עס דערפירט איר צו איר מצב איר אַרט לעבן, האָט אָרזשעשקאָ נאָך דייטלעכער באַוויזן אין איר ראָמאַן „ד ע ר ה ע ר ג ר אַ ב ע“ („פּאַן גראַבאַ“).

די פאַרשידענע גראַפן און באַראָנען, די העלדן, וואָס האָבן פאַרהוליעט מיליאָנען־פאַרמעגנס, קומען אָן צום אַלטן ליכוויאַרזש אביגדור. אָבער ער, נישט נאָר, וואָס ער געטרויט זיי נישט מער, קרעדיטירט נישט קיין גראָשן אָן אַ משכון, נאָר ער חוזקט נאָך פון זיי, איראָניזירט איבער זייער לייכטזין, שפּעט פון זייערע נאַרישע ערע־מנהגים, אונטער וועלכע עס שטעקט מיאוסע צבועות און שפלקייט. טראָצדעם באַוואונדערט אָט דאָס דאָזיקע לייכטזיניקע געזינדל אביגדורס בקיאות און לעבנס־דערפאַרונג, און איז אים אַפילו חושד אין כישוף. אביגדור גופא וויל אָבער די דאָזיקע „מופתים“ גאָרנישט אנער־קענען, פאַר אים איז פּשוט: „כ׳בין בלויז אַ מענטש, וואָס האָט שוין הינטער זיך כמעט אַ מאה יאָרן, כ׳האָב אַ סך זאַכן געזען, כ׳האָב געוואָלט קוקן און געקענט, ווייל ס׳איז מיר נוצלעך געווען צו מיינע צילן“. און גאָרנישט מער.

עלי מאקאווער האָט געשטרעבט צו עשירות, כדי צו זיין פאַרזאָרגט אויף דער עלטער און קענען געבן אַ געהעריקע דערציונג זיינע קינדער, אַז זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן בוקן

פאַר אַ ליאַדע ערל. אביגדור האָט אַפילו אַזעלכע פּערזענלעך אוטיליטארע צילן אויך נישט און אויף דער פראַגע, וואָס פאַר אַ צוועק זיין געלט-באַשטרעבן האָט, ענטפערט ער:

„כ׳האָב ליב מיין פאָלק און פאַר אים זאַמל איך אָן די אוצרות. פאַר מיין טויט וועל איך אַוועקגעבן מיין עשירות צו גוטע, פרומע יידן און זיי וועלן דערפון אויסבויען צוויי שולן, וואו מ׳וועט דאַווענען, און צוויי ישובות, וואו יידישע קינדער וועלן שעפּן ליכטיקייט אויף זייערע פינסטערע וועגן; מ׳וועט אויך אונטערשטיצן טויזנטער אָרימע יידישע פאַמיליעס, וועלכע וועלן ישראלס לויב און רום צעטראָגן איבער דער גאָרער וועלט"...

יונגערהייט זענען אביגדורן זיינע עלטערן אָפּגעשטאָרבן, לאָזנדיק אים אַ גאָר קנאַפּע ירושה. ער האָט אָבער געהאַט הויכע אספּיראַציעס, געטרויערט שטאַרק אויף חורבן ירושלים און — „ווען ישראל וואָלט זיין דאָס וואָס אַמאָל, אין זיין לאַנד, וואָלט איך אפשר געוואָרן אַ מלחמה-פירער אָדער שופט,—אָבער ארץ-ישראל איז חרוב און יידן זענען אין גלות, בין איך אין זייער נאָמען געוואָרן אַ ליכוויאַרזש. כדי אָנצוקלויבן פאַר זיי וואָס מער געלט, האָב איך געטויט אין מיין נשמה יעדעס געפיל פון רחמנות און גוטסקייט; כ׳האָב זיך באַדעקט מיט מענטשלעכע קללות, כדי צו ברענגען אַ ברכה פאַר זיי; כ׳האָב זיך געלאָזט באַגיסן מיט מענטשלעכע טרערן, כדי צו קענען אָפּוואַשן זייערע טרערן... זאָל מיר גאָט מוחל זיין, אויב דאָס איז נישט געווען דער ריכטיקער וועג... כ׳האָב עס אָבער געטון פון ליבע... כ׳האָב מיר נישט גענומען קיין ווייב, נישט געהאַט קיין קינדער, זיך אָפּגעזאָגט פון ברידער און שוועסטער און געלעבט איינזאַם ווי אַ חיה אין מדבר. אַ דינסט האָב איך אַפילו גענומען אַ שוואַכזיניקע, כדי זי זאָל נישט פאַרשטיין מיין אַרט לעבן און שווייגן ווי אַ קבר... שווער איז מיר געווען... טרערן פלעגן זיך מיר גיסן, ווען כ׳האָב געזען ווי יינגעלייט פירן זייערע ליבע פרויען, אָדער טאַטעס קושן זייערע קינדער... כ׳האָב געוויינט, מיט הנאה אָבער, ווייל מיין

ליבע האָט מיר געזאָגט, אַז מיין גאַנץ פאָלק וויינט דאָך אויך... כ׳וואָלט געוועזן דער אומגליקלעכסטער ווען כ׳וואָלט זיין גליק־לעך. וואָס מער כ׳האָב געזען אָרימע יידן, אונטערדריקטע און פינסטערע, אַלץ מער האָב איך זיי ליב באַקומען... כ׳ווייס נישט, צי כ׳וואָלט זיי אַזוי ליב געהאַט, ווען זיי וואָלטן זיין רייך און געהאַט פיל כּבוד; דאַכט זיך, אַז נישט; וואָרום וואָס שטאַרקער איך האָב באַטראַכט זייערע ליידן, דאָס שטאַרקער האָב איך זיי ליב באַקומען. כ׳האָב געזען זייער פינסטערקייט, זייערע חסרונות און זינד, און פאַר אָט די חטאים האָב איך זיי אויך ליב געהאַט, נאָר מיין ליבע האָט זיך דאַמאָלס פאַר־וואַנדלט אין אומבאַגרענעצטן רחמנות״.

אַביגדור ווענדט זיך צום שררהדיקן גראַבאַ:

„און איר, צו וואָס האָט געלעבט? איר וואָס זענט גע־בוירן געוואָרן נישט אַזוי ווי איך אין שמוץ און אין אָרימ־קייט, נאָר אין אַזעלכע באַדינגונגען, אַז איר האָט זיך לייכט געקענט געפינען דעם ריכטיקן וועג און נישט ווערן פאַרברע־כער, וואָס האָט איר אויפגעטון?.. איך בין טאַקע אַ געמיינער ליכוויאַרזש, דאָך פאַראַכט איך אייך; איך בין אַ שענקערס אַ זון און אַ שמאַטע־הענדלערס אַן אייניקל — דאָך טרעט איך אויף אייך, וואָס איר שטאַמט פון אַזאַ יחוסדיקער משפּחה. מיך וועלן מיינע מיטגלויביקע בענטשן נאָך מיין טויט, דיך אָבער און ענלעכע צו דיר, וועט אייער פאָלק פאַרשעלטן אין צענטן דור אַריין, ווייל אַנשטאָט אויפריכטונג און הילף האָט איר אומגליק געבראַכט. נאָך דיין טויט, כאָטש דו ביסט גע־בוירן אין יחוס און עשירות, וועט קיינער נישט וויינען און קיינער וועט קיין תּפילה נישט זאָגן אויף דיין קבר...״

אַביגדור הייסט גראַבאַן באַגיין זעלבסטמאָרד און אָפּריי־ניקן די לופט אַרום זיך, און יעדער טוט עס טאַקע.

אָרזשעשקא האָט געשאַפן אירע ווערק נישט פאַר עמעצנס נחת־רוח, אויך נישט צוליב קונסט פאַר קונסט, נאָר געשטעלט זיך אין סאַמע אָנהויב פאַר אַ ציל צו ווירקן אויף די געפילן פון איידלקייט, באַרמהערציקייט און יושר, כּדי צו באַקעמפן

די פאַראַנגענע עולות, פאַלשקייטן, אָפּגעשטאַנענקייט א. דגל. זי פלעגט דעריבער, בעיקר אין אָנפאַנג פון איר שאַפן, אריינ־בראַקן אין אירע ווערק גאַנצע שטיקער מוסר, מאַכן באַמער־קונגען, וואָס עס דאַרף יאָ זיין און וואָס נישט. און ווען די ליטעראַרישע פאָרם האָט איר נישט דערלויבט אויסצודריקן אַלע אירע געדאַנקען און טענדענצן בנוגע געוויסע געזעל־שאַפטלעכע דערשיינונגען, פלעגט זי אַראָפּוואַרפן דעם קינסט־לערישן מלבוש און עס טון אין אַ פּובליציסטישער פאָרם. אַזוי איז אויך געווען ביי איר מיט דער יידן־פראַגע. נאָך די טרויעריקע פּאָגראָמען פון די 80-ער יאָרן, האָט אָרזשעשקאַ אָנגעשריבן אַן ארבעט: „וועגן יידן און דער יידן־פראַגע", אין וועלכער זי פאַרטיידיקט יידן קעגן אומגערעכטע פאָר־װאורפן.

די שטאַרקע דאַמאָלסדיקע פרעסע־צענזור האָט אָבער נישט דערלויבט זיך אָפן און פריי אַרויסצוזאָגן וועגן אַזאַ טרויעריקן, אָנגעווייטאָקטן ענין ווי די יידן־פראַגע און וועגן די פּאָגראָמען, זייער מקור און דורכפירונג. אָרזשעשקאַ האָט דעריבער באַשלאָסן אָפּצונאַרן די רוסישער צענזור, און פרובן אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס מ'האָט אַפילו דורך רמזים נישט געקענט אַרויסברענגען אין פּובליציסטישער פאָרם — דורך אַ ראָמאַן און אַ היסטאָרישן דערצו.

אַלס פאַסנדיקסטע צייט צו שילדערן די דאַמאָלסדיקע רדיפות אויף יידן האָט זי אויסגעפינען דעם פעריאָד פון נאָכן חורבן בית שני, ווען יידן האָבן נאָר וואָס פאַרלוירן זייער זעלבסטשטענדיקייט און אַריינגעפאַלן אין רוים פון די טיראַנען אַספּאַסיאַנוס און טיטוס, וואו זיי ווערן מוראדיק פאַרפאָלגט, סיסטעמאַטיש אויסגעראָטן פאַר נישט וועלן זיך אָפּזאָגן פון זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען און נאַציאָנאַל־מלוכהשע שטרעבונגען.

דער דאָזיקער ראָמאַן „מ י ר ט א ל א" רעכנט זיך, לויט דער קינסטלערישער פאָרם, פאַר אָרזשעשקאָס בעסטע שאַפונג און איז אַ שעדעווער אין דער וועלט־ליטעראַטור. עס פליסט

פאַרביי די וואונדערבאַרע שטאָט רוים מיט איר אויסגעלאַסן לעבן, מיט אירע דעספּאָטן און זייערע חיהשע אינסטינקטן — וואָס מער בלוט צו פאַרגיסן; מ׳זעט דעם המון, וואָס שטאָל־צירט מיט דער גבורה פון די רוימישע פּרעטאָריאַנער און באַטראַכט יעדן נישט־רוימער פאַר אַ ווילדן באַרבאַר, וועלכן מ׳קען אויסראָטן אָן שטראָף.

אויף דער דאָזיקער קאַנווע וועיזט אָרזשעשקא די פאַר־טריבענע יידן מיט זייערע גייסטיקע שטרעמונגען. פון איין זייט די יידישע פּלוטאָקראַטיע, וואָס שטרעבט צו אַסימילאַציע מיטן גרויסן, מעכטיקן רוים, פאַרראַטנדיק דערביי די אייגענע פאָלקס־אינטערעסן; פון דער אַנדערער זייט—יענע פאָלקס־שיכטן, וואָס נישט געקוקט אויף נויט און רחקות, קענען זיי דאָך נישט איבערטראָגן די דערנידערונגען און עולות קעגן זיך, ווילן זיך בשום אופן נישט אָפּזאָגן פון דער אַמאָליקער מלוכה־שער זעלבשטענדיקייט און געדאַנקען־פרייהייט, און קעמפן פאַר זייער באַפרייאונג.

„מירטאַלאַ” איז אַ פּאַטאָגראַפיע פון די פּאָגראָמען אין 80־ער יאָרן. מ׳זעט די צאַרישע פּאָגראָמען, — ווער עס ברויכט זיי, ווער עס אָרגאַניזירט זיי, ווער עס רופט זיי אַרויס. פאַר אָרזשעשקאָס טיפער מענטשלעכקייט איז אָבער כאַראַקטעריסטיש, וואָס די פיזישע ליידן פון די פאַרפאָלגטע זענען, לויט איר, נישט אַזוי שרעקלעך ווי די גייסטיקע פּיין, ווי דאָס, וואָס דער יידישער אינטעלעקט איז געוואָרן פאַרקריפּלט. אַלע צרות, וואָס זענען געקומען דאַמאָלס אויף יידן, זענען—ווי עס דריקט זיך אויס אַ העלד אין דער דערציילונג, — אַ גאָרנישט קעגן דעם אומ־גליק, וואָס מחמת די ליידן האָט אויסגעטריקנט ביי יידן דאָס ליבע־געפיל און עס האָט זיך אריינגעגנבעט האַס אין האַרצן.

אין „מאיר עזאפאוויטש” און „מירטאַלאַ” האָט אָרזשעשקאָ געוויזן דער יידישער יוגנט וואוהין זי האָט צו ווענדן אירע בליקן, צו וואָס שטרעבן, וועמען שענקען איר סימפּאַטיע און וועמען פאַראַכטן; וועמען אונטערשטיצן און וועמען באַקעמפן. מאיר קעמפט קעגן אָפּגעשטאַנענקייט; מירטאַלא ווידער ברענגט

זיך אַלס קרבן פֿאַר אירע פֿאָלקס-ברידער, בעת אַנדערע פֿאַר־שטעקן זייערע הפקרות און ציניזם אונטער דער צביעות-מאַסקע פֿון סאַלאָן-מאַניערן.

אָרזשעשקאָ זענען ליבער די אָפּנהאַרציקע, פּראָסטע מענטשן, דער נישט געבילדעטער מאיר מיט זיינע חברים אידאַ־ליסטן, ווי אליעזר וכדומה אָדער דער פּשוטער באַלמלאכה, יידל שניידער, — איידער די פּסעודאָ-אינטעליגענטן. ענלעך איז עס מיט אירע פֿרויען-טיפּן. די עלנדע, געפּיל-פֿולע גאָלדע איז איר ליבער, ווי די אויפֿגעבלאָזענע מערי וויטעבסקא מיט איר קלאַ־וויר-שפּילן. אָרזשעשקאָ ליבט האַרציק דאָס פֿאָלקס-קינד, מיר־טאַלא, וואָס שענקט איר טאַלאַנט, איר געליבטן און אַלץ, וואָס איז איר טייער — פֿאַר איר פֿאָלק, שטאַרבנדיק מיט די ווער־טער: „מיט דיר, מיין אומגליקלעך פֿאָלק, מיט דיר!" — שטאַרק פֿאַראַכטעט אָרזשעשקאָ די יידישע מעטרעסע פֿון די רוימישע טיראַנען, בירעניקאַ, וואָס פֿאַרקויפֿט זיך צו די אונטערדריקטע פֿון איר פֿאָלק און לאַנד, צו די רוימישע טיראַנען.

אַחוץ אירע יידישע ראָמאַנען האָט אָרזשעשקאָ נאָך אָנגע־שריבן אַ רייע יידישע נאָוועלן, ווי „שמשון הגבור", „גדליה", „גיב אַ בלומל", „רינגען". מ'טרעפֿט אויך יידן אין אירע אַלגע־מיינע ראָמאַנען.

אין „ש מ ש ו ן ה ג ב ו ר" ווייזט אָרזשעשקאָ אַ ייד אַ למדן, וואָס זיצט כל ימיו איבער דער גמרא און באַשעפֿטיקט זיך מיט גאָרנישט. דורך אַ צופֿאַל, דורך אַ פּורים-שפּיל, דער־וואַכט ער פֿון זיין ביזאַהעריקן געטאָ-שלאָף, דערזעט זיין ביז־איצטיקע נישטיקייט. ער געפֿינט אָבער נישט קיין מעגלעכקייט אויסצולעבן זיך אין שיינעם און גרויסן, וואָס עס האָט דער־וואַכט אין אים.

די נאָוועלע הויבט זיך אָן מיטן איראָנישן אויסלאַכן די איינרעדעניש, אַז אַלע יידן זענען גבירים-אדירים. דער מחבר שיקט אָפּ יעדן, וואָס וויל וויסן, וואָס דאָס איז אַ ייד, צום לעקסיקאָן, צו דער בוכשטאַב „ק"—קרעזוס, וואָרום „אַ ייד און קרעזוס איז איינס. יעדער ווייסט דאָך, אַז צווישן יידן

זענען פאַראַן ראשית כל ראָטשילדס, דערנאָך גייען סתּם באַנקירן, וואָס פאַרמאָגן אַ סך מיליאָנען, פּאַלאַצן און גאָלד. דערפון איז זיך שוין לייכט אָנצושטויסן, אַז אַ שטאָם, וואָס קען אַרויס־געבן אַזעלכע ראָטשילדס און אַנדערע באַנקירן, דאַרף זיין זייער רייך און באָדט זיך ממש אין גאָלד, פּאַלאַצן א. ד. גל. און אויב אַ ייד איז נישט רייך, איז עס אַ באַווייז, אַז ער וויל עס נישט. וואָלט ער נאָר וועלן, וואָלט ער גלייך רייך געוואָרן".

דער העלד שימשל איז אַן אביונס אַ זון און האָט גע־לערנט אין תּלמוד־תּורה. אַ גרויסער מתמיד און חריף, איז ער געשטיגן העכער, אָנגעקומען אין ישיבות און געלערנט שפּע־טער נאָך מיט אַנדערע. אַלס וואויל־לערנער נעמט מען אים צונויף עטלעכע קערבלעך נדן און מ'מאַכט אים חתונה מיט ציפּען, וועלכער אַלע זענען מקנא, פאַר איר גליק־שידוך מיט אַן עילוישן בחור. ביידנס נדן האָט אָנגעטראָפן אַ דרייסיק רובל און פון דעם אָט גרונט־קאַפּיטאַל לעבט די משפּחה שוין צוועלף יאָר. זי האָט שוין באַוויזן זיך צו באַרייכערן מיט ניין קינדערלעך, פון וועלכע בלויז פינף זענען געבליבן ביים לעבן. ציפּע איז ערשט אַלט אַכטאונצוואַנציק יאָר, כאָטש זי זעט שוין אויס אויף פערציק. זי מאַכט נישט קיין גאָר שטאַרקן עסטעטישן איינדרוק, דערפאַר אָבער האָט זי באַוויזן צו לעזן אַ זייער הארבן פּראָבלעם פון דער פרויען־גלייכבאַרעכטונג, בנוגע זעלבסטשטענדיקייט און פאַרדינען: מיטן נדן פון דריי־סיק רובל דערנערט זי שוין צוועלף יאָר דעם מאַן און די קינדער. און זי רעדט אַפילו נישט אויס אויף איר גורל, זי באַקלאָגט זיך, נישט וואָרום זי ווייסט, אַז אויב פרויען זענען פּטור פון לערנען תּורה, דאַרפן זיי דערפאַר טון אַן אַנדערע עבודה, — זיצן אין קראָם, אַרומפאָרן מיט סחורות אויף ירידים און איבער דערפער, כּדי דערמיט צו געבן אַ מעגלעכקייט זייערע מענער זיך מתעסק זיין מיט תּורה.

צווישן יענעם מין יידן און זייערע פרויען איז געווען אַן אָפּמאַך ווי צווישן יששכר און זבולן: דער מאַן איז געווען יששכר, ער פלעגט זיצן און לערנען תּורה און זי, דער זבולן

אין דער ספּודניצע, פלעגט האַנדלען. אייזיק מאיר דיק דער־ציילט אין זיין „אַמעריקאַנער געשיכטע”, אַז „די פרויען וואַרען די געשעפטספירער און די מענער זייערע וואַרען לומדים, זיי פלעגן זיך אַריינלאָזן אין די קראָמען נאָר אום פרייטיק אום באַר געלט צו בעטן ביי די ווייבער און פלעגן זיך גע־נוג אָנוואַרטן, ביז זיי פלעגן עס באַקומען... דאהער פלעגן די עלטערן רומען זייערע טעכטער ביי איינעם שידוך טון און מיט דיזע ווערטער: „אונזער טאָכטער איז אַ באַריעצקאָ, זי וועט קענען מפרנס זיין איינעם מאַן זייער גוט.” אין „יאָסעלע סאָלאָוויי” דערציילט שלום-עליכם, אַז „דער גאַנצער מסחר פון מאַזעפּעווקע געפינט זיך ביי די ווייבער אין די הענט. עס טרעפט זיך דאָרט גאַנץ אָפט, אַז דאָס ווייב פאַרשטעלט דעם מאַן מיט איר נאָמען לחלוטין”. די מענער פלעגט מען אָפט רופן אויף זייערע ווייבערס נאָמען, כאָטש דאָס אויבערשטע פון שטייסל איז געראָד ער געווען און די פרויען זענען צו־פרידן געווען מיטן חלק עולם-הבא וואָס עס וואַרט אויף זיי, ווייסנדיק פון ספר „הנהגות טובות”, אַז דער דריטער היכל פון די זיבן היכלים אין גן-עדן איז ספּעציעל באַשטימט פאַר יענע ווייבער, וואָס האָבן מפרנס געווען זייערע מענער, כדי זיי זאָלן קענען עוסק זיין בתורה. עס פלעגט אַפילו טרעפן, אַז ווייבער סוחרטעס האָבן געפאָדערט פון זייערע מענער-למדנים אַ צעטל, אַז ער איז זיך מתחייב פאַר איר עול-פרנסה, צו געבן איר איבער הונדערט-און-צוואַנציק יאָר אַ טייל פון זיין שכר אויף יענער וועלט.

דערפון ווייסט אָרזשעשקאָ. און אַזוי ווי פּרצ'עס בריינע האָט געקעקעלט און געפלעגט איר מענדלען, געאַרבעט ווי אַן אייזל, מפרנס געווען, באַקליידט און באַשוכט איר מאַן און די פיר קינדערלעך, כדי צו קענען זיין, זיין פוסבענקעלע אין גן-עדן, אַזוי צופרידן איז אויך שימלס ווייב, ציפּע. פרעגט זי עמעץ, וואָס איר מאַן טוט און פאַרוואָס ער העלפט איר נישט, לאָזט זי חלילה קיין שלעכט וואָרט אויף אים נישט אויסריידן, נאָר ווונטשט זיך, אַז „ווען כ'זאָל האָבן צען טעכ־

סצר, וואָלט איך גאָט געבעטן, ער זאָל זיי אַלע אַזוי באַגליקן ווי מיך״... זי איז גליקלעך צו האָבן אַ מאַן אַ למדן; די אויגן שטראַלן איר און אויפן גאַנצן פּנים איז צעגאָסן אַ שמייכל. גאָר איבערגליקלעך איז זי, ווען עפּעס אַ נגיד אָדער למדן אין שטאָט פאַרבלאָנדזשעט צו איר שימשלען וועגן אַ פּשט אָדער הארבן גמרא-ענין און זי הערט אים ענטפערן מיט אַ רעגן פון פּסוקים. נישט קיין קלענער כּבוד און דרך-ארץ פאַר איר!..

זאָרגט טאַקע ציפּע, די אשת-חיל, פאַרן מאַן און קינדער. זי דינגט אָן די ייִנגלעך אין חדר, טרוימט וועגן זייער קאַריערע: די דריי ייִנגלעך, ווייל זי, זאָלן ווערן למדנים און די צוויי מיידלעך זאָלן חתונה האָבן פאַר למדנים. דערווייל האַנדלט זי און וואַנדלט און אין דער באַלעבאַטישקייט פאַרטרעט די מוטער די צען-יעריקע ליבע, וואָס הוסט שוין שטאַרק אונטער זייט פינף יאָר. ליבע האָדעוועט די יונגערע קינדער, הייצט אין אויוון, טראָגט וואַסער פון ברונים, קאָכט, וואַשט און אין אַ פרייע מינוט שטריקט זי זאָקן פאַרן הויז-געזונט און אַפילו צום פאַרקויף. דער נייניעריקער הענעך לערנט שוין פינף יאָר אין חדר, קען שוין גוט חומש און רשי, לערנט גמרא און אַנדערע וואוילע זאַכן. די אויגן זענען נאָר ביי אים עפּעס אונטערגעהאַקטע און איינגעפאַלענע פון נישט דערשלאָפן, אָפט טוען אים די פלייצעס וויי פון מלמדס קלעפּ און די אויערן זענען רויט פון פליקן זיי. וועגן די קלענערע דריי קינדער לאָזט זיך נאָך ווייניק זאָגן.

אַזוי מוטשעט זיך די פאַמיליע. שימשל אָבער איז תּמיד פאַרטון אין טיפער אינערלעכער התפּעלות; ער האָט פאַנטאַסטישע חזיונות, שוועבט אַרום אין אַ וועלט פון מלאכים, אין דער וועלט פון מיסטיק און זוהר. דער שר העולם, מטטרון, סנדלפון, אוריאל און אַנדערע אָנגעזעענע הימל-איינוואוינער זענען זיינע מקורבים; מיט ר׳ הללן, גמליאלן און עקיבאן פילט ער זיך אַלס אַ ידיד. שימשלען אינטערעסירט נישט דער גאַנצער אַרום מיט זיינע געזעלשאַפטלעכע און מאַטעריעלע אינטערעסן, דער-

פֿאַר אָבער באַקלאָגט ער דעם חורבן בית-המקדש, ווי דאָס וואָלט ערשט נעכטן געשען און האַסט מוראדיק טיטוסן.

אַן אומגעריכטער צופֿאַל מאַכט אַ פּלוצלעכע איבערקע-רעניש אין שימשלס נשמה-לעבן. אין שטעטל איז פּורים געגעבן געוואָרן אַ ספּעקטאַקל „שמשון און דלילה", פֿאַר עפּעס אַ וואוילטעטיקן צוועק, און שימשל באַקומט די ראָל פֿון שמשון הגבור. די אַמאַטאָרן מיט שימשלען בראש נעמען זיך שטאַרק איבער מיט זייערע ראָלן און במשך אַ קורצער צייט באַווייזט די בינע אַזוי צו פֿאַרהיפּנאָטיזירן שימשלען, אַז ער לעבט איבער אויסערגעוויינלעך שטאַרקע עמאָציעס. עס עפֿנט זיך פֿאַר אים אַ גאַנץ נייע, אומבאַקאַנטע וועלט, וועלכע פֿילט אים אָן מיט פֿרייד און שטאָלץ; עס דערוועקט זיך אין אים אַ מעכטיקע בענקשאַפֿט נאָך עפּעס אויסגעחלומטן, אידעאַלן.

זיין אויסגעטרוימטע וועלט ווערט תיכף צערונען, ווי נאָר ער טרעט איבער זיין אָרים שטיבל מיטן ציפּוש און ריח פֿון מענטשן-שווייס. באַלד דערפֿילט ער זיין אוממאַכט אַקעגן די אָקאָרשט איבערלעבטע מאָמענטן פֿון גליק און לייד, נצחון און מפּלה, טאַט און קרבן. אין שימשלען אַנטשטייט אַ דראַמאַטישער קאַמף פֿון אַ דערוואַכט געפֿיל און האַרץ, וואָס זיין אויסגאַנג איז נאָך לעת עתה נישט באַקאַנט. דערווייל אָבער איז זיין אַמאָליק לעבן צעשטערט, הרוב איז געוואָרן זיין אַמאָליקע וועלט, ער האָט פֿאַרלוירן זיין איצטיקן פֿעלזן-פֿעסטן גלויבן, דערזען די נישטיקייט פֿון זיין ביזאַהעריקן זיין. שימשל האָט אויף אַ מאָמענט דערזען און דורכגעלעבט העלדן-ליבע פֿון אַ גיבור און ליבע-שיינקייט פֿון אַ דלילה, נישטאָ אָבער נאָך קיין מעגלעכקייט צו דערגרייכן דאָס אויסגעחלומטע. ער איז דערווייל נאָר אַ קליינער, שוואַכער שימשל.

נשמה-יתרהדיקס, שבת-יומטובדיקס באַזיצט נישט בלויז דער למדן שימשל פֿון „שמשון הגבור", נאָר אויך דער פֿאַר-אָרימטער פֿעדלער פֿון אָרזשעשקאָס נאָוועלע „ג ד ל י ה", וואָס שלעפּט זיך אַ גאַנצע וואָך איבער וועגן און שטעגן, מיטן פּעקל אויף די דאַרע פּלייצעס. אַן אויסגעמוטשעטער, טויט-

הונגעריקער פּאַלט ער צו צו רויע אַרבעס אין פעלד כּדי צו שטילן זיין הונגער מיט אַ כּשר מאכל און פאַלט גראד דער־פאַר אַריין אין האַרבע פויערשע הענט, וועלכע דראָען מיט שווערער שטראָף.

אָפּטימיזם און בטחון פאַרלאָזן נישט דעם פון שווינדזוכט אויסגעמוטשעטן גדליה. אינגאַנצן באַטרעפט זיין מסחר־קאַפּיטאַל אַכצן רובל און דערפון מוז ער לכל הפּחות אַרויסשלאָגן אַ מינימום־פאַרדינסט פון דריי קאַרבן אַ וואָך פאַר זיין צאָלריי־כער און קרענקלעכער פאַמיליע. אַ זאַך נישט קיין לייכטע. און דאָך האָט זיך גדליה נאָך זיין גייסטיק וועלטל. ער פאַרלירט נישט דעם בטחון, אַז עס וועט אים נאָך אַמאָל בעסער ווערן; כאָטש אַזוי גוט ווי אַמאָל, פאַר דער טרויריקער שרפה אין שטעטל, ווען זיין ווייב האָט געפירט אַ קראָם און ער האָט געבאַלעגאָלעט מיט זיינע צוויי אָדלער־פערד, וועט אים אודאי שוין נישט זיין.

בנוגע דעם כּלל, גלויבט ער באַשטימט, אַז עס וועלן גאָר גיך מקוים ווערן די נביאישע רייד וועגן יושר און ליבע פון מענטש צו מענטש. און מיט דעם אָט שטאַרקן גלויבן און פרימיטיווער רוחניות, געקליידט אין שמאַטעס, ברעכט ער אַפילו די שטרענגקייט און כּעס פון זיינע קעגנער, וועלכע קענען דאָך לגמרי נישט גלויבן דאַרין, אַז גדליה, אָט דער שטאַרק־גלויביקער, וואָס שלעפּט זיך אַ הונגעריקער, פאַרחלשטער אַ גאַנצע וואָך אונטערוועגס און וויל נישט טועם זיין קיין ביסן ביי גוים, ווייל עס קען חלילה זיין טריפה, אַז אָט דער גדליה זאָל זיין אַ גנב און דאָס פון אַ ביסל רויע אַרבעס. גדליה באַקומט נישט נאָר קיין שטראָף נישט, נאָר אדרבה, דער פּאָלוואַרק, וואוהין מ׳האָט אים אַריינגעבראַכט אַלס אַרעס־טאַנט, שטיצט אים נאָך. מ׳קויפט ביי אים צעלניק, מ׳בעט אים עסן און מען שיצט אים פאַר די אָנפאַלן פון עפּעס אַ שכנדיקן פּוסט־און־פּאַסטניק, טאָמקאָוויטש.

צוליב דעם באַזונדערן אינהאַלט פון דער נאָוועלע „גדליה״, אין וועלכער אַ ייד און פּאָליאַק, מכלומרשטע שונאים, הויבן

זיך אָן צו פאַרשטיין און אַכטן, נאָך אַ נאָענטערן צונויפקום און צוזאַמענריידן זיך, — האָט אָרזשעשקאָ די דאָזיקע נאָוועלע אפילו געקירצט און אין דער צייט פון באַזונדערס שטאַרקן אַנטיסעמיטיזם זי אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „דער פעדלער" אַלס גראָשנדיקע, פאָפּולערע פאָלקס־אויסגאַבע, כּדי אַזוי אַרום דערנענטערן פאָליאַקן און יידן.

די אינערלעכע שיינקייט פון יידישן קינד, וואָס רייסט זיך צו ליכט פון טיפן חושך אין ענגן געטאָ, האָט אָרזשעשקאָ געוויזן אין „ג י ב א ב ל ו מ ל".

בלומען אין די הענט פון אַ שיינער, זונען־באַשטראַלטער דאַמע זענען ביכולת אַרויסצורופן עסטעטישע התפּעלות אַפילו ביי חדר־ייִנגלעך, וואָס לאָזן זיך הענדום פּענדום נאָך דער דאָזיקער, הערלעכער דערשיינונג. דער קליינער חיימקע, וואָס בעטלט מאַנכע מאָל פון נויט גראָשנס ביי דורכגייער, ווײנט ממש אויס עטלעכע בלומלעך, פון וועלכע עס קוועלן אָן, ער און זיין אַלטינקע באָבע. מיט די דאָזיקע זעלטענע געסט, לעבעדיקע בלומען אין זיין באָבעס דעמפּיקן, טונקלען שטיבל, וויל ער זיך אַפילו ביים שלאָפן נישט שיידן. ער לייגט זיי אונטערן קישן און עס קומט אים אויך נעבעך צומאָרגנס אי־בערצוּלעבן אַ טיפע אנטוישונג, באַגלייט מיט טרערן, ווען ער נעמט אַרויס פון אונטערן קישן די בלומען צעקנייטשטע און פאַרוועלקטע.

אָרזשעשקאָס נאָוועלע „ר י נ ג ע ן" איז אָנגעשריבן אַלס קעגנגיפט קעגן דער אנטיסעמיטישער כוואַליע, וועלכע עס האָט אויפגעהויבן יעלענסקי מיט זיין „ראָליאַ". עס באַגעגנען זיך צוויי אַלטיטשקע; אַ פּוילישער — גראַף און — אַ יידישער זייגער־מאַכער, אַ זון פון אַ פאַכטער ביים גראַפס פאָטער, און ביידע דערמאַנען זיך איבערלעבענישן פון די קינדער־יאָרן, זייערע עלטערן, פאַמיליעס און סביבות. ביידע זענען גלייך יינג גע־ווען, זיך געפרייט קינדיש מיט דער גאַנצער אַרומיקער וועלט און ביידע זענען זיי איצטער אַלט. ביידע טראָגן ברילן, ווייל זיי דערזעען שוין נישט, ביידע זענען פרעמד זייערע אייגענע

קינדער, דורך אַלעמען פאַרלאָזן, כאָטש צווישן זייער בײדנס יוגנט און עלטער איז געלעגן אַ תהום פון פאַרשידנאַרטיקן לעבנס-שטייגער. דאָס געמיינזאַמע אין זייער לעבן איז געווען – יוגנט און איז איצטער – עלטער; אויפבלי און פאַרוועלקן. און ווען דער אַלטער גראַף איז געשטאָרבן, איז בערל דער זייגער-מאַכער נאָכגעגאַנגען דער לויה. ער האָט זיך גופא געפרעגט, ווי קומט ער אַהער אויף אַ קריסטלעכן צמענטאַר, און דאָך זיך נישט געקענט אָפּרייסן; ער איז געשטאַנען ביי דער קבורה פון יוגנט-חבר און געבליקט צום שכנותדיקן יידישן בית-עולם, וואָרום „איין בשותפותדיקער הימל האָט מיט הויכע און ברייטע קייטן צונויפגעשמידט די צוויי בית-החיימס", וועלכע מענטשן האָבן אָפּגעטיילט מיט אַ פּאַרקאַן.

פון די שורות אין די „רינגען" זעט זיך אַרויס אָר-זשעשקאָס הומאַניטאַרער שמייכל מיט דער פילאָזאָפישער טענה: וואָס פאַר אַ באַדייט האָט די נידריקע, פּוסטע פּיינטשאַפט קעגן דער אייביקייט פון לעבן און טויט? צו וואָס האַסן און פיינט האָבן? צו וואָס שאַפן מחיצות צווישן מענטש און מענטש, פאָלק און פאָלק, בעת די נאַטור האָט אונז געשאַפן כדי צו לעבן אין אחדות?

צו די טיפן פון יידישע אַרבעטנדיקע פרויען געהערט אויך רחל פון אָרזשעשקאָס „מ ר ש ע ת" („יענדזאַ"). רחל האַנדלט נישט, נאָר שטייט אַ גאַנצן טאָג פאַרן טויער און שאַפט קליענטן פאַר איר מאַן, דעם שווינדזיכטיקן שניידער, כדי צו קענען אויסהאַלטן די צאָרייכע קראַנקע פאַמיליע. זומער און ווינטער, שטייט זי אין טויער אָדער זיצט אַ טויט-מידע אויף די טרעפּלעך פון קרעמל און וואַרט אויף קונים. קוים דערזעט זי אַ דורכגייער און מכּל-שכּן מיט אַ שטיקל סחורה אונטערן אָרעם, ווערט זי פאַרוואַנדלט פון אַ צעבראָכע-נעם שאַרבן אין אַ רירעוודיקן רוח; זי רעדט ווי אַ דעמאָס-טענעס, טאַנצט אונטער ווי אַ באַלעטניצע, איבערצייגט כסדר, אַז איר מאַן איז דער בעסטער באַלמעלאָכע און סאַמע ביליקסטער.

רחל רופט אַרויס צו זיך אַ שנאה פון אירע שכנים, וועלכע ליידן פון איר קאָנקורענץ. גאָר בייז איז די „מרשעת", דאָס פריילן יאַדוויגע שישקאָוו. פאַרביטערט פון די אומדער־פאָלגן אין לעבן און שווערער האָרעוואַניע, איז יאַדוויגע אויך אין כעס אויף אירע יידישע שכנים. זי איז אין כעס אויף די קרעמערקע לאה, וואָס איר מאַן זיצט פון פרי ביז נאַכט איבער דער גמרא און די קינדער, איבערגעלאָזט אַ גאַנצן טאָג אויף גאָטס גנאָד, שטערן איר מיט זייער אומדערטרעגלעכן געפּילדער. עס עקלט זי אויך פונם שמוץ אין לאהס וואוינונג, וואו די מענטשן וואוינען בוכשטעבלעך אין הויפנס מיסט און דער שמוץ רינט אַדורך דורכן סופיט צו יאַדוויגען אין וואוינונג. זי האַסט רחלען מיט איר הינטישן בעטן זיך ביי די קונים — פאַר איר שטאַרקער קאָנקורענץ. אויף איר שעלטן זיך: „אָ, איר זשידעס, איר האָט נישט פאַר קיין גראָשן בושה און חרפה! ברודאַסעס"!— הערט זי אָבער בלויז איין ענטפער רחלס: „וואָס איז צו טון, אַז ביי אונז איז קיין ברויט נישט פאַראַן!"

די אָרעמקייט אָבער, וועלכע איז אָפט דער פערמענט וואָס צעזעצט גוטפריינטשאַפט און חברשאַפט, איז אויך מאַנ־כעס מאָל דער קיט, וואָס פאַרבינדט מענטשן, אייניקט זיי דורך געמיינזאַמע ליידן און צרות. און אַזוי ווי דער פאַר־פאָלגטער מאיר יוזעפּאָוויטש געפינט טרייסט ביי דער אָרעמער קאַראַימקע גאָלדע און דער האָרעפּאַשנע פּאָלוואַרק־באַזיצער קאָרייבע פון „גדליה" פאַרשטייט זיך גיך מיטן אָרעמען פעד־לער, אַזוי איבערצייגט זיך אויך סוף־כל־סוף דאָס פריילין יאַד־וויגע אין דער אומרעכט פון איר שנאה צו דער אָרימער רחל.

אַריינקומענדיק דורך אַ צופאַל אין שניידערס וואוינונג און דערזעענדיק דאָרט דעם דלות, דעם קראַנקן אויסגעמאַ־טערטן שניידער און זיינע אויסגעמאָגערטע שווינדזוכטיקע קינ־דער, — באַפאַלט איר ממש אַ גרויל. זי גיט איר אייגן געלט אויף צו היילן רחלס פאַמיליע, זוכט פאַר זיי היקף ביי אירע אייגענע רייכע קליענטן. יאַדוויגעס פיינטשאַפט צו רחלען פאַר־וואַנדלט זיך אין פריינטשאַפט. אָנשטאָט צו העצן אויף רחלען,

ווי אַמאָל, פילט זי מיטלייד צו איר, מאָנט ביי איר צו גיין אין שטוב און נישט זיצן אינדרויסן אין קעלט, אויף וואָס רחל ענטפערט: „כ׳בין שוין געוואוינט דערצו״. גאָר גוט פאַרשטייען זיךביידע פרויען, ווען יאַדוויגען קומט אויך אויס פיל צו ליידן, ווען איר קומט אויס אַדורכצולעבן אַ ליבע־אַנטוישונג און איר מוטער ווערט שווער קראַנק. דאַמאָלס ליגן זיך ביידע פאַרצווייפלטע אין די אָרעמס און וויינען. זיי פאַרשטייען זיך איצט ביידע, די צוויי אומגליקלעכע ליידנדיקע שוועסטער, די אָרעמע יידישקע און אומגליקלעכע פּאָלקע.

אָרזשעשקאָס לעצטע לעבנס־טעטיקייט פאַר יידן איז געווען די אויסגאַבע פון אַ זאַמלבוך פון פּוילישע נאָוועלן וועגן יידן „פון איין שטראָם״.

דעם נאָמען פון דעם זאַמלבוך באַגרינדעט אָרזשעשקאָ דערמיט, וואָס אַלע שאַפונגען פון דער דאָזיקער זאַמלונג זענען איינצלנע כוואַליעס פון איין שטראָם, פון דער הומאַניטאַרער באַציונג צו יידן, וואָס שלענגלט זיך זייט אַ יאָרהונדערט אין דער פּוילישער ליטעראַטור. דאָס זאַמלבוך איז איינגעטיילט אין דריי טיילן. דער ערשטער טייל שילדערט דעם טרויעריקן גורל פון דער יידישער פרוי אַלס קינד און דערוואקסענע; דער צווייטער ווייזט דעם יידישן פאַריער, די יידישע אָרעמקייט מיט איר האָפנונגסלאָזן דלות און עיפּושדיקער ענגשאַפט; אין דריטן טייל זעט מען טיפן, וועלכע דער שווערער לעבנס־גורל האָט נאָך נישט גאַנץ דערקוועטשט, נישט אַוועקגערויבט דעם צורת־אלהים, נאָר אין וועלכע עס לעבט אַ סך מענטשלעכעס און בטחון און זיי רופן אַרויס צו זיך אַ באַזונדערע סימפּאַטיע מצד זייערע פּוילישע מחברים. די זאַמלונג שליסט זיך מיט אָרזש. „רינגען״, וועלכע דאַרפן זיין די רינגען פון „מיטגעפיל, מיטאַרבעט, מיטהילף״ צווישן מענטש און מענטש, ייד און קריסט.

דער באַדייטנדסטער נאָך אָרזשעשקאָן פּאָזיטיוויסטישער שרייבער באָלעסלאַוו פּרוס (אַלעקסאַנדער גלאָוואַצקי) האָט זיך תמיד פאַרטיידיקט קעגן די פאָרוואורפן

אין אנטיסעמיטיזם, וואָס מ׳פלעגט אים מאַכן אויפן סמך פון די יידן-שילדערונגען אין זיינע ווערק, ווי „פ ר ע ה״, ל י אַ ל-ק ע״ און אין קלענערע זאַכן, ווי יידן קומען אַרויס שאַרזשירט מיט אַ היפּשער מאָס זשעדנעקייט און איבערשפּיצטקייט.

זעענדיק דעם אונטערגאַנג פון דער פּוילישער שליאַכטע, צוליב איר לייכטזין און פויקייט, שטעלט פּרוס אַנטקעגן דער פּוילישער אומבאַהאָלפנקייט — די יידישע ענערגיע און רירעוודי-קייט, וועלכע מוזן לויט די סעלעקטישע נאַטור-געזעצן ממילא באַהערשן דאָס גאַנצע עקאָנאָמישע און שפּעטער אויך געזעל-שאַפטלעכע לעבן. כדי נישט אונטערצוגיין, דאַרף זיך דעריבער דער פּוילישער כלל, — לויט פּרוסן, — איבערנעמען מיט אַ טייל יידישע מעלות, נעמען די איניציאַטיוו אין האַנט און ווערן טעטיק.

פּרוס איז דורכאויס קעגן וואָסערע ס׳איז באַגרענעצונגען פאַר יידן, קעגן פאַרפאָלגונגען און פּאָגראָמען. אין כאָטש דער יידישער נאַציאָנאַלער געדאַנק איז אים פרעמד געווען, איז ער דאָך נישט געווען קיין גרויסער אָנהענגער פון אַסימילאַציע, — ווי דאָס ווייזט זיין ד״ר שומאַן פון דער „ליאַלקע״, — מיטן שטענדיקן וואַקלען זיך צווישן הונדערט פּראָצענטיקער פּויליש-קייט און שמן-זיתדיקן יידישן נאַציאָנאַליזם. פּרוס האָט נישט שטאַרק געגלויבט אָט די ווצטצר-פּענדלעך, וואָס ווענדן זיך שטענדיק אַהין, וואוהין עס בלאָזט דער ווינט. ער קען גוט אָט די אויפגעקומענע גאַווהדיקע יידישע גבירים, ווי אַ שלאַנגבוים אין דער „ליאַלקע״, וואָס מחמת זייער אַראָגאַנץ ליידט דער גאַנצער יידישער כלל.

פּרוס פאַראַלגעמיינערט נישט, ער גענעראַליזירט נישט.

פּרוסנס באַציונג צו יידן איז בולט צו זען אין זיין „פּלאַצוווקאַ״, וואו לעבן דעם אומסימפּאַטישן שענקער יאָסל און איבערגעשפּיצטן סוחר הירשגאָלד, געפינט זיך אויך דער ערלעכער יונה ניעדאָפּערזש.

ווען אויפן אָרימען פויער שלימאַק שיטן זיך אומגליקן פון אַלע זייטן, עס שטאַרבן אים די קינדער, זיין כאַטע ווערט

פאַרברענט, דאָס ווייב ווערט קראַנק און שטאַרבט אַוועק און קיינער אין דאָרף קומט אים נישט צוהילף, ווייל ער און זיין באַבע האָבן זיך מיט אַלעמען געקריגט, אַלעמען געטון להכעיס און דערפאַר זענען אַלע ברוגז מיט אים, דאַמאָלס ווען ער איז גאַנץ איינזאַם און פאַרצווייפלט, ווען עס פאַרלאָזן אים די ענערגיע און די כחות, — געפינט ער אַ גוטן פריינט, אַ באַשיצער און העלפער אין יונה ניצדאָפערזש, דעם עלטסטן און אָרעמסטן ייד פון דער געגנט.

שלימאַק ליגט אין שטאַל נעבן זיין געשטאָרבן ווייב און טראַכט וועגן אַן אויסערנאַטירלעכער הילף, וואָרום אין מענטש-לעכן גוטן ווילן און אַפילו אין געטלעכן איז ער שוין מסופק. די דאָזיקע דערבאַרמונג קומט דורך יונהן, וועלכער באַווייזט זיך אינם קריטישסטן מאָמענט אויפן באַרג נעבן טראַקט אַן איינגעבויגענער, געבראָכענער, די פאַרקערפּערונג פון סאַמע נויט. מ׳האָט גראָד געקלינגען „אַווע מאַריע" און פרוס שיל-דערט אַזוי יונהס באַווייזן זיך: „ער איז געגאַנגען אַרומגערינגלט מיט די שטראַלן פון דער אונטערגייענדיקער זון, ווי אַ מלאך פון הימל, וועלכן דער באַרמהאַרציקער בורא האָט צוגעשיקט מענטשן אין זייער לעצטער נויט."

יונהס באַווייזן זיך אויפן טראַקט איז אָבער נישט קיין גאָטס-זאַך, ער איז נישט געקומען פון אַ שפּאַציר, נאָר פון זיין טאָג-וואַנדערן, פון דאָרף צו דאָרף מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס, מיט אַ שטעקן אין האַנט, איבער הייף און כאַטעס, כדי צו פאַרדינען עטלעכע גילדן אויף אַ טריקן שטיקל ברויט פאַר זיך און זיין פאַמיליע. בייטאָג געוואַנדערט, ביינאַכט גע-אַרבעט. נישט בלויז אַ לאַטשאַרזש איז דער דאָזיקער דאָרפס-„עקספּלואַטאַטאָר", נאָר ער קען אויך פאַרריכטן זייגערס, גאַנץ מאַכן צעבראָכענע שירעמס, האָט אַ ידיעה אין רימערייִ, קען אויסווייסן קעסלען און וואָס נישט נאָך. יונה איז אַ כל-בוניק, וואָס קען אַלץ און גאָרנישט גוט און פאַרדינט נאָך ווייניקער. דעריבער וואוינט ער טאַקע מיט זיין צאָלרייכער פאַמיליע ביים סאַמע עק דאָרף, אין אַ כאַטקע וואָס אירע ווענט האַלטן

ביים איינפאַלן, וואָס דער דאַך איז אָפּגעריסן, די פענסטער פאַרקלאַפּט מיט ברעטלעך, פאַרקלעפּט מיט פּאַפּיר, — וואו־נישט־וואו בלישטשען נאָר אין זיי פאַרבליבענע שטיקלעך גלאָז פון שויבן.

אַז יונה האָט דערזען שלימאַקס אָפּגעבערענטע כאַלופּע, נעמט ער ראשית כל דאַנקען דעם השם יתברך, וואָס נישט אים האָט ער געשטראָפט מיט אַ שרפה, וואָרום וואָס וואָלט דאַמאָלס בכלל געוואָרן פון יונהן און זיין ווייב, טעכטער און איידעמס און אייניקלעך, וואָס וואוינען מיט אים, ווען זיי פאַרלירן דעם דאַך איבערן קאָפּ, — כאָטש אַפילו עס רינט אַריין אַ קאַפּעטשקע. דערזעענדיק אָבער שלימאַקס אומגליק און מצב, נעמט ער זיך תיכף צו העלפן מיט וואָס ער קען. פון טייך ברענגט ער עטלעכע עמערס וואַסער און טרינקט אָן די בהמות, וואָס גייען אויס פון דורשט, — נישט באַקומענדיק שוין עטלעכע טעג קיין פּאַשע; ער ברענגט וואַסער צו טרינקען פאַר שלימאַקן גופא און גייט אַרום צו די קריסטלעכע שכנים פון דאָרף בעטן הילף פאַר שלימאַקן און טון איר רעכט דער שלימאַקאָווע. קיין דאַנק באַקומט ער נישט דערפאַר, אומעטום טרעפט ער אויף אַ שלעכטן קבלת-פּנים. נישט נאָר די קריסט־לעכע, פרומע שכנים העלפן נישט, נאָר מ'כאַפּט נאָך געוועהר אויף אים, מיינענדיק, אַז ער איז אַ שליח פון באַנדיטן. עס העלפן נישט זיינע הבטחות, אַז ער האָט נישט דערביי קיין שלעכטע מחשבות, עס העלפן נישט זיינע בקשות, אַז מ'זאָל געבן הילף אַן אומגליקלעכן; מ'יאָגט אים פון אומעטום אַרויס. יונה וויל אָבער נישט לאָזן שלימאַקן אויף גאָטס באַראָט, ער נעמט דאָס זעקל אויף די פּלייצעס, דעם שטעקן אין האַנט און אין פינס־טערער נאַכט וואַנדערט ער צום גלח, וואָס וואוינט אין אַ ווייטן דאָרף און בעט דאָרט הילף פאַר שלימאַקן.

אין טיפער נאַכט איז יונה געגאַנגען אַ מהלך וועג, כדי אויסצובעטן רחמנות צו אַ מענטשן; דער גלח אָבער מוז ערשט פירן אַ געוויסן־קאַמף כדי אויסצוקלויבן וואוהין צו פאָרן: אויף אַ וויזיט צו רייכע פּריצים, וואוהין מ'האָט אים איינגעלאַדן

און וואו מ׳וועט געבן משקה און קענען כאַפּן אַ קערטל, אָדער ברענגען טרייסט שלימאַזלניקעס. ערשט נאָך אַ ישוב הדעת–רעצידירט ער זיך נאָכצוטון יונהסביישפּיל און פאָרן טרייסטן אַ שפּעלע פון זיין סטאַדע.

אַזעלכן ווייזט אונז פּרוס יונהן. נאָר אַפילו צום סוחר הירשגאָלד פון דער „פּלאַצובקאַ" האָט ער נישט קיין טרעומות, וואָס ער וויל מאַכן גאָר גוטע געשעפטן מיט די פּריצים, קען נישט קיין סענטימענטן און נוצט אויס יענעמס שוואַכע זייטן. פּרעטענסיעס האָט פּרוס בלויז צו דער פּוילישער שליאַכטע, וואָס אויב זיי פאַרקויפן זייערע גיטער הירשגאָלדן, טון זיי עס אין מיטן נאַכט, צווישן אַ מאַזורקע און אַ קאַדריל, האַלב-שיכּורע שרייבן זיי אונטער קאָנטראַקטן און אָפּמאַכן, וואָס זענען דע-צידירנדיק פאַר זייער גאַנצן לעבן.

צו די ווינציקע ליטעראַריש-קינסטלערישע שאַפונגען פונם לידער פונם פּאָזיטיוויזם אין פּוילן, פון אַ ל ע ק ס אַ נ ד ע ר ש ו י ע נ ט אָ כ אָ ו ס ק י, געהערט די נאָוועלע „חוה רובין".

ווי אָרזשעשקאָס ציפּע פון „שמשון הגבור" איז אויך שווענטאָכאָווסקיס חוה רובין אַן אשת חיל, וואָס דערנערט אַליין איר פאַמיליע, האַלט זי אויס אינגאַנצן. עס איז יענער טיפּ פרויען, וואָס מיט רעכט ווערן זייערע מענער אָנגערופן אויף זייערע נעמען, ווי מענדעליס חיים חנה-חיה-טריינעס, שלום עליכמס לוי זלאטעס אָדער פּרצנס מענדל בריינעס. וואָס טוט אַלץ נישט חוה כּדי אויסצוהאַלטן איר שלימזלדיקן מאַן און די שוואַכע קינדערלעך?

מיט אַן אומזאַץ-קאַפּיטאַל פון דריי רובל, אַ געבאָרגטן, פאַרדינט זי ביז פינף-און-צוואַנציק גראָשן אַ טאָג. זי צעטראָגט מילך אין די הייזער, קויפט אויף אין דאָרף פּוטער און אייער פאַר די שטעטלדיקע באַאַמטע, טראָגט אין דאָרף נאָפט צו פאַרקויפן, האַנדלט צו מיט אַ ביסל פיש, כאַפּט מציאות, צו וועלכע זי דערלייגט און ווערט לסוף אַ בריוו-טרעגערין אין די אַרומיקע פאָלוואַרקעס, אַנשטאָט דעם שיכּורן פראַנעק, וואָס האָט באַגנבעט געלט-בריוו. דער שיינער חוהן איז אָבער אַזאַ

גליק, ווי משטיינס געזאָגט, צו זיין אַ בריוו-צעטראָגערין, אויך נישט באַשערט. דער אָפּגעזאָגטער פּראַנעק לויערט אויף חוהן אין אַ ראָוו אויפן שאָסיי, באַפאַלט זי אויס נקמה, באַרויבט און צעמזיקט זי, אַזוי אַז נאָך עטלעכע טעג ליגן אין בעט שטאַרבט זי, איבערלאָזנדיק דעם קראַנקן, שלימזלדיקן מאַן און די אָרימע קינדערלעך אויף קיינעמס באַראָט.

שוויענטאָכאָווסקי,—אין זיין צייט גערופן „דער אַפּאָסטאל פון יושר און אמת" און היינט אַ פאַרביסענער אַנטיסעמיט און שוואַרץ-מאהדיקער קלעריקאַל, — ענדיקט זיין נאָוועלע מיט דער איראָנישער באַמערקונג, אויפן אַדרעס פון די אַנטיסעמיטן: „אָרימע חוה, כ'בין דיר מוחל די מוראדיקע זינד, וואָס דו האָסט אין מיין לאַנד געאַרבעט און מיט זיין ברויט געוואָלט שפייזן דיינע קינדער..."

אַן ענלעכן גורל צו חוה רובינס האָט דאָס יידישע מיידל אסתר אין פּ. בראָדאָווסקיס „שמחהס קינד". געבליבן אַן מיטלען צום לעבן נאָכן פאָטערס טויט, העלפט אסתר איר מוטער אין דער שווערער פּרנסה. ביידע צוזאַמען צעטראָגן געבעקס איבער דערפער און פאָרשטעט, פאַרדינענדיק דערביי אויף קאַרגע חיונה. אויף די וועגן און פעלדער זענען זיי אין אַ שטענדיקער געפאַר צו ווערן איבערפאַלן. אסתרל פאַרשטעלט איר שיין פּנימל מיט טיכער און שמאַטעס, כדי מ'זאָל זי אָננעמען פאַר אַן אַלטע, מיאוסע, צעבראָכענע יידענע. סוף-כל-סוף פאַלט זי דאָך אַ קרבן פון עמעצנס חיהשע געלוסטן. אַ בראָדיאַגע באַפאַלט זי, און אַ טויטע געפינט מען זי אין פעלד.

פאַרגלייכט מען אָבער די אויבן געשילדערטע יידישקעס פון אַלטן לעבנס-שטייגער מיט אָרימער גשמיות און שווערער האָרעוואַניע—מיט די מאָדערנערע, געבילדעטע און אין לוקסוס-לעבנדיקע, ווי אַ שטייגער אין מיכאל באַלוצקיס „יידישקע" („זשידוווקאַ"), דערזעט מען, אַז די לעצטע,—נישט געקוקט אויף זייער אַרויסרייסן זיך פון געטאָ און אַריינבאַקומען זיך אין אַ נייער סביבה, — זענען נישט פיל גליקלעכער פון די ערשטע, אויב נישט פאַרקערט.

רעגינע. באַלוצקיס העלדין, אַ טאָכטער פון אַ גאַליציאַ-נער שענקער, ווערט דערצויגן ביי אירס אַ רייכן קרוב אין וואַרשע, אַ באַנקיר גאָלדבערג, וועלכער האַלט זי ווי אַן אייגן קינד און רינגלט זי אַרום מיט לוקסוס און וואוילטאָג, לאָזט זי בילדן און מאַכן סאַלאָן-פּעיִק, אָפּטיילנדיק זי אַזוי אַרום מיט אַ תהום פון איר פּאַנאַטישער, אָרימער משפחה. אויסגעוואקסן אַ שיינקייט און פיין-דערצויגענע, פאַרברענגענדיק איר צייט אויף בעלער און פאַרוויילונגען, צווישן אַריסטאָקראַטישע ספערן, פאַרליבט זיך רעגינע אין אַ באַרימטן פוילישן אַקטיאָר, ביי וועלכן זי געפינט קעגנזייטיקייט.

דאָס דאָזיקע פאַרהעלטניש האַלט אָבער בלויז אַזוי לאַנג אָן, ביז ער, דער אַמאָליקער שליאַכטשיץ, דערוואוסט זיך, אַז רעגינע איז אַ יידישקע. מיט אַ יידן פּאַסט אים שוין נישט האָבן צו טון און ער פאַרלאָזט רעגינען, כאָטש זי איז גרייט פאַר זיינעטוועגן זיך אָפּצוזאָגן פון איר פאַמיליע, שטאַם און רעליגיע.

דער ראָמאַן „זשידוווקאַ" געהערט נישט צו די זייער געלונגענע ווערק פונם מחבר פון „גרובע ריבי" און „בלישטשאַנצאַ נענדזאַ". צו בולט איז די טענדענץ, צו אומוואַרשיינלעך זענען די געשעענישן.

באלוצקיס יידישע טיפּן, כאָטש ער איז אומבאַדינגט קיין אַנטיסעמיט נישט געווען, געהערן נישט צו די סימפּאַטישע. ס'ציט נישט צו זיך רעגינעס פאָטער, דער כיטרער קרעטשמער אהרן, וואָס טרעט געגן אָפּ עמעצן זיין קינד, און נישט סימפּאַטישער איז איר אָפּיעקון, דער באַנקיר גאָלדבערג, דער סיבאַריט, וועמען דאָס געלט פאַרטרעט זיין גלויבן, יחוס, נאַציע א. אַ. ער איז איינער פון קראַשעווסקיס העלדן, פון דער וואַרשעווער פּלוטאקראַטישער סביבה.

באַלוצקיס יידן האָבן שטאַרק ליב געהאַט געלט און דער מחבר פאַרענטפערט תיכף פון וואַנעט עס נעמט זיך די יידישע קמצנות און געלט-גיריקייט:

„צייטווייליקייט — איז אַ כאַראַקטער-שטריך פון יידן. זיי

קענען זיך נישט צובונדן צו זייערע וואוינונגען, זיי געהעריק איינאָרדנען און באַקוועם, אָנגעגעבן דאָרט פאַרברענגען... אַ ייִד קען נישט קיין רו, נחת-רוח, באַקוועמלעכקייט ביז ער וועט נישט רייך ווערן, — סיי ביים געקרויזלטן בחור, סיי ביים ציטערדיקן זקן געפינט מען די זעלבע ספּעקולאַטיווע אויסגע-חשבונקייט, ראַפינירטקייט, און כיטרעקייט... אַפילו זיך גופא, דעם אייגענעם מאָגן, זיינע אייגענע לעבנס-הצטרכותן וועט ער אָפּנאַרן, אָפּפאַרטיקן מיט עבי-וואָס, אַבי נאָר עפּעס אָפּצו-שפּאָרן. דעם דאָזיקן שטאַרקן דראַנג זיך צו באַרייכערן קען מען דערקלערן און באַרעכטיקן מיט דער דערנידערונג און פאַראַכטונג, מיט וועלכע דער מיטלאַלטערלעכער פאַנאַטיזם האָט צעקאָלעטשעט דאָס דאָזיקע פאָלק, ווי אַ וואָרעם אין זאַמד. מ'האָט אים אַוועקגענומען כמעט אַלע מענטשן-רעכט, יעדעס ביסל פרייהייט; יעדע פּריווילעגיע האָבן זיי געמוזט קויפן פאַר געלט. דאָס געלט האָט זיי געראַטעוועט פון פאַרפאָלגונגען, מיט געלט האָבן זיי זיך איינגעקויפט געזעלשאַפטלעכע שטע-לונגען, אַרויפגעקליבן זיך אויף אַ העכערער מדרגה; ס'איז דאַריבער קיין וואונדער נישט, אויב זיי האָבן אַזוי ליב באַ-קומען אָט דעם „נייעם משהן", וואָס האָט זיי אַרויסגעפירט פון מיסט און בלאָטע".

באַלוצקיס הויפּט-העלדין רעגינע, נישט געקוקט אויף איר גוט-האַרציקייט און געפיל-פולקייט, איז לגמרי נישט ענלעך נישט צו דער דערמאַנטער אָרזשעשקאָס מירטאַלאַ, ניעמצעוויטשס שרה אָדער צו רבקהן די פּרוי פון „קאָרדאַווער רב, בן משה, פון אַדאַם פּייגערטס געדיכט „ייִדישקע" („זשידוווקאַ"), וועלכע וואַרפט זיך ליבערשט אין די כוואַליעס פון ים, איידער צו ווערן די שקלאַפישע געליבטע פונם ים-פּיראַט על-האַסאַן. פאַרדאָרבן אין דער סביבה פון דעם אַסימילירטן, פּלוטאָקראַ-טישן פעטער, רעאַגירט רעגינע גאַנץ שוואַך אויף די ייִדן-פּרע-סערישע זידלערייען פון איר באַגרעניצטן געליבטן, וועלכער פּרעדיקט פאַר איר, אַז אַ ייִד איז פאַר אים אַ סימבאָל פון שמוציקייט און מאָראַלישער מינדערווערטיקייט, פון פיזישער

געמיינקייט און מענטשלעכער אומווערדע, אז עס עקלט אים פון דאָזיקן פאָלק און ער איז אין כּעס, פּאַרוואָס עס האָט זיך אַזוי פאַרמערט און פאַרשפּרייט אין „זיין" לאַנד.

ערשט ווען אָט דער דאָזיקער נפש אַנטזאגט זיך פון איר מיט פאַראַכטונג ווי פון אַ יידישקע, כאָטש זי געפינט זיך שוין אין קלויסטער און גרייט זיך צום שמד, פאַרלאָזט זי אָט דאָס אָרט, וואו זי האָט זיך אויסבאַהאַלטן פון איר פאַמיליע און געגרייט צום נייעם גלויבן, און רופט פּאַטעטיש אויס: „נישט פאַראַן מער צווישן אונז קיין שום געמיינזאַמעס. אָ! קריסטן, איר זענט זיך שרעקלעך באַגאַנגען מיט אַ הארץ פון אַ יידישקע". ערשט דעמאָלט קערט זי זיך אום צו איר פאָטער.

באלוצקי דער פּאָזיטיוויסט, וואָס באַציט זיך אַזוי סקעפּטיש צו די גלויבנס-איבערצייגונגען סיי פון זיינע קריסטלעכע, סיי יידישע העלדן, איבערנעמט זיך אויך נישט מיט דער פאַר-חלומטקייט און סענטימענטאַלישקייט פון אַ טייל יידישע בור-זשואַזע פרויען, וועלכע אַזויפיל דיכטער האָבן באַזונגען מיט לויב. ער רעזאָנירט איבערן מקור פון דער דאָזיקער פאַר-טרוימטקייט:

„דער פאַרחלומטער אויסדרוק, וועלכן מ'טרעפט בטבע ביים ציוויליזירטן שיכט יידישקעס, איז אַ פּועל-יוצא פון זייער דערציונג און סביבה. זיי האָבן בילדונג, עס פעלט זיי אָבער גלויבן; זייער פאַנטאַזיע, וואָס איז אויפגעבלאָזן און דערהיצט פון לייענען ראָמאַנען, שטויסט זיך יעדן אויגנבליק אָן אויפן שמוציקן מאַטעריאַליזם פון דער סביבה, אין וועלכער זיי זענען אויסגעוואקסן; דעם אויסגעאיידלטן געפיל זייערן, וואָס לעכצט נאָך ליבע, איז אומאַנגענעם דער קלאַנג פון געלט, געווינען דורך ספּעקולאַציע, פון דער לעבנס-פּראָזע. די דאָזיקע דיסהאַרמאָניע רופט אַרויס ביי די אויסגעפּיעשטשעטע פרויען אַ בענקשאַפט נאָך עפּעס אומבאַקאַנטן, וועלכעס זיי זעען נישט אַרום זיך, עפּעס אַ מין צניעהדיקע סענטימענטאַל-קייט און אומצופרידנקייט. רייכטום און לוקסוס, אנשטאַט צו באַרויקן זייער געמיט, פאַרערגערן נאָך דעם דאָזיקן קרענקלעכן

צושטאַנד, ווייל צו דער אומצופרידנקייט גיבן זיי נאָך צו אַ שפּע פון איבערזעטיקטקייט. אַזאַ פרוי פאַרלאַנגט שוין גאָרנישט, ווייל זי קען אַלץ האָבן. דער דאָזיקער אומאַנגענעמער צו־שטאַנד ווערט אַ כראָנישע קרענק ביז די פרוי ווערט אַ מוטער..."

בכלל אָבער אַנטהאַלט באַלוצקיס "יידישקע" נישט קיין סך ווערטפולעס. בנוגע באַשרייבונגען פון יידישע מנהגים זינ־דיקט דער מחבר אַפילו שטאַרק; למשל, די באַשרייבונג פון אַ יידישער לויה, וועלכע מוז כלומרשט שטענדיק פאָרקומען אין טיפער נאַכט (געשעפּט פון סלאָוואַצקין?). דער ראָמאַן גופא איז פול מיט אומוואַרשיינלעכקייטן און צופעליקייטן, ווען אַ אַ מוטער און איר זון דערקענען זיך נישט, אַ שוועסטער האָט שיער נישט חתונה מיטן אייגענעם ברודער א. ד. גל. פאַראַן פאַרפּירונגען און געשעענישן, ווי די זאַך וואָלט זיך אָפּגע־שפּילט נישט אין דער צווייטער העלפט נײַנצנטן, נאָר פופצנטן יאָרהונדערט, ערגעץ אין ווילדן מעקסיקע.

באַלוצקי דער פּאָזיטיוויסט און אָנהענגער פון יידיש־פּוילישער אַסימילאַציע האָט געוואָלט, אַז די פּוילישע געזעל־שאַפט זאָל מיט אָפענע, צושפּרייטע אָרעמס אַריינגעמען צו זיך רעגינען, וועלכע האָט זיך אַרויסגעריסן מכלומרשט פון געטאָ און איז אַפילו גרייט אָנצונעמען קאַטוילעציזם, כדי בעסער זיך צונויפגיסן מיט דער אַרומיקער געזעלשאַפט; האָט ער טענות צום פּוילנטום, וואָס האָט רעגינען אָפּגעשטויסן פון זיך מחמת איבערלעבטע פאָרורטיילן. באַלוצקי שטייט אויפן שטאַנד־פּונקט, אַז יידן זענען פּוילישע בירגער, דאָ געבוירן און דאַרפן דאָ גלייכבאַרעכטיקטע בלייבן, ווי מיר זעען דאָס פון זיין געדיכט: "פּ אַ ל ע ס ט י נ אַ".

זיצט אַן אַלטער ייד איבער אַ גמרה און לעבן אים אַ יינג בחורל, מיט וועלכן ער חזרט איין די אַלטע געשיכטע וועגן לאַנד כנען, דעם פאָטערלאַנד פון די אור־אורזיידעס, צו וועלכן עס בענקט אַזוי שטאַרק זיין נשמה. די לאַנגע טויזנט־יעריקע וואַנדערונגען און דאָס איצטיקע לעבן דאָ באַטראַכט ער פאַר דערציייליקע, ביז די גאולה וועט קומען, און ביז דאָס

וועט געשען — דערציילט ער זיינע אייניקלעך וועגן לאַנד פון זבת חלב ודבש, וואו ס׳וואַקסן טייטלען, פייגן און באָקסער.

אַז דער אַלטיטשקער שלאָפט אָבער איין איבערן ספר, טראַכט זיך דאָס יינגע בחורל זיינע מחשבות: וואָס געהערט ער זיך, אייגנטלעך, אָן מיט פּאַלעסטינא? ער האָט נישט גע־וויינט דאָרט אויף זיין מוטערס לויה, נאָר אָט דאָ, וואו זיין טויטע מוטער איז באַגראָבן, ביים וועלדל נאָכן טייך, וואו עס געפינט זיך אויפן בערגל דער יידישער בית-עולם. דאָ איז ער געבוירן און יעדער איז אים נאָענט; דאָ איז זיין וויגל גע־שטאַנען און וועט אויך זיין קבר זיין. ער דערמאנט זיך זיין ניאַניע מיט די רויטע באַקן און אירע בלישטשענדיקע אויגן, וועלכע ער האָט אַפילו אין שלאָף געזען, און יענע וואָס האָט אים געקאָרמעט און אָפּגעהיטן, איז דאָך נישט געבוירן אין פּאַלעסטינע. ער דערמאנט זיך די לידער, וואָס האָבן אים צום שלאָף געוויגט און פרעגט זיך, צי ס׳איז אַ זינד — זיין ליבע צו דער דאָזיקער היגער ערד און דאָס, וואָס ער ליידט מיט, זעענדיק ווי עס ליידן אַלע אַרום אים.

וועגן יידן האָט אויך געשריבן אַן אַנדערער גאַליציאַני־שער שריפטשטעלער סעווער (איגנאַצי מאַטשעיאָווסקי) אין זיין נאָוועלע „אויף דעם ברעג פון דער רודאַווע" („נאַד בזשעגעם רודאַווי").

ס׳איז אַ געשיכטע וועגן דעם גורל פון אַ דאָרף-יידענע, שרה וואַלאָווע, וואָס איז גאָר יינג געבליבן אַן אלמנה מיט פיר קינדערלעך, און מיט די אייגענע צען פינגער און שווערע קאָפּ-זאָרג געמוזט מפרנס זיין זיך און אירע קינדער. זי האָט זיך נישט געשעמט מיט קיין שום אַרבעט, געשטראַלט אויב ס׳האָט זיך געמאַכט אַ געלעגנהייט אויף אַ פּאַרדינסטל און געטון האָט זי עס, ווי עס פאַרזיכערט דער מחבר, נישט מחמת גיטרעקייט, נאָר כדי אירע קינדער זאָלן נישט דאַרפן הונגערן און פרירן אין ווינטער. האָבנדיק אַ שטיקל נחלה ביי דער דאָרפישער, קהלהשער לאָנקע, האַלט זי אַ קו, פּאַשעט עטלעכע צענדליק גענז און שלאָגט זיך שווער אַדורך אין לעבן. פלאָגט

זי אָבער אַ צרה, וואָס דאָס עלטסטע ייִנגל, אַ שטיפזון נאָכן מאַן, וויל נישט לערנען, נאָר יאָגט זיך אַרום איבער די דערפער. זיסמע ווייזט שוין אַרויס פון קינדהייט אָן אַ שטאַרקע נייגונג צו האַנדל-וואַנדל. ער פלעגט גיין איבער די הייף, אָפּקויפן ביינער, פעלעכלעך פון שעפסן און קראָליקעס, שמאטעס א. ד. גל. אין שטוב וויל ער אָבער גאָרנישט געבן, נישט טון, נישט העלפן, עסט נאָך אויף דעם חלק פון די ייִנגערע קינדער, ביז שרה קען שוין נישט מער פאַרטראָגן זיינע דרכים און מעשים, און פאַריאָגט אים פון שטוב. זיסמע פּרוּווט אַפילו זיך הענגען און שרה ראַטעווועט איר ביי צייטנס פון דער תּליה. דאַמאָלס פאַרשווינדט ער אינגאַנצן אויף אַ לאַנגע צייט.

נאָך יאָרן ערשט קומט זיסמע צוריק אין דאָרף אָנגעטון מעשה פּריץ, מיט רינגען אויף די פינגער, אַ גאָלדענער קייט איבער דער וועסט, דערציילט מעשיות וועגן ווין, טיילט מתנות דער שטיפמוטער און די שוועסטער, און דאָס הויזגעזינט האָט ממש מורא צו זעצן זיך לעבן אים. ער בלייבט אָבער נישט לאַנג אין דאָרף. נאָך פון קינדווייז האָט ער ליב אַ דאָרפס-שיקסע, ער איז גרייט צוליב איר זיך צו שמדן, גיין מיט איר אין עק וועלט. זי אָבער, מיט איר פּויערשן שכל, האָט נאָר איין ענטפער פאַר אים: „וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, אַז דו ביזט דאָך אַ ייִד!" פאַרלאָזט זיסמע פון פאַרצווייפלונג זיין היימאָרט אויף שטענדיק.

אַ חוץ שרהן און זיסמען איז נאָך פאַראַן אין דער דערציילונג דער הענדלער מרדכי, וועלכער האָט, לויט זיינע רייד, באַקומען הונדערט פּאַפּירלעך נדן. האָט ער צען מאָל ריזיקירט און ער האָט שוין טויזנט. חלומט ער איצט צו ריזיקירן אַ הונדערט מאָל, כּדי צו האָבן הונדערט טויזנט און דאַמאָלס, ווען ער וועט נאָך אַ צען מאָל ריזיקירן, וועט ער שוין ווערן אַ מיליאָנער. ביז דאַמאָלס וועט ער אָבער גיכער ווערן אַ מדינה-גייער.

טריי האָט סעוווער אויך געשילדערט די נעבנגעשטאַלטן: דעם בעקער פּיעטראַשעק, וואָס האַלט אין איין אויסרעדן אויף

די שווינדלער—יידן און נאַרט אַליין אָפּ יעדן און אומעטום, וואו עס לאָזט זיך נאַר, און אויך באַרטעק טשאַרניק דעם פויער-וואוכערער.

אַ ברייטערן פאַרנעם האָט סעווערס ראָמאַן „זיסמע״ („זיזמאַ״), וועלכער האָט אַ היסטאָרישן ווערט אַלס אָפּשפּיגלונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אַטמאָספער פון דער צייט, ווען ער איז אַנטשטאַנען, און וואו דער העלד דאַכט זיך צו זיין אַ ווייטערע אַנטוויקלונג פון יענעם זיסמע, וועלכן מיר האָבן דערקענט „פונם ברעג פון רודאַווע״.

דער העלד פון ראָמאַן, אַ קינד פון גאַליציאַנער דאָרף, קומט אָן אין ווין, וואו ער טרוימט צו ווערן אַ מיליאָנער. אָרעם, אויסגעשפּעט, פאַראַכטעט, וויל ער דורך בערזע-ספּעקולאַציעס קומען צו געלט און אָנזען. ער טרוימט אַזוי לאַנג און פּרובירט אַלץ, ביז ער ווערט טאַקע אַ גביר, און תיכף הויבט מען זיך אָן רעכנען מיט אים. ווינער באַנקירן ווילן אים האָבן אַלס שותף צו זיך און דער גרויסער פּרעסע-אָרגאַן, „די נייע פרייע פּרעסע״ שלאָגט אים פאָר צו ווערן איר קאָרעספּאָנדענט אין לעמבערג.

זיסמע נעמט אָן דעם לעצטן פאָרשלאַג, ער פאָרט קיין גאַליציע און דאָ קומט אים אויס צו איבערלעבן קאָנפליקטן. ראשית כל זענען אים אַ שטערונג זיינע שוואַכע קענטנישן. מחמת אַמביציע האָט ער אָנגענומען אַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן פון אַ לאַנד-קאָרעספּאָנדענט, נישט קענענדיק גאָרנישט, ווייל ער האָט קיינמאָל נישט געלערנט. ער האָט קיין אָנונג נישט וועגן די געזעלשאַפטלעך-פּאָליטישע באַציונגען אין לאַנד, וועגן זיין עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג, די קולטורעלע באַשטרעבונגען ביי פּאָליאַקן און יידן און אָריענטירט זיך אַפילו נישט אין די פּאָליטישע טענדענצן פונם אָרגאַן, וועלכן ער דאַרף רעפּרעזענטירן און וועלכע זענען פויליש-פיינטלעכע.

אין לעמבערג האָט זיסמע אָנגעטראָפן אויפן סאַמע ברען פון דער אַסימילאַטאָרישער באַוועגונג ביי דער יידישער יוגנט. ס'איז געגאַנגען אַ קאַמף צווישן דער אַלטער אַסימילאַציע, וואָס

האָט זיך באַהאַלטן אונטער דעם מענטעלע פון השכלה און גע־האַט דייטשישע שפּראַך־פאָרמען לויטן נוסח־מענדעלזאָן און דער גייער אַסימילאַציע פון יינגערן דור, וואָס שטרעבט צו ווערן פּאָליאַקן פון משה־רבינוס גלויבן, ממילא אָננעמען פּוילישע שפּראַך־פאָרמען, כּדי צו קענען גיכער און בעסער זיך צונויפ־שמעלצן מיט דער אַרומיקער פּוילישער באַפעלקערונג.

פון איין זייט זענען די אַלטע גרייט צו באַגריסן זיסמען אַלס פאַרטרעטער פון חשובסטן פרעסע־אָרגאַן אין דער דונאַיער רעזידענץ; די יינגע ווידער גרייטן זיך צו אַ דעמאָנסטראַציע קעגן אים, זעענדיק אין אים פאַרקערפּערט דעם עסטרייכיש־דייטשן, קעניגלעך־קייזערלעכן אונטערדריקער. און אין דעם ראָזיקן צווישנקאַמף צווישן אַלט און יינג, צווישן וואַסער און פייער, דערזעט זיסמע זיין קלאָגעדיקע ראָל. ער זאָגט זיך אָפּ פון צו זיין אַן עסטרייכישער אַגענט, ווערט מיטגעריסן מיטן ענטוזיאַזם, אידעאַליזם און איבערגעבנקייט פון די יינגע און זייערע פירער, שטעלט זיך אויפן צד פון דער אַסימילאַטאָרי־שער יוגנט, וואו עס לאָקט אים אגב אויך די שיינע זאָנעט.

קיין סימן פון מענטשלעכקייט, צוגעבונדנקייט, — ווי מיר האָבן דאָס ביי פיל פּוילישע שריפטשטעלער, — זעט נישט יוזעף ראָגאָש אין זיין יידישן העלד פונם ראָמאַן „רישאַרד גאָזדאַווא". יאַקוב שטערן איז לויט זיין מחבר אַן אמתער אויסוואורף, אָן הארץ און אָן געפיל. ווען מ׳פאַרגלייכט אָבער אין דעם דאָזיקן אַנטיסעמיטישן ראָמאַן, — פול מיט פּלפּולים און ציטאַטן פון מעטאַפיזיקער־פילאָזאָפן, — די צוויי הויפּט־העלדן, דעם אַלטן גאָזדאַוואַן און שטערנען, מוז מען דאָך, נישט גע־קוקט אויפן מחברס אַנטי־יידישע טענדענצן, מער רעספּעקטירן שטערנען, ווי דעם אַלטן בעל־עבירהניק און עובר־בטלניק גאָז־דאַוואַן. דער אַלטער גאָזדאַווא איז אַ לייכטזיניקער, אַ פוילער, פאַרברויכער, בעת שטערן איז אַ שפּאָרזאַמער, ענערגישער, רירעוודיקער. צוויי קעגנפּאָלוסן: פוילקייט און אומדערמידלעכע אַרבעט, לייכטזיניקע באַקוועמלעכקייט און קלוגע רירעוודיקייט, שוואַכקייט פון כאַראַקטער קעגן אייזערנער געדולד, שלימזלדיקע

ערלעכקייט און פאַסיווע, צעקראָכענע יושרדיקייט קעגן אַן ענערגישן צייט-גייסט. אודאי, וועט דער ערשטער באַזיגט ווערן דורכן צווייטן, אַפילו אָן קרומע וועגן. דעם מחברס שולד איז עס, אויב ער שטעלט אַנטקעגן אַזעלכע דיאַמעטראַלע היפוכים און פאַרלאַנגט יושר פונם לעבן, ווי דהיינו, אַז דער שוואַכער אין גייסט און אונטערנעמערישקייט זאָל בלייבן אַ גביר, ביים פאַרמעגן וואָס זיינע אבות האָבן אים געלאָזן בירושה, כאָטש ער האָט געטון אַלץ מעגלעכעס, כדי דאָס פאַרמעגן צו פאַרלירן, — און דער ענערגישער, קלוגער זאָל בלייבן אַ קבצן, ווי די מוטער האָט אים געהאַט.

ענלעך, בנוגע סענסאַציאָנעלע, צוגעפעפערטע פאַסירונגען און סיטואַציעס צו באַלוצקיס „זשידוווקאַ”, איז דער היסטאָרישער ראָמאַן פון מיטלאַלטער „צ ו ל י כ ט” („דאָ שוויאַטלאַ”) פון וו. ר אַ פ אַ צ ק י, אין וועלכן אַ יונגן יידן, יוסף, קומט אויס צו שפּילן די ראָל פון אַן אַפּאָסטאָל, ברענגענדיק זיך אַלס קרבן פאַר אַן עדה יידן און פאַר זיין קריסטלעכער געליבטע. קיין צו גרויסע יידן-קענטניש ווייזט דער מחבר נישט אַרויס און דאָס שלעכטע איבערוועגט דאָס ביסל גוטס וואָס איז פאַראַן אין חיבור.

## 8

# רעאַליזם און נאַטוראַליזם.

אַ באַזונדער אָרט בנוגע יידן־שילדערונגען פאַרנעמט קלעמענס יונאָשאַ (שאַניאַווסקי), וועלכער האָט אַ סך געשריבן וועגן יידן, געווידמעט זיי — ענלעך צו אָרזשעשקאָ, כאָטש אין אַן אַנדערן זינען, — גאַנצע דערציילונגען, וואָס זענען פאַרשיידן אָפּגעשאַצט און קאָמענטירט געוואָרן.

יונאָשאַ איז געווען אַ שטאָטישער. לעבנדיק אָבער אַ סך אין שטעטלעך און דערפלעך, האָט ער שטאַרק ליב באַקומען די ליבע פּראָווינץ און לרוב געשריבן וועגן דעם דאָרטיקן לעבן, מיט זיינע פרייד און ליידן. דעריבער טרעפט מען אַזוי אָפט אין זיינע ווערק דעם פּאַראָרימטן פריץ, דעם פּויער און שטעטלדיקן ייד.

יונאָשאַ באַזיצט אַ סך אָפּטימיזם, הומאָר און נישט אומזיסט איז ער געווען דער ערשטער „גוישער" איבערזעצער פון מענדעלי־מוכר־ספרים. אַזוי ווי יענער, האָט ער געשילדערט די קליינע מענטשעלעך פון די עמק־הבכאס, און אויך דאָרט אויסגעפונען פּערל, וועלכע ער האָט געליובט. גאָר אַ סך זיינע העלדן זענען מענטשן לרוב דערשלאָגענע, וואָס טראָגן געדולדיק אויף זייערע פּלייצעס דעם שווערן לעבנס־יאָך, לעבן תמיד מיט בטחון, אַז דער שווערער מזל וועט זיך אָפּקערן פון זיי

און די זון פון פרייד וועט אָנהייבן לייכטן. זיי זענען דאַנק-באַר פאַר דעם קלענסטן שמייכל, פאַר די ווינציקסטע פרייד, וואָס דער גורל וואַרפט זיי צו.

יונאָשאַ גופא איז תּמיד געווען פאַרפלאָנטערט אין די-הענט פון פראָצענטניקעס, ער האָט דעריבער פערזענלעך געהאַט די געלעגנהייט צו האָבן אַ מגע ומשא מיט דער דאָזיקער חבריה און דערקענען אַלע זייערע קונציקע שטיקלעך און איינ-פאַקן, ווי אַזוי אַריינצובאַקומען אין זייערע נעגל אַ פאַרוווּנ-דעטן מענטשלעך פייגעלע און אויסזויגן דאָס חיות דערפון. היות אַ געוויסער היפּשער פּראָצענט יידן האָט זיך נאָך אין דער צווייטער העלפט נײַנצענטן יאָרהונדערט פאַרנומען מיט געלט-באָרגן און אַ טייל פון זיי האָט גרונטלעך אויסגענוצט די לייכטזיניקייט פון דער שליאַכטע און טעמפּקייט, אָפּגעשטאַנענ-קייט פון די פויערים כדי זיך צו באַרייכערן, איז פאַרשטענד-לעך פאַרוואָס יידן פאַרנעמען אַזאַ חשובן אָרט אין דער שפּי-נען-גאַלעריע פון יונאָשאַן.

אַלע זיינע באַאָבאַכטונגען און טרויעריקע דערפאַרונגען בנוגע ליכווע, האָט יונאָשאַ קאָנצענטרירט בעיקר אין זיינע ראָמאַנען: „ש פּ י נ ע ן" („פּאַיאָנקי") און „ש וו אַ ר צ ע ב ל אָ-ט ע" („טשאַרנע בלאָטאָ"). אין ערשטן שילדערט ער דעם שטאָטישן ליכוויאַרזש, אין צווייטן — דעם דאָרפישן. זיי אַלע לויפן, ליאַרמען, זאָגן ליגנט, שווערן אויפן געזונט פון זיך גופא און פון זייערע קינדער, אויפן לעבן פון זייערע פרויען און עלטערן, אויף זייער אייגן חלק עולם-הבא. יעדער פאַר-זיכערט צו טון אַלץ מעגלעכע לטובת אַ צווייטן, כדי דערווייל אויסצוזוכן יענעמס שוואַכע זייטן און אים אינגאַנצן רואינירן. יונאָשאַ האָט אַפילו נישט פאַרגעסן צו שילדערן די שפּינען אין ספּודניצעס, ווי די שיינע מלכּה פיש פון דער „שוואַרצער בלאָטע", וועלכע נוצט אויס פאַר אירע צוועקן די דאָרפישע דאָן-זשואַנען. אָט די דאָזיקע שפּינען, יידן ווי קריסטן, מאַכן קיין אונטערשייד נישט צווישן גלויבן און נאַציע; זיי זויגן

פרעמדע ווי אייגענע; זיי פאַנגען יעדן, וואָס האָט נאָר דאָס אומגליק אַריינצופאַלן אין זייער נעץ.

אחוץ זיינע יידישע פּראָפעסיאָנעלע שפּינען-וווכערער, האָט יונאָשאַ אויך געשאַפן אַ גאַנצע גאַלעריע אַרענדאַרן, שווייגערס, פאַקטאָרס, און אַנדערע יידישע לופט-מענטשעלעך. פון דעם אַלעם אָבער נישט געמאַכט קיין טראַגעדיע, נאָר תמיד און אומעטום אויפגעכאַפּט די קאָמישע זייטן און שטריכן און דעם גרויען הינטערגרונט באַלויכטן מיט אַ וויציקן שמייכל, מיט לוסטיקן הומאָר, אַזױ ווי ער וואָלט זיך שפּילן מיט אַלע יענע, וואָס זייערע מיאוסע מעשים האָט ער אַזוי שווער גע־פילט אויף די אייגענע פּלייצעס.

אין דער „לעבנס-געשיכטע פון שמחה ברוך קאַלטקוגל" (זשיוואָט אימטשי פּאַנאַ סימכי באָ־רוכאַ קאַלטקוגלאַ") שטעלט יונאָשאַ פאָר דאָס לעבן פון אַ יידן, פון זיין געבוירן אָן ביזן קבר, ענלעך צו אָרזשעשקאָס „עלי מאַקאָווער". מיר זעען דאָס קינד אין חדר, שפּעטער דאָס בחורל, דעם יונגנמאַן א. אז. וו. שמחה ברוך אַנטוויקלט זיך פיזיש מיטן נאַטירלעכן גאַנג. גאָרנישט אַזוי פויגלדיק איז אָבער זיין מאָראַלישע אַנטוויקלונג. צוזאַמען מיט זיין שווער באַרייכערט ער זיך דורך גנבות און אַפּערעס. ער ווערט דער הויפּט-סוחר פון געגנבעטע פערד; אויב מ׳צאָלט אים נישט אָפּ פון פערד, לאָזט ער זיי אַרויסגנבענען, סמען א. ד. גל. בכלל גייען אַלע גנבות אין דער געגנט אַדורך דורך שמחה ברוכן, וועלכער שטעלט דערצו נאָך אָן אַ יראת-שמים פּגימל פון אַ פרומען, אָרימען מענטשן, וואָס שטאַרבט עטלעכע מאָל אַ טאָג פון הונגער. סוף-כל-סוף אַנטדעקט מען זיינע פאַרשידענע פאַר־דעכטיקטע מאַכינאַציעס און נישט-כשרע שטיקלעך, פאַר וועלכע ער זיצט אָפּ אין טורמע. אַרויסגעקומען פון תפיסה, איז ער אָבער שוין אַ ייד אַ גביר; ער מאַכט נישט מער אַזעלכע רי־זיקאַלישע „געשעפטן" ווי פריער, נאָר נעמט זיך צו „ווינקל־באַנקירעריי", — באַקומט אַריין אין זיינע לאַפּעס די פּריצישע גאָלדענע יוגנט, וועלכע שרייבן אונטער זייערע פאַטערס אויף־

סומען, עטלעכע מאָל גרעסערע וויפל זיי באַקומען פון קאַלט־קוגלען. און אַזוי פּאַוואָלי ווערט שמחה ברוך אַ ייד אַ תּקיף, אַ כּלל־פּאַרזאָרגער, אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל, אָן וועלכן עס ווערט גאָרנישט געטון. אויסגעגעבן אין פריידן זיינע קינ־דער, פאַרברענגט ער זיין עלטער אין באַקוועמען קאַבינעט ביי אַ דיקער האַוואַנאַ־ציגאַר. דאָס איינציקע עגמת־נפש שמחה ברוכס איז נעבעך די יוגנט, וועלכע ער האָט אין איין מוסרן פאַר איר נישטפרומקייט, נישט־פאָלגן עלטערע מענטשן און דער עיקר פאַר איר אַנטקעגנשטעלן זיך די גבירים...

די „לעבנס־געשיכטע פון שמחה ברוך קאַלטקוגלען" אַנט־האַלט אַ טיפע איראָניע אויף די איצטיקע געזעלשאַפטלעכע פאַרהעלטנישן. די מטבע דעמאָראַליזירט אַלע, אָן אונטערשיד פון גלויבן און נאַציע; מ׳פרעגט נישט ביי קיינעם פון וואַנען ער האָט דאָס געלט, נאָר מ׳טיילט צו כּבוד יענעם, וועלכער באַזיצט עס.

נישט פיל סימפּאַטישער פון שמחה ברוך קאַלטקוגלען איז דער אַרענדאַר יאַנקל פּאַצאַנאָוועָר פון יונאָשאַס „א ו י ף ה אָ־ל ע ו ו צ ש ק ע ס" („נאַ זגלישטשאַך"). דורך פאַרשידענע כּשרע און נישט־כּשרע מיטלען ווערט יאַנקל פּאַצאַנאָווער אַן עושר, ווערט אַ כּלל־טוער פאַר וועלכן מ׳האָט מורא, זיצט אין מזרח־וואַנט אין שול. ער פאָרט שוין אַרויס אין אַן אייגענער קאָטש, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט בעת עמעצנס אומגליק אויף אַ ליצי־טאַציע. זומער ־ פאָרט ער אין די בעדער. ער רעדט ווייניק און דערפאַר האַלט מען אים פאַר אַ קלוגן.

נישט אַזוי פאַרברעכעריש ווי קאַלטקוגל, איז דאַך פּאַ־צאַנאָווער, אַ גייסטיקער ברודער פון אָרזשעשקאָס יאַנקל קאַמיאָנ־קער אין „מאיר יעזאָפאָוויטש". צו די דאָזיקע שפּינען געהערט אויך אַבע ווייספּיש פון יונאָשאַס „אָ ן א ו י ס ג אַ נ ג" („בעז וישטשאַ") און איצעק גרינבוים דער טרזשעגשידלער פּאַכטער פון יונאָשאַס „ט אָ פּ ל ט ן א י צ ע ק" („איצעק פּאָדוואָיני"). די אומסימפּאַטישע העלדן אין די דאָזיקע נאָוועלן פּלפּולן זיך אַ סך, אָפּערירן מיט ספּעציפישער יידישער מוח־גימנאַסטיק,

וועלכע יונאָשאַ קען אַזוי גלענצנד. זיי אַלע געהערן אָבער שוין צו אַן אונטערגייענדיקער תקופה. זייער קינדער, מענטשן פֿונם נייעם דור, האָבן שוין אַנדערע השגות, האָבן אַנדערע באַשטרעבונגען, קוקן אַנדערש אויפֿן אַרומיקן לעבן און זיי ווילן שוין זיין פרייע, נוצלעכע מיטשעפער פון אַלגעמיין מענטשלעכע קולטור-ווערטן.

סימפּאַטישער פון די פריצרדיקע יידן איז שלומקע רופא אין יונאָשאַס „הער ריכטער" („פּאַן סענדזיאַ"), וועלכן מ'רופט אין שטעטל „שלומקע דער ענגלישער סטאַרשי-פעלדשער פון לאָנדאָן". דאָס אַנטשטייען פון אָט דעם צונאָמען האָט אַ גאַנצע געשיכטע אונטער זיך. מיט יאָרן צוריק האָט שלומקע באַקומען אַ ידיעה פון לאָנדאָן, אַז זיינער אַ דאָרטיקער, פאַר-שטאָרבענער קרוב האָט אים אָפּגעשריבן ירושה. האָט ער אונ-טערגענומען אַ נסיעה אַהין: ביז דאַנציק מיט דער ווייסל אויף דראַטעווס און פון דאָרט ביז לאָנדאָן מיטן שיף. אָפּגענומען די ירושה, האָט ער זי איינגענייט אין דער קאַפּאָטע. אויפן צוריק-וועגס אָבער איז אים אַמאָל הייס געוואָרן, האָט ער די יופּעצע אויסגעטון, און זי איז אים נעלם געוואָרן. ער איז צוריקגעקו-מען מיט גאָרנישט און געבליבן איז אים בלויז דער נאָמען: שלום ענגלישער אָנשטאָט שלום געליבטער. ער איז ביי אַלעמען זייער באַליבט, ער איז דער בעל-יועץ און באַגלויבטער ביי דער אינטעליגענץ אין שטעטל און גאָלט אפילו די מאָנאַכן אין קלויסטער. מעשה וועלט-רייזנדער טראָגט ער שוין אַ קאַפּעטשקע קורצער די קאַפּאָטע און שערט זיך אונטער זיין בערדל.

צווישן יונאָשאַס הומאָרפולע נאָוועלן און לעבנסשטייגער-בילדלעך זענען אויך פאַראַן יידישע. זיינע „מוזיקאַנטן" („מוזיקאַנטשי") זענען אַ פּראַכטפול בילד פון אַמאָליקן יידיש-פוילישן לעבנסשטייגער. פון איין זייט די יידישע הכנעהדיקע קלעזמער, וועלכע פאַרלירן נישט אין שווערן לעבנסקאַמף די עכט שלום-עליכמדיקע הומאָריסטיק און פאַרפלאָנטערן זיך כסדר אין קאָמישע סיטואַציעס; פון דער אַנדערער זייט, דער

רחבותדיקער ווילקיר, בגלופינדיקע גוטמוטיקייט און צעלאָזנקייט פון קליינינגקן פוילישן פריץ.

פרעכטיק איז איציק פיסטאָלעט מיט זיינע צונעמענישן אדיוטאַנט, פראָקע א. א. פון יונאָשאַס „דעם הער מאַציי'ס אדיוטאַנט" („אַדיוטאַנט פאַנאַ מאַציעאַ")—מיט זיין שטאַרקער זאָרג, אַז זיין פריץ זאָל חלילה נישט חתונה האָבן, — אזוי ווי ער וואָלט אינטואיטיוו פאָרויספילן, אַז דורך דעם פריצס באַווייבט ווערן וועט ער פאַרלירן זיין פרנסה.

הומאָרפול ביז לעכערלעכקייט איז אברהם פיין פון יונאָשאַס „וועלף" („ווילקי") און אברהם יונה קוראָפּאַטוואַ פון זיין „קאַשטעליאַנער מעד" („מיוד קאַשטעלאַנסקי").

מיט עכט יידישער שאַרפזיניקייט צייכנט זיך אויך אויס יונאָשאַס „באַוויי ז" („דאָוואוד") אַ מעשהלע וועגן אַ רב און אַ פּערס.

און מיט וואָס פאַר אַ ווײימוטיקער לעבנספילאָזאָפיע אָטעמט פון יידישן פוטער-הענדלער אין יונאָשאַס „אברהם פינקט און מאַטעוש שיקאָרא". דער יידישער פוטער-הענדלער און פוילישער חיות-פאַנגער קענען בשום אופן נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז די חיות אין וואַלד זאָלן זיין עמעצנס פּריוואַט-אייגנטום. די דאָזיקע צוויי פילאָזאָפן קענען נישט משיג זיין, פאַרוואָס די וואַלד-חיות זאָלן נישט זיין אזוי הפקר ווי די פייגל אויף די דעכער און זיי זאָלן געהערן צו יענעם, וואָס פאַנגט זיי. פאַראַן דאָרט שטאַרק געלונגענע פאַרגלייכן פון יידישן און פוילישן אַרט דענקען און פילן. דער יידישער רירעוודיקייט ווערט אַנטקעגנגעשטעלט די פוילישע רויקייט, אַלס קעגנזאַץ פון דער יידישער נערוועזישער צאַפּלדיקייט — פוילישע געזעצטקייט און פלעגמאַטישקייט.

אַ סך מיטגעפיל האָט יונאָשאַ אַרויסגעוויזן דעם אָרעמען שניידערל, יידל זילבערקנאָפּ, פון זיין נאָוועלע „לאַטשאַרזש". יידלס קינדהייט האָט נישט איבערגעלאָזן ביי אים קיין סך פּאָעטישע איבערלעבונגען, ווייל פון פריעסטער יוגנט איז זיין לעבן אויסגעפילט געווען מיט גראָער, אומעטיקער פראַצע.

קינדווייז האָט ער זיך זומער געוואַרעמט אויף דער זון, ווינטער—אויפֿן אויוון, געשפּייזט זיך מיט קאַרטאָפֿל און רעטעך, באַקומען קלעפּ בײַ יעדער געלעגנהייט פֿון טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן צו די קינדערס קעפּלעך אויסגעלאָזן זייער ביטער מזל. צו פֿינף יאָר האָט מען אָנגעהויבן זאָרגן וועגן זיין בילדונג און דערציִונג: עס זענען געקומען צוויי בעלפֿערס, גענומען אים אונטער די אָרעמס און אַוועקגעשלעפּט אין חדר אַרײַן. יידל האָט זיך העלדיש געוועהרט, אַזוי ווי ער וואָלט אינסטינקטיוו געפֿילט, אַז פֿיל פֿאַרגעניגן דערוואַרט אים נישט דאָרט. עס האָט אָבער קנאַפּ וואָס געהאָלפֿן. לאַנג אויפֿהאַלטן יידלען אין חדר האָט זיין פֿאָטער נישט געקענט און ער נעמט אים אַלס קינד נאָך צו זיך אין אָרימען שניידער־וואַרשטאַט, וואו ע־פֿעדעמט איין נאָדלען, נייט אָן קנעפּלעך, לייגט לאַטעס. פֿאַמעלעך קרומט זיך אויס זיין חוט־השדרה, די רעכטע לאָפּאַטקע לאָזט זיך אים אַראָפּ,—צוליב וואָס ער ווערט שפּעטער באַפֿרייט פֿון מיליטער־דינסט.

נאָך יאָרן אַרבעט ביים פֿאָטער, איז יידל, לויט די יידישע באַגריפֿן, אַ פֿאַרטיקער מייסטער, לעולם אָבער איז ער געבליבן אַ גרויסער פֿאַרטאַטש. מ׳מאַכט אים חתונה מיט אַ מיידל, וועלכעס ער האָט ביז צו דער חופּה פֿאַר די אויגן נישט געזען. ער האָט זיך פֿאַרלאָזט אויף זיין טאַטן, וואָס האָט אים פֿאַרקנסט אַ פֿאַך־קאָלעגע שמואל גאָלדוואסערן פֿאַר אַן איידעם, מיט דרייסיק קאַרבן נדן און דריי יאָר קעסט.

יונאָשא איראָניזירט פֿון דעם אַמאָליקן יידישן חתונה האָבן און פֿרעגט: „ווען יידל וואָלט אָנגעקוקט זיין כּלה פֿאַר דער חתונה, וואָלט זיך דען זיין נדן פֿאַרגרעסערט כאָטש מיט אַ גראָשן? וואָלט דאַדורך זיין ביילע געקענט בעסער קאָכן קאַרטאָפֿל אָדער ביליקער קויפֿן אַ דאַר הינדל אויפֿן מאַרק? איר שיינקייט האָט אים אויך קנאַפּ אינטערעסירט און ווען זי זאָל אַפֿילו געווען זיין אַזוי שיין ווי די ביבלישע יהודית אָדער שעקספּירס דזשעסיקע, וואָלט ער עס אויך נישט באַמערקט, ווייל אין זיין יוגנט־פֿאַנטאַזיע און אין זיינע טרוימען האָבן פֿרויען

פאַרנומען אַ גאַנץ קנאַפּן אָרט און וועגן געפילן האָט ער אַזוי ווינציק געהערט, אַז ער האָט נישט געהאַט די קלענסטע קוואַליפיקאַציע אויף אַ ראָמאַן־העלד".

נאָך די קעסט, קומט ער צוריק אין זיין געבורט־שטעטל און הויבט אָן אַרבעטן אַלס זעלבשטענדיקער מייסטער, אונטער דער פירמע „יידל דער וואַרשעווער שניידער". ער שטעלט אַפילו אַרויס אין דעם נישט גאַנץ זויבערן פענסטער אַן אַלטן מאָדע־זשורנאַל. יונאָשאַ, וואָס האָט גוט געקענט דאָס יידישע אָרט דענקען מיט לערנען פּשט אויף יעדן אומזין, דערקלערט תיכּף, אַז אָנרופנדיק זיך „וואַרשעווער שניידער" האָט יידל חלילה קיינעם נישט גענאַרט, ווייל ער האָט געהאַט געוויסע רעכט דערויף: יידל האָט פּראַקטיצירט ביי זיין שוואָגער שמואל אין סאָקאָלאָוו; שמואל האָט געלערנט ביי הערשל פיין פון ביאַלע; הערשל האָט געלערנט ביי יאַנקל שיין פון שעדלעץ; יאַנקל האָט געלערנט ביי אברהם גאָלדפיש, וועלכער האָט געלערנט ביי ברוך וואָדאָווער אין פּראַגע און ברוך וואָדאָווער האָט, ענדלעך, פּראַקטיצירט ביי חיים טאַבאַקבלום, וואָס האָט געהאַט אַן אייגענעם וואַרשטאַט אין וואַרשע און איז געווען אַפילו אַ זעקס־און־צוואַנציקסטל טייל שותף פון אַ טאַנדייט־קראָם אויף קראַשינסקיס פּלאַץ אין וואַרשע.

יידל האָט קיין מזל נישט געהאַט. ער האָט אַ סך געקרענקט, יינגג גרוי געוואָרן און אַ היפּש ביסל אונטערגעהוסט. געבענטשט מיט פיל קינדער און גרויסע הוצאות, מוז ער זיך ראַטעווען דורך צוהאַנדלען אַ ביסל. ער אַרענדירט זומער אַ סאָד, און פילט זיך גליקלעך אין שטרויענעם הייזל אויף דער פרייער לופט, קוויקנדיק זיך מיט די יינגע ציבלקעס, רעטעכלעך, נייע קאַרטאָפל און מיט די אויבסט־זופּן, וועלכע ביילע קאָכט פון די ווערעמדיקע פּרוכטן, וואָס דער ווינט שליידערט פרייציטיק אַראָפּ פון די בוימער.

דעם לעצטן זומער פלעגט ער זיך אַפילו צעזינגען אין די שבת־פאַרנאַכטן, ווען אויפן זומערדיקן טונקל־בלוילעכן הימל האָבן זיך באַוויזן ליכטיקע שטערן. ער איז געזעסן דאַמאָלס

פאַרקוקט אין די בלאַסע נעפּלס, וואָס האָבן זיך געהויבן פון די פאַרנע לאָנקעס, געזונגען מיט אַ ציטערדיק קול עפּעס אַ טרויעריק-נאָגנדיקע מעלאָדיע און זיך צוגעהערט צום קוואַקען פון די פרעש אין די נישט-ווייטע בלאָטעס. אָבער אויך דאָס דאָזיקע באַשיידענע פאַרגניגן איז אים נישט באַשערט געווען. סוף זומער זענען אָנגעקומען שטורעמס און קאַליע געמאַכט אַ סך אויבסט; אַ היפּש ביסל האָבן גנבים צוגעגנבעט; די פּרייזן זענען געווען קנאַפּע, אַזוי אַז אויפן צווייטן יאָר האָט ער שוין נישט געהאַט פאַרוואָס אַ סאָד צו דינגען. דערצו האָט זיך אָנגערוקט אויף יידלען אַ ניי שלימזל. איז שטעטל איז אָנגעקומען אַ נייער שניידער מיט פיל פרישערע מאָדעס, קעגן וועלכע יידלס אַלטער מאָדע-זשורנאַל האָט פאַרלוירן דעם גאַנצן חן און אויטאָריטעט. די פני פון שטעטל האָבן זיך אָנגעהויבן מאַכן מלבושים ביים נייעם „פּעטערבורגער שניידער" און יידלען איז נישט געבליבן אַנדערש, ווי צו נעמען אַ זעקל אויף די פּלייצעס און לאָזן זיך אין וועג, איבער הייף און פאָלוואַרקעס אַלס דאָרף-שניידער.

יונאָשאַ ווייזט, ווי ער זיצט ביים נייען שוין דעם פירטן מעת-לעת און איילט זיך צו פאַרענדיקן די אַרבעט צום באַ-שטימטן טערמין. אַלע אין שטוב שלאָפן, פון אַלע ווינקלען הערט זיך אַ כראָפּען, נאָר יידל זיצט געבויגן ביים טיש און נייט. פון צייט-צו-צייט, ווען אַ נעפּל פון טרערן פאַרשטעלט אים די ריאה, ווען די ברעמען ווערן בליי-שווער און קלעפּן זיך אים, נעמט ער פון ביעראָזענעם טאַבאַק-פּושקעלע אַ שניפּ טאַבאַק און עס ווערט אים אויף אַ ווײַלע בעסער; די נאָדל לויפט ווידער גיכער און די אַרבעט רוקט זיך ווייטער. אַזוי נייט ער שוין די פערטע נאַכט אָן שלאָף. און ווען אויף מזרח צווישן הימל און ערד ווייזט זיך שוין אַ ווייסער פּאַס, הויבט יידלען אָן, ווי אין די פריערדיקע נעכט, צו דריקן ביים האַרצן; ער ווערט אַזוי שוואַך, אַז ער פאַלט שיער נישט אַראָפּ פון בענקל. אין די אויגן הויבט אים אָן צו פינקלען; ער דערזעט רעדער רויטע, גרינע, בלויע, גאָלדענע און דערנאָך

אינגאַנצן שוואַרצע; דער שווייס שלאָגט אים אויפן שטערן; די ברוסט אַרבעט שווער. עסן וועט ער אָבער נישט פריער, ביז ער וועט זיך וואַשן, אָפּדאַוונען. דערנאָך ערשט טרינקט ער טראָפּנווייז דאָס ביסעלע בראָנפן וואָס דערוואַרימט אים און בייסט צו אַ באַזאַלצן שטיקל ברויט מיט ציבל.

קוים אויף די פיס שטייענדיק, ענדיקט יידל צו דער צייט די אַרבעט און קלויבט זיך אַהיים אויף שבת צום ווייב און קינדער, וואו ער וועט באַקומען עפּעס וואַרעמס נאָך אַ גאַנצער וואָך פאַסטן, נישט וועלנדיק עסן קיין טריפות. עס וואַרט אויף אים אַ שבת מלכתא.

נאָך סימפּאַטישער פון דעם דאָרף-שניידערל איז דער אַלטער הדרת-פּנימדיקער אפרים פון יונאָשאַס סקיצע „פּ ר אָ י ם". אין יונאשאס גאַלעריי שפּינען און זלידנע פּליגן—איז פּראָים פּונקט זייער היפּוך. ער איז איינער פון די שענסטע יידישע געשטאַלטן אין דער פּוילישער ליטעראַטור. דאָס איז דער טיפּ ייד, וואָס פאַרקויפט נישט זיין נשמה פאַר עפּעס אַ מסחרל, וואָס באַשווינדלט קיינעם נישט, נאָר לעבט זיך אָפּ אַן ערלעך לעבן און ווערט פון אַלע געהאַלטן אין כּבוד. פּראָים לעבט און ליידט צוזאַמען מיט אַלע איינוואוינער פון לאַנד. צו זיינע שכנים, יידישע ווי קריסטלעכע, האָט ער נישט קיין תרעומות און אויך זיי נישט צו אים, ווייל, לויט פּראָימען, האָט דאָך אַלע מענטשן איין גאָט באַשאַפן און פאַראַן בלויז פאַר אַלע איין איינציקער גאָט.

קומט אָן עת-צרה פאַרן לאַנד, דרייט זיך פּראָים נישט אַרויס פון די כּלל-פליכטן, נאָר נעמט אַלץ אָן באהבה. ער טוט וואָס ער קען: ראַטעוועט לעבנס, שענקט אַוועק אייגנס. אפילו ווען ער ליידט דערפון שטאַרק מאַטעריעל, האָט ער נישט קיין חרטה אויף די אָפּגעטוענע בירגער-התחיבותן: ער רעכנט זיך אַלס טייל פונם גאַנצן אַרום, און צוזאַמען מיטן כּלל קומט ער אָפּ פאַר צרות רבים.

אין דער סקיצע „פּראָים" קומט בולט צום אויסדרוק דער ריכטיקער יונאשא, וועלכער פאַראַכטעט דאָס שלעכטע, אָן אונ-

טערשייד דורך וואָס פאַר אַן אמונה-אָנגעהעריקן עס ווערט אָפּגעטון, און ליבט דעם ערלעכן, — רייך אָדער אָרימען. דאָס איז אינטערעסאַנט דערמיט, ווייל מ'האָט יונאָשאַן חושד געווען אין זאָאָלאָגישן אַנטיסעמיטיזם. ס'איז אָבער גענוג אַנטקעגנצו-שטעלן זיינע שפּינען,—דעם טיף ערלעכן פּראָימאַן אָדער קאַלט-קוגלען,—קעגן יידל זילבערקנאָפּן, דעם לאַטשאַרזש—וואָס גייט פון דאָרף-צו-דאָרף, פון זונטיק פרי ביז פרייטיק פאַרנאַכט און גייט מלבושים פאַר פויערים און פאַראָרימטער שליאַכטע,—כדי דערין נישט צו גלויבן. יונאָשאַ האָט געהאַסט דעם שווינדלער און באַטריגער און מיטגעפילט מיטן האָראָפּאַשניק. אמת טאַקע, ער האָט יידן קיין ספּעציעלע קאָמפּלימענטן נישט געמאַכט, ער איז אָבער געווען ערלעך; געצאָרנט דאָרט וואו ער האָט געזען עולות און געליובט וואו ער האָט געזען ערלעכקייט, נשמה-שיינקייט; ער האָט מיטגעפילט יעדן אומגליקלעכן אָן אונטערשייד פון גלויבן און נאַציע.

אין יונאָשאַס לעצטע דערציילונגען, ווי למשל אין „די זין פון הער מאַטש יי״ („סינאָוויע פּאַנאַ מאַטשייאַ״), איז ביי אים בכלל פאַרשוואונדן דער טיפ פון אַ נאַיון, גוט-האַרציקן פּריץ, וואָס לאָזט זיך זויגן פון יעדן יידל און פילט פּרייוויליק אָן די קעשענעס פון יידישע מעקלערס,—אַ גוטסקייט אַגב, וועלכע איז קיינמאָל נישט געווען. אנשטאט דעם ראָמאַן-שררה, אַ סענטימענטאַלן און גוטהאַרציקן, פון וועלכן יידן שינדן די הויט, ווייזט ער לאַנדווירטן געבילדעטע און אינטע-ליגענטע, וואָס אַרבעטן אויף אַן אמת אין זייער גיט, וואָס קלאָגן זיך נישט מער אייביק אויף זייער ביטערן גורל, אויף די הויט-שינדערייען פון יידישע וואוכערניקעס. אַ דאַנק זייער פלייסיקער אַרבעט האָבן זיי פּרנסה בריות, קענען זיך לחלוטין באַגיין אָן יידן, אָן הלוואות. להיפוך, אַזוי ווי הער מאַטשיי, לאָזן זיי בילדן זייערע קינדער פאַר נוצלעכע גלידער פון דער גע-זעלשאַפט, געבן נאָך אַ נדן אַן אדאָפּטירטער טאָכטער, קענען נאָך קויפן אַ פּאָלוואַרקל אַ זון און אַפילו בשותפות מיט אַ שכן פאַרלייגן אַ פאַבריקל אויפן דאָרף.

אויך הער מאַטשייס שכן איז ענלעך צו אים: אַ רירעוו־דיקער, פלייסיקער, שפּאָרזאַמער, מיושבדיקער, פאַרמערט ער זיין פאַרמעגן. יידן שעלט ער נישט, ווייל זיי ברענגען אים נישט קיין שאָדן.

דערמיט האָט יונאָשאַ געוויזן, אַז נישט יידן זענען שולדיק אינעם אונטערגאַנג פון דער פּוילישער שליאַכטע, נאָר אַז ס'איז געווען ליב צו האָבן דעם באָדן, אויף וועלכן מ'אַרבעט און פון וועלכן מ'וויל לעבן, אַז מ'דאַרף זאָרגן וועגן זיין פּראָדוקטיוויטעט, וועגן אויסבעסערונגען, אינאָוואַציעס, און די מוטער־ערד וועט שוין אירע אַרבעטער קיין עולה נישט טון, נאָר געבן הונדערט־פּראָצענטיקע פאַרדינסטן, פיל גרעסערע ווי מ'דאַרף צאָלן אַפילו די ערגסטע יידישע וואוכערער. לעולם פאַלט מען אַריין צו די לעצטע אין נעץ אַ דאַנק דער אייגענער אומזיניקייט, פוילקייט און לייכטזיניקייט, האָבנדיק שפּעטער תּרעומות צו דער גאָרער וועלט, אויב מ'ווערט דערביי רואינירט. ביי אַ באַלעבאַטעווען אָבער פון אַ מאַטשיי און זיין שכן זענען יעדע הלואות לחלוטין איבעריק און אומנויטיק און ממילא קומט נישט אויס יידן צו שפּילן די ראָל פון געמיינע מכשפים, עפּעס שרעקלעכע טייוולאָנים, פּאַראַזיטן וואָס פאַרהאַנדלען די פּריצישע מאַיאָנטקעס. יידן זענען ביי זיי קוים מעקלערס, וואָס לויפן און באַמיען זיך און דאָס לרוב אומזיסט, ווארום דער פּריץ קען זיך שוין באַגיין נישט נאָר אָן יידישן מלוה, נאָר אַפילו אָן יידישן פאַקטאָר אויך.

יונאָשאַ האָט אויך געוויזן, אַז דער גאַנצער יידישער הו־האַ, דאָס שטענדיקע פאַרשמאַיעט זיין פון יידישן מעקלער און קרעמער — איז ווערט אַ נול, ס'איז ווינט וואָס גיט לרוב נישט מער ווי שטויב. נאָר סיסטעמאַטישע אַרבעט ווי לאַנדווירטשאַפט, גיט אַ פונדאַמענט אונטער די פיס. דעם אונטערשייד פון פאַר־גרונטעוועטער לאַנדווירטשאַפט און יידישע לופט־פּרנסות גיט דער פויער פון „די זין פון הער מאַטשיי". ער זאָגט: „מיר, לאַנד־ווירטן, איילן זיך נישט, ווייל מיר מיען זיך אַרום דער ערד און זי וועט נישט אַנטלויפן; יידן אָבער מיען זיך אַרום דעם

ווינט, מוזט איר זיך יאָגן, ווייל דער ווינט איז אַ לויפנדיקער; אָקאָרשט איז ער געווען און שוין איז ער נישט..." יידישע פּרנסות, יידישע חיונה איז ווינט און לופט. היינט איז ער אַ בעל־פּרנסה, מאָרגן איז ער שוין אַן אָרימאַן. טאָמער אַרבעט זיך אַרויף אַזאַ מעקלער אויף אַ מדרגה, פאַרלירט ער זי לרוב אַ דאַנק דער אומרויִקער, ספּעקולאַטיווער אַטמאָספער און דער אומזיכערקייט, אין וועלכער ס'קומט אים אויס צו לעבן; נאָך גיכער, ווי ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, פאַרלירט ער זיין האָב־און־גוטס און ווי אָפט קומט אַזאַ איינעם אויס אויף דער עלטער צו נעמען דעם שטעקן אין האַנט, דאָס זעקל אויף די פּלייצעס און ווי אַמאָל אין דער יוגנט, אָן כחות ווידער לאָזן זיך אויף טראַקטן, יאָגן דעם ווינט אין פעלד, וואַנדערן פון דאָרף צו דאָרף און אויפקויפן פעלעכלעך, כדי צו פאַרדינען אַ טריקן שטיקל ברויט.

נאָך ווייטער איז יונאָשאַ געגאַנגען אין „ד י פ אַ ר־ ג ר אָ ב ע נ ע" („זאַגרזעבאַני").

דער העלד אין „די זין פון הער מאטשיי" אַרבעט, שפּאָרט, אַנטוויקלט זיין באַלעבאַטישקייט, פאַרמערט זיין עשירות א. אַז. וו. און שעלט נישט קיין יידן, ווייל זיי ברענגען אים נישט קיין שאָדן. בנוגע באַלעבאַטצווען שטייט נישט אָפּ פון אים סימפּליציוש יאַיקאָ, און נישט נאָר ער פאַראַכטעט נישט קיין יידן, שעלט זיי נישט, נאָר ער טוט זיי נאָך, נעמט זיך פון יידן אַ ביישפּיל אין פּרט פון שפּאָרזאַמקייט, פון נישט לעבן איבער די מעגלעכקייטן. ער פאָרט נישט אין קיין קאַרעטעס מיט פיר פערד נאַשפּיק, נאָר אין אַ ביידל, ער באַגייט זיך אָן דינערשאַפט און אָן ליווריייען, ער מאַכט אפילו ביי אַ געלעגנ־ הייט אַ גינסטיקע האַנדלס־טראַנזאַקציע.

זיינע קריסטלעכע שכנים הייסט סימפּליציוש אויך לערנען ביי יידן „זעט, לערערס האָט איר אַרום זיך, ביישפּילן און מוסטערן נאָכצוטון האָט איר אויף יעדן שריט, בעת אייך פעלט גאָרנישט איין אויסצונוצן די גוטע געלעגנהייט און זיך עפּעס

אויסצולערנען... פאַרוואָס קוקט איר זיך נישט צו? פאַרוואָס טוט איר נישט נאָך?..."

אין יידן זעט סימפּליציוש עפּעס אַ סטיכישע קראַפט, אַ צעמענט וואָס האַלט צונויף די צעשיטע ציגל, וואָס פאַראייניקט זיי און אַרבעט אויס אין זיי אַ ווידערשטאַנדס-כח. זיינע קריסטלעכע שכנים הייסט ער זיין אַזוי רעליגיעז ווי יידן, זיין אַזוי צוגעבונדן צו זייערע טראַדיציעס ווי יידן, זיין אַזוי געדולדיק, שפּאָרזאַם, סאָלידאַריש און ער פאַרזיכערט זיי דאַמאָלס אַ פעסטע צוקונפט. סימפּליציוש האָט ליב יידן און אַכטעט זיי, און אויך זיי — אים, ווייל ער איז אַ מענטש אַ גערעכטער און טוט קיינעם קיין עולה נישט.

קלאָר און דייטלעך האָט יונאָשאַ אַרויסגעזאָגט זיין שטעלונג צו יידן אין זיין אַרבעט „א ו נ ז ע ר ע  י י ד ן  א י ן  ד י  ש ט ע ט ל ע ך  א ו ן  ד ע ר פ ע ר" („נאַשי זשידזי וו מיאַסטעטשקאַך אי נאַ ווסיאַך"), וועלכע לאָזט קיין שום ספק נישט, אַז מ׳קען אים פאַר קיין אַנטיסעמיט נישט באַטראַכטן.

צווישן אַנדערע זאָגט ער דאָרט:

„די אַנטיסעמיטן מאָלן יידן מיט די טונקלסטע קאָלירן; די פילאָסעמיטן ווידער רעדן אײן יידן אויסערגעוויינלעכע מעלות; פון איין צד אָבער ווי פון צווייטן הערט מען רק אויסגעשרייען און דעקלאַמאַציעס... פאַרוואָס אָבער זאָל מען נישט שטעלן די פראַגע ריין פּראַקטיש, פאַרוואָס נישט רויק זי באַהאַנדלען? פאַרוואָס זאָל מען זיך נישט זאָגן אַזוי: דער גורל האָט אונז פאַראייניקט, מיר קענען זיך נישט פאַנאַנדערגיין, מיר מוזן לעבן איינער לעבן צווייטן, טאָ לאָמיר געפינען אַ מאָדוס וויווענדי, וואָס זאָל מעגלעכסט זיין באַקוועם פאַר ביידע צדדים...

... וואָס עס איז געשען, קען מען נישט צוריקציען; די געשיכטע וועט זיך נישט צוריקדרייען — דעריבער דאַרפן מיר זיך רעכענען דערמיט וואָס איז פאַראַן און געפינען אַן אויסוועג, זיך ראַטעווען"...

זיין לעזער וויל ער „ווייזן די דאַרע, אויסגעמוטשעטע

געשטאַלטן, וועלכע לעבן פון דעם וואָס דער ווינט ברענגט געווייעט, יאָגן זיך נאָך אַ גראָשן, באַקומענדיק אים אויף וואָס פאַר אַן אופן עס לאָזט זיך נאָר, אָן פראַגן וועגן זיין מקור, אַבי אים צו באַקומען, אַבי צו פאַרשטאָפן דאָס הונגעריקע מויל, אָנפילן דעם ליידיקן מאָגן. דו וועסט נישט געפינען אין די בילדער נישט קיין פויגל־געזאַנג, נישט קיין באַלזאַמישן ריח פון געוויקסן, — וואָרום די מענטשן וועגן וועלכע איך וועל דערציילן, לעבן אין גאָר אַן אַנדערער סביבה. שמוץ, הונגער און דלות — אָט דאָס איז זייער אומאָפטרעטלעכע גע־זעלשאַפט — ס'איז אָבער באַוואוסט, אַז הונגער איז דער בעל־יועץ פון שלעכטס"...

... מ'דאַרף די דאָזיקע מענטשן נישט האַסן. נאָר רחמנות האָבן איבער זיי און ראַטעווען אי זיך אַליין אי זיי"...

זעלבסטפאַרשטענדלעך קען מען נישט מסכים זיין מיט יונאָשאַס געזעלשאַפטלעכע אָנשויאונגען פון קולטורעלער אַסימי־לאַציע, פון איינפירן שול־צוואַנג אין דער לאַנד־שפּראַך אויפן סיסטעם פון ניקאָליי I. ס'איז די באַקאַנטע באַשטרעבונג פון אָפּזאָגן יעדער נאַציאָנאַל־קולטורעלער זעלבסטשטענדיקייט לויטן מוסטער פון מערב־אייראָפּע: די מענטשן פון משה רבינוס גלויבן קומט אַלץ אַלס מענטשן און גאָרנישט אַלס יידן. ביי יונאָשאַן איז אָבער פאַראַן אַן ערנסטער ווילן צו לעזן דעם שווערן פּלאָנטער פון דער יידן־פראַגע און מ'קען צו אים בשום אופן נישט אָנווענדן אַן אַנטיסעמיטישן מאַסשטאַב.

יונאָשאַ פאַרדינט שוין דערפאַר אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער איז געוועזן אַ גרויסער קענער פון יידישן לעבן. טיילמאָל קומט אויס צו באַוואונדערן די טיפע פּסיכאָלאָגישע אָבסער־וואַציע, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן בנוגע דעם יידישן לעבן און אַרט דענקען. פאַראינטערעסירנדיק זיך מיטן יידישן לעבן, שטודירנדיק עס, האָט ער זיך אַפילו געלערנט יידיש און גע־וואָרן דער ערשטער פּוילישער איבערזעצער פון דער יידישער ליטעראַטור, פון דעם אים אינטעלעקטועל נאָענטן זיידן, מענ־דעלי מוכר ספרים. אין י. 1885 האָט יונאָשאַ איבערגעאַרבעט

„מסעות בנימין השלישי״ („זשידאָווסקי דאָן קי־שאָט״) און אין י. 1886 „די קליאטשע״ („שקאַפּאַ״). אין דער פאָררעדע צו „מסעות בנימין השלישי״ באַגרינדעט יונאָשאַ דאָס עקזיסטענץ־רעכט פון דער יידישער ליטעראַטור, דערביי נישט נאָר פון סאָציאַל־קולטורעלן, נאָר אויך פון ריין קינסטלע־רישן שטאַנדפּונקט, מחמת איר אָריגינאַליטעט בנוגע שפּראַך, פאָרם און אינהאַלט.

יונאָשאַ איז אויך געווען איינער פון די געציילטע נישט־יידישע עטנאָגראַפן און זאַמלער פון יידישן פאָלקלאָר — איידער די דאָזיקע געביטן האָבן נאָך באַוואוסטזיניק פאַראינטערעסירט די יידישע עפנטלעכקייט און אָנגענומען וואָסערע ס'איז אָרגאַ־ניזאַציאָנעלע פאָרמען. ער האָט געוואוסט, אַז ביי יידן איז פאַראַן אַ מאַסע לעגענדן און מעשהלעך און אַז „זייער כאַ־ראַקטער און פאַנטאַזיע זענען גאָר מאָדנע, עס איבערוויגט אין זיי דער איבערנאַטירלעכער און מיסטישער עלעמענט. דער קלויבער פון די דאָזיקע לעגענדעס האָט פאַר זיך אַ שווערע אויפגאַבע, ווייל אַ פרעמדער ווערט אין געטאָ באַ־געגנט מיט אומצוטרוי, אומגערן און די שפּראַך איז אויך שווער צו איבערגעבן. די גייסטיקע ירושה און וועלט־פאַרנעם פון די בערלס איז אָבער אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנט און רייך״. און דערפאַר האָט ער זי געזאַמלט, נישט פאָרשטעלנדיק זיך, אַז די יידישע מאַסן וועלן מיט עטלעכע צענדליק יאָרן שפּעטער קומען צו אַזאַ הערלעכן קולטורעלן רענעסאַנס — און וועלן דורך אייגענע ספּעציעלע אינסטיטוציעס אַליין זאַמלען זייערע פאָלקס־אוצרות.

יונאָשאַ איז באַצויבערט געוואָרן מיט דער יידישער גע־דאַנקען־וועלט און פאָלקס־שאַפן. לויט אים איז עס אַ „אינטע־רעסאַנטע וועלט, פול מיט אינטערעסאַנטע געשעענישן. אירע באַוואוינער זענען גלייכגילטיק צו דער נאַטור־שיינקייט, זיי קענען נישט די אומענדלעך ברייטע שטחים, נישט קיין מאָלע־רישע בערג, נישט דאָס רוישן פון וואַסער און דאָס שעפּטשען פון וואַלד. געבוירן אין שמוציקע, קויטיקע הייזלעך, פאַר־

בּרענגען זיי דאָרטן זייערע קינדעריאָרן, זייער אָפּט נישט פאַרלאָזנדיק קיינמאָל די גרענעצן פונם שטעטל. אַ קויטיקע שטוב, אַ שמוציק חדר און פאַרשוואַרצטע שול — דאָס איז זייער גאַנצע וועלט, אין דער דאָזיקער פעסט-געשלאָסענער, אַרומגעצוימטער וועלט לעבן זיי און דענקען... אין דעם דאָזיקן ענגן וועלטל קומען צו פליען אויף די פליגל פון דער פאַנ-טאַזיע פאַרשיידענע גייסטער, טויזנטער מלאכים און שדים... די איינוואוינער דערציילן זיך מסורות און לעגענדן, לעבן אין אַ הערלעכן עבר, דערציילן איינער דעם אַנדערן פאַרשידנסטע, נאַרישע טייל מאָל, באַגריפן וועגן וועלט און מענטש, וועגן פאַנטאַס-טישע, וואונדערלעכע טייכן, בערג פון שוואַרצן נעפּל... אין דער דאָזיקער וועלט פאַרשליסן זיי זיך און אין דער וועלט פאַרגעסן זיי אַלע לעבנס-זאָרג — און דאָס דאָזיקע וועלטל איז אומצוטריטלעך פאַר אויסערע מענטשן אַ חוץ אייגענע"...

איינע אַזאַ לעגענדע איז דער „נ ס א ו י פ ן ב י ת-ה ק ב ר ו ת", וועלכע יונאָשאַ האָט געהערט פון בערל שניי-דער. בערל דערציילט אויך וועגן אַנדערע נסים ונפלאות, טייטשט אויס מיט סימנים דערשיינונגען און פּאַסירונגען.

ווענן אַ רייך-געוואָרענעם ישובניק, וועלכער איז דורך שווערער האָרעוואַניע געקומען צו זיין עשירות, האָט פּשוט אָן פּניות דערציילט י אַ ש ע נ ט ש י ק אין זיין נאָוועלע „פ יי וו ל" („פייוועל").

פייוול פלעגט אַן אָפּגעריסענער, אין הונגער און קעלט וואַנדערן איבער די דערפער און איינהאַנדלען שעפּסן-פעלעכ-לעך. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן ליפערן קעלבלעך אין הויף און אַזוי פּאַוואָלי ווערט ער ביכולת צו עפענען אַ קרעמל זיין ווייב, ביז ביידע אַרבעטן זיך אַרויף, קויפן זיך אַ הייזל, שפּעטער נאָך איינס, און פייוול ווערט אַ הורט-סוחר פון וואָל. מער פון געוואוינהייט ווי פון נויט, פאָרט פייוול אָבער ווייטער איבער די דערפער, ווייל ער קען נישט זיצן פּוסט-בטל.

אויף אַזאַ אופן, אין ביטערן שווייס, אָן עמעצן צו באַ-עוולהן, איז פייוול געוואָרן אַן עושר, וואָס ווערט דורך קריסטן

און יידן געהאַלטן אין כּבוד און אַלע האָבן צוטרוי צו אים פאַר זיין ערלעכקייט. אייגענע טוט ער טובות, באָרגט געלט אָן משכּנות און אַפילו אָן וועקסלען, טיילמאָל אויך לחלוטין אָן פּראָצענט.

חוזק מאַכן פון זיך לאָזט ער אָבער בשום-אופן נישט. אז אַ פּריץ גיט אים אַ פרעג, נאָך זיין ערשטן מאָל זיין אין וואַרשע, צי ער האָט לויטן דין געקושט די באַבע ביי דער ראָגאַטקע, ווערט פּייוול נישט מבולבל, בלייבט נישט שולדיק קיין ענטפער, נאָר ענטפערט מיט יידישער וויציקייט, אַז עס זענען ביי דער ראָגאַטקע פון וואַרשע געווען אַזויפיל פּריצים, אַז אַן אָרעם יידל איז שוין אוממעגלעך געווען זיך צו דערשטופּן צו אַזאַ גרויסן כּבוד.

ביים שטאַרבן הייסט פּייוול זיין גאַנץ פאַרמעגן דעפּאָ-נירן, אָן גאַראַנטיע אַפילו, ביים פּריץ, מיט וועלכן ער האָט תּמיד געהאַנדלט. ביידע האָבן געהאַט צוטרוי צו זיך ביים לעבן, נויטיקן זיי זיך נישט אין קיין גאַראַנטיעס ביים שטאַרבן. מיט די כּלי-קודש אין שטעטל האָט פּייוול אָבער קיין שלום-בית נישט געהאַט און האַלט אין איין מלחמה-פירן מיט זיי.

יאַשענטשיק האָט אויפן דאָרף אויך געזען אַ יידישן פּויער, יאָקל, אַ שווייגער. יאָקל איז אַזוי פאַרפּויערט געוואָרן, אַז נישט נאָר ער רעדט פּויעריש, נאָר מיט אַלע תּנועות פונם געגנט-דיאַלעקט. און זיינע אייניקלעך האָט ער דערצויגן, ווי אמתע דאָרפס-שיקסעס.

ענלעכער צו יונאָשאַס שלעכטע טיפּן, אָן זייערע גוטע מעלות, זענען די יידן פון מ אַ ז ו ר ס „בילדלעך פון דער נאַטור", וואָס זענען אָבער נישט נאַטירלעך.

דאָס זעלבע איז נוגע דעם קרעטשמער-קאָנטראַבאַנדיסט פון גלח כּ ע ל מ י צ ק י ס „אייביקע רו" („רעקוויעסקאַט אין פּאַצעם"). זיין מאָשעק יאַמערטאַל איז אַ קלאַסישער אויסוואורף.

צו דער גאַלעריי שפּינען געהערט אויך נח פון ק אַ-ז ש י מ י ר ג ל י נ ס ק י ס ראָמאַן „טאַראַנטולאַ". אין פאַרגלייך מיט גלינסקיס „יידן" („זשידזי"), וואָס זענען געשילדערט אויפן

הינטערגרונט פון מיטלאַלטערלעכע פאַרפאָלגונגען בעת די פּעסט־עפּידעמיעס, ווען יידן זענען באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרסמען ברונעמס און די לופט, איז „טאַראַנטולאַ" מיט אירע סוביעקטיווע פאַראַלגעמיינערונגען — אַ שריט צוריק.

דער וואוכערער נח שפּינט מכּוחמרשט אַרום די פאַמיליע מורסקי אין אַ נעץ פון בלוט־זויגעריי, ער מישט זיך אַזוי לאַנג אין די פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן פון די מורסקיס, ער דרייט זיך אַזוי לאַנג אַרום זייער שטוב, אינטריגירט אָן אויפהער אין פּריצישע ליבעס־ענינים, ביז ער צעשמעטערט זיי און ווערט אייגנטימער פון זייער גוט.

יעדן, וואָס האָט אָבער געקענט דאָס אַמאָליקע און איצטיקע לעבן פון דער פּוילישער שליאַכטע, איז קשה, ווי קומט אַזאַ אינטימלעכקייט פון אַ יידישן מעקלער צו פּוילישע פּריצים און וועלכע שררות זענען דאָס אַזוי דעמאָקראַטיש געווען, אַז זיי דערציילן אַ יידל וועגן זייערע ליבע־אינטריגעס. די דאָזיקע אומעכטקייט און אומוואַרשיינלעכקייט פון די געשעענישן פילן זיך טאַקע גאָר שטאַרק און צו שרייענדיק איז דער פאַלשער טאָן אין „טאַראַנטולאַ".

נישט קיין לייכטערן מזל ווי יונאָשאַס דאָרף־שניידער פון „לאַטשאַרזש" האָט וואַנדע דאַלעצקאַס שניידער חיים שאָסטאַק פון איר נאָוועלע „דער נייער אברהם". ווי אברהם אבינו ברענגט חיים שאָסטאַק זיין זון לייזערל פאַר אַ קרבן, אָבער נישט יהוהן, נאָר דער פּראָזאַישער נויט. דער דלות אין שטוב צווינגט אים איינצושפּאַנען דאָס שוואַכע לייזערל אין אַרבעטס־יאָך פון זיין פינסטערן קעלער־וואַרשטאַט, וועלכער שטיקט דאָס קינד. צו שפּעט קעמפט מען פאַר לייזערלס געזונט און לעבן. אַ דערשעפּטער פון אַרבעט און קרענק, שיידט ער זיך יונגערהייט פון לעבן.

טראַגיש איז אויך לייב דעם סאַדאָווניקס סוף פון גוסטאַוו דאַניעלאָווסקי „איבערן אָפּגרונט" („נאַד אורוויסקעם"), וועלכער פאַלט אַ קרבן פון זיין שווערער פּרנסה און פון שטאַרקן נאַציאָנאַלן האַס, מיט וועלכן עס זענען אַדורכ־

געפּרעסן אין פּוילן אַפילו אידיאָטיזירטע אינדיווידועז. מ'פּאַרגינט נישט לייבן דאָס גרויסע גליק פון צו זיין אַ סאַדאָווניק, געניסן אַ ביסל פרייע לופט, פריש גרינוואַרג און אויבסט. סימבאָליש ממש און וואָרנדיק ווירקט דאָס שרעקלעכע געראַנגל פון לייבן מיט דעם האַלב-משוגענעם קריסטלעכן אידיאָט איבערן אָפּגרונט, וואוהין ביידע קוילערן זיך אַראָפּ, מיטשלעפּנדיק מיט זיך דעם צעבראָכענעם קרייץ, אָן וועלכן ביידע האָבן זיך אָנגעהאַלטן...

דאָס געפיל-פולע האַרץ און יושרדיקע געוויסן פון אַן אָרזשעשקאָ בעתן פּאָזיטיוויזם—האָט טיילווייז זיך געגומצן פּאַר־קערפּערן אין דער דיכטערין-דענקערין מאַריאַ קאָנאָפּ־ניצקאַ. קענענדיק די ליידן און אַספּיראַציעס פון דער יידי־שער פרוי, באַדויערט זי אין שטימונגספולן געדיכט „אין געטאָ", דעם גורל פון דער יידישער פרוי אויפן פּאָן פון דער טרויעריקער מיטלאַטערלעכער קעלער-סביבה, ווען אנשטאַט מענטשלעכע באַציונגען איז דער הויפּטרעגולאַטאָר פון צוזאַ־מענלעבן געווען דאָס גאָלד. קאָנאָפּניצקאַן זענען אָבער נישט פרעמד נישט בלויז די פּיין פון דער יידישער פרוי אין מיטל־אַלטער, נאָר אויך אין XIX יאָרהונדערט. שווער, גאָר שווער איז דאָס לעבן פון חיה דער ענדלערקע אין „יאָקטאָן"— די ווייב פון למדן, וואָס שאָקלט זיך אַ גאַנצן טאָג איבער דער גמרא, און וועלכע מוז מפרנס זיין די גאַנצע פאַמיליע. קאָנאָפּניצקאַ קען די האָראָוואַניע פון יידישן אַרבעטסמענטש, פון שניידער אפרים פּאָרטער מיט זיין גרויסמוטיקייט, וואָס בליצט אויף ביים האָראָפּאַשניק אינם חושך פון טאָג-טעגלעכער פּראַצע: ער באַשליסט בויען ביי די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס אַ שטיקל נחלה פאַר זיין אָרעמער שוועסטערס משפחה. דער האָראָפּאַשניק האָט אָבער אַנטקעגן זיך שפּינען, ווי שלייפמאַן, וואָס באַרייכערן זיך אויפן חשבון פון יענעמס אָפּגעשפּאָרטן, שווער פאַרדינטן גראָשן. דער פאַנאַטיזירטער פאַרחמורטער המון האַלט גראָד מיט די שפּינען און לעסטערט אַפילו אַ מת, וועלכער האָט ביים לעבן געוואָנט אָפּצולענקען פון אַלגעמיין אויסגעטראָטענעם וועג.

קאָנאָפּניצקאַס געזעלשאַפטלעכע שטעלונג אין דער יידן־פראַגע איז אַמבולטסטן געקומען צום אויסדרוק אין איר נאָוועלע „מענדל גדאַנסקי״—אָנגעשריבן ווי „מירטאַלאַ״ אונטערן איינדרוק פון די פּאָגראָמען אין די אַכציקער יאָרן. דער העלד פון דער דערציילונג, דער זיבן־און־זעכציק יעריקער מענדל גדאַנסקער לעבט שטיל און רויק מיט זיין פּאַריתומט אייניקל, אַ גימנאַזיסטל, אין ענגן געסל, איז זיך זיין גאַנצן לעבן מפרנס פון איינבינדעריי און איז שטאָלץ אויף זיין פּוילישן יידנטום. מענדל קען בשום אופן נישט תופס זיין די אָנצוהערענישן פון עמעצן, אַז ער איז אַ פרעמדער אין לאַנד, וואו ער און זיינע אָבות זענען געבוירן און דערצויגן און וואו ער וועט רוען נאָכן טויט. גאָר פאַרדריסלעך איז אָבער מענדלען, ווען מ׳הויבט אָן שמועסן סתם וועגן שלאָגן יידן, וועגן מאַכן אַ פּאָגראָם אויף זיי. ער קען און וויל דערין נישט גלויבן, ביז די שטילע ווערסיעס ווערן נישט טאַטן און פאַקטן. ווען דער פּאָגראָם ברעכט אויס, ווערט מענדל גאַנץ מבולבל, נישט אַזויפיל פון שרעק ווי פון עגמת־נפש. ער הערט זיך נישט צו צו די וואָרענישן פון די שכנים, וואָס ווילן אים ראַטעווען, ערגעץ באַהאַלטן, ער לאָזט נישט אָפּנאַרן דעם צעווילדעוועטן המון דורך אַריינשטעלן אין פענסטער אַ הייליק בילד, נאָר שטעלט זיך אין אָפענעם פענסטער, האַלטנדיק ביים האַנט זיין יינג אייניקל און גלויבט מיט אַזאַ ווירקנדיק בילד פון אַ גרייז־גרויען יידישן בירגער און יינגן גימנאַזיכטל צו סוגעסטירן דעם המון. דאָס העלפט אָבער גאָר קנאַפּ: שוין דער ערשטער געוואָרפענער שטיין אין פענסטער טרעפט דעם אייניקל אין קאָפּ און מענדל מיטן יינגל מוזן פאַרלאָזן דאָס פענסטער. נאָכן פּאָגראָם טרויערט מענדל נישט אַזוי שטאַרק אויף זיין אייניקלס וואונד, וועלכע וועט זיך דאָך פריער אָדער שפּעטער פאַרהיילן, און נישט אויף די אייגענע איבערלעבטע שרעק, נאָר דערויף וואָס ביי אים איז געשטאָרבן—דאָס האַרץ, די ליבע צו זיין שטאָט.

נאָך בולטער ווי ביי אָרזשעשקאָן, דער אָנהענגערין פון פרייוויליקער אינטעלעקטועלער אַסימילאַציע, טרעט אויף די

דאָזיקע אָנשויאונג אין קאָנאָפּניצקאַס „מענדל גדאַנסקי". ווי יענער, זענען נאָך אין אַ גרעסערער מאָס קאָנאָפּניצקאַן — „דער קרוין פון פוילישן פּאַרנאַס" — פרעמד, וועלכע ס'איז באַזונדערע נאַציאָנאַל-יידישע באַשטרעבונגען, כאָטש געוויסע נאַציאָנאַל-קולטורעלע אידעען זענען שוין דאַמאָלס ביי יידן געווען. מענדל גדאַנסקי איז ווייניקער באַהאַנדלט פון ריין-מענטשלעכן, ווי פון פוליש-פּאַטריאָטישן שטאַנדפונקט: דורך רודפן אַזעלכע מענדלס, מענטשן פּראָדוקטיווע, נוצלעכע, צוגעבונדענע צום לאַנד — שטויסט מען, הייסט עס, אָפּ אייגענע און מ'דערציט גלייכגילטיקע אָדער שונאים צו פּוילן. אפשר כדי צו קענען ווירקן אויפן לעזער, פאַר וועלכן די זאַך איז געוואָרן אָנגעשריבן צוליב אַגיטאַציע-צוועקן, איז דער פּוילישער מאָמענט אַרויסגערוקט אויפן ערשטן פּלאַן.

נישט ווינציקער צוגעבונדן צו דער פּוילישער מוטער-ערד ווי מענדל גדאַנסקי איז א. שימאַנסקיס ישראל — פון זיין בעסטער נאָוועלע „ישראל פון לובאַרטאָוו". אויב מענדל קען נישט מוחל זיין די עוולה, וואָס מ'האָט אים אָפּגעטון נישט אנערקענענדיק אים פאַר קיין אייגענעם, קען ישראל פון לובאַרטאָוו, וועלכן דער ביטערער גורל האָט פאַרוואָרפן אין די קאַלטע סיבירישע טונדרעס, נישט פאַרגעסן די פּוילישע פּאַנאָראַמע, דאָס פּוילישע לאַנדשאַפט און נאַטור, די גרינע פעלדער, די ווייסע פּאַסאָליעס, די קליינע וואָראָבייטשיקעס. ישראל זוכט אויס לאַנדסלייט-פּאָליאַקן בעת די גרעסטע פרעסט, כדי זיך מיט זיי צו גראָבן אין זכרונות, און וויינט ווי אַ קליין קינד נאָכן פאַרלוירענעם היימלאַנד.

די טראַגעדיע פון איבערגעלעבטן פּאָגראָם האָט אויפן אַלטן מענדל גדאַנסקי געווירקט אַזוי דערשיטערנדיק, ווייל ער האָט פאַרלוירן דערביי די גאָלדענע קייט פון צוגעבונדקייט צו זיין געבורטס-לאַנד, וועלכע ער האָט געוואָלט איבערפלאַנצן אין זיין אייניקל, וועמעס נשמה ער האָט געוואָלט באַהערשן. דאָס לעבן מאַכט אָבער אָפּט צו שפּאָט מענטשלעכע באַשטרע-בונגען, מאַכט אַ תל פון פּלענער, דער עיקר ווען עס האַנדלט

ויך ווענן יינגע נפשות, וועלכע דער לעבנס-פיין און מענטשן-שמוץ פאַרפירט אויף גאַנץ אַנדערע אומבאַקאַנטע שליאַכן.

פאַר דער נשמה פון זיין אייניקל, אַז ס'זאָל נישט ווערן קיין ליכוויאַרזש ווי דער פאָטער, קעמפט דער גרייז-גראָער נעטל אין בראָדאָווסקיס „פּראָפּגעפּאַלענע בלעטער" („סטראַני צאָנע לישטשע").

נעטל, דער זקן, מאַכט אויף דער עלטער אַ חשבון-הנפש און דערזעט גאָר שפּעט, אַז מחמת דער יידישער אסקע-טישער וועלט-אַנשויאונג און גלייכציייטיקער געלט-גיריקייט האָט זיי געפּטרט אַ לעבן און אַפילו נישט געהעריק אָפּגעשאַצט די וואונדערבאַרע ליבע פון זיין בילד-שיינער פרוי אמאָל, אין דער יוגנט. איצטער איז צו שפּעט. וויל ער כאָטש, אַז זיין אייניקל זאָל אָפּגעהיט בלייבן פון אַ פאַרשפּילטן לעבן אין לערנט אים, אַלס קינד, ליב באַקומען די נאַטור. ער וויל, אַז דאָס קינד זאָל געניסן פון לעבן, נישט פאַרזונקען אין נאַקעטן מאַטעריאַליזם.

נעטלס וואונטש ווערט אָבער נישט דערפילט. נאָך זיין טויט פאַלט דאָס קינד אַרונטער אונטער זיין פאָטערס השפּעה און עס ווערט נאָך אַ ערגער נפש ווי יענער. דעם נאָמען יואל האָט ער טאַקע פאַרטוישט אויף יאָנאַס, ער לאָזט אויך נישט מאַכן פון זיך קיין אַראָפּגעוואָרפן בלאַט, ווי זיין זיידע איז עס געווען; ער איז אָבער נישט ייד און נישט קריסט און אין ליכווע-אָפּעראַציעס שטייגט ער ווייט אַריבער זיין סביבה.

מענדל גדאַנסקיס אייניקל האָט געליטן פאַר נישט באַ-גאַנגענע זינד און ווערט באַשטימט נישט גיין אין זיידנס דרכים; דעם אַלטן נעטלס אייניקל, ווערט נאָך ערגער פון זיין פאָטער דעם וואוכערניק, פון וועלכנס השפּעה דער זיידע האָט דאָס קינד דווקא געוואָלט אַרויסרייסן. ווענן דער ליבע און השפּעה פון זיין אייניקל שרה פערלמאַן, קעמפט אויך דער גבירישער זיידע אין ק. זדזיעכאָווסקיס „פערל". אויך ער ווערט פון דעם דאָזיקן קאַמף נישט אַרויס קיין זיגער. וואָרום אויב מענדל גדאַנסקיס אָדער ישראל לובאַרטאָווערס פאַרבינ-

דונג מיט דער אויסערער וועלט דריקט זיך אויס כּלפּי חוץ בלויז אין צוגעבונדנקייט צו זייער געבורט-אָרט, טרעט אָפּ דאָס דאָזיקע געפיל ביים יונגן יידישן דור — פאַר נייע ברייטערע באַשטרעבונגען. אַ טייל יוגנט האָט זיך איבערגענומען מיט סאָציאַלע אידעאַלן, זיך געשטעלט אין די רייען פון אונטערדריקטע און פאַרפאָלגטע אין קאַמף פאַר אַ שענערן, ליכטיקערן מאָרגן; די ליבע צום מיטמענטשן האָט זיך נישט באַשרענקט מיט ליבע צום ליידנדיקן נאָענטן, מענטש און לאַנד, נאָר אַרומגעכאַפּט די גאַנצע מענטשהייט.

אַזאַ איז שרה פּערלמאַן, דאָס איינציקע פאַריתומטע איייניקל פון אַ יידישן גביר אין ק. זדזיעכאָווסקיס „פּערל", וואָס ווייזט אַרויס שוין פון קינדווייז אָן אויסערגעוויינלעכע עמפּפינדלעכקייט צו פרעמדע ליידן, אַ טיף רחמנות-געפיל צו עמעצנס אָרעמקייט. נישט וועלנדיק פאַרלירן שרהלעס צוגעבונדנקייט צו זיך, וועלכע ווערט אים צוליב זיין קאַרגשאַפט אַלץ פרעמדער, ווערט דער גבירישער קמצן אַ פילאַנטראָפּ, טיילט גרויסע נדבות צווישן אָרימעלייט, טוט טובות אַמאָליקע באַקאַנטע און ווייטע קרובים, אַבי נאָר צו געווינען די ליבשאַפט פון זיין איייניקל, וועלכע אַלע ליבן אַזוי שטאַרק פאַר איר גוט האַרץ, אַז מ׳רופט זי דערפאַר „פּערל".

די יינגינקע שרהלע האָט דורך פילאַנטראָפּיע און מעשים טובים געמיינט צו קענען לעזן די סאָציאַלע פראַגע און אַזעלכע טאַטן פאַרלאַנגט פון איר זיידן. אַז זי ענדיקט אָבער די גימנאַזיע און קומט אָן אויף קורסן אין דער גרויס-שטאָט, וואו זי ווערט אַריינגעצויגן אין די סאָציאַליסטיש-רעוואָלוציאָנערע קרייזן, דערזעט זי ערשט דעם תהום צווישן רייך און אָרים — אין אַ גאַנץ אַנדערער באַלייכטונג און אַנדערע אופנים פון לעזן די סאָציאַלע פראַגע. זי שענקט אויך ווייטער אַוועק וואָס זי פאַרמאָגט: דאָס צוגעשיקטע פון זיידן חודש-געלט, אירע קליידער, פוטערס א. אַז. וו. אַליין קראַנק און בלאַס, גיט זי עס אָבער נישט מער אויף פילאַנטראָפּישע, נאָר פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן. קומענדיק אַהיים אויף פעריען, פאַרלאַנגט זי

שוין נישט מער פון זיידן צו צעטיילן זיין פאַרמעגן, כאָטש ער וואָלט עס פאַר איר געטון. זי ווייסט שוין, אַז נישט צדקה איז דער וועג צו לעזן סאָציאַלע פּראָבלעמען. אַ לעזונג װכט זי אין עפּעס געהיימע ביכלעך; זי קאָנספּירירט שטענדיק. ביז איינמאָל אין אַ זייער, קאַלטער ווינטער-נאַכט, ווען אַלע שלאָפן שוין און שרה לייענדיק, טרוימט וועגן די צייטן, ווען „אַמאָל, אַמאָל וועט פון ווייטע פירמאַמענטן אַראָפּקומען אויף דער ערד אַ שיינע צוקונפט, דאַמאָלס וועט זיך דערוועקן אַ נייער טאָג, עס וועט מקוים ווערן דער חלום פון דורות, דער חלום פון דער ערד"...—דאַמאָלס דערהערן זיך אין הויז קלאַנגען פון זשאַנדאַרמסקע שפּאָרן און פּאָליצייאישע שווערדן. מ׳אַרעסטירט די „פּערל" און די שפּעטערדיקע טויטע שטילקייט רייסט איבער נאָר דאָס געשריי פון אַלטן זיידן, ווי דאָס שמערצלעכע וואָיען פון אַ פאַרוואונדעטער חיה.

אויב זדזיעכאָווסקיס פּערל איז אַ סאָציאַליסטקע-פּראָפּאַגאַנדיסטין, איז אַנדרזיי ניעמאָיעווסקיס ברוך אַ רעוואָלוציאָנער-טעראָריסט. דאָס בילדל „ברוך" איז אַ גלאָריפיקאַציע פון ברוך שולמאַנס (פּ.פּ.ס.) פּאָליטישן אַטענטאַט בעת דעם וואַרשעווער „בלוטיקן מיטוואָך". דער רעוואָלוציאָנערער העלד, דער זון פון יידישער אָרימקייט, פאַלט אין קאַמף צוזאַמען מיטן בלוטיקן סאַטראַפּ. די איינזאַמקייט פון היימישן געטאָ האָט ברוך פאַרטרייבט אויף ברודערלעכקייט און סאָלידאַריטעט פון דער גאַנצער מענטשהייט, און די דאָזיקע געמיינזאַמקייט פאַרלאָזט אים אויך נישט נאָכן טויט. זיין קבר איז נישט איינזאַם, שטענדיק באַצירט מיט בלומען. דאָס העלדן-קבר באַזוכן סיי יידן סיי קריסטן. ווי אָרזשעשקאָס געמיינזאַמער הימל פאַראייניקט די יידישע און קריסטלעכע בית-עלמינס, אַזוי אייניקט ברוכס העלדן-קבר צוויי נאַציעס: יידן און פּאָליאַקן. „די עוואַנגעלישע מאַריע און די ביבלישע רחל קומען זיך צונויף אויפן קבר פון יינגן יידישן קעמפער, ווי צוויי איבערגעבעטענע קרובות".

נישט אַזאַ שיקזאַל ווי זדזיעכאָווסקיס „פּערל" און אַ. ניע-

מאָיעווסקיס „ברוך" — האָבן פריידע און הערש פון א. מיראָווסקאַס „ער האָט זיך געשמדט" („נאָוורוציל שיען").

ס'איז א געשיכטע וועגן א יינג מיידל פריידע און א בחורל הערש, וואָס שטאַמען פון חסידיש-פאַנאַטישע פאַמיליעס. געוואוינט אין שכנות אין איין הויז, אויפגעוואקסן צוזאַמען, — אַנטוויקלט זיך צווישן זיי, שוין גאַנץ פרי, אַן אינטימע פריינטשאַפט, כאָטש זייער לעבנס-וועג צעשיידט זיך שפּעטער, ווייל זי באַזוכט די פאָלקסשול און ער זיצט אין חדר. הערשל וואַרפט אָבער אַוועק דאָס באַנק-קוועטשן, קומט אָן אין גימנאַזיע, וואו אַלס יידישן שילער, אַלס גליד פון אַ פאַרפאָלגטער נאַציאָנאַלער מינדערהייט, קומט אים אויס אויסצושטיין אַ שווערן, גוט באַקאַנטן קאַמף פאַר גלייכבאַרעכטונג אין קלאַס. אנשטאט אָבער, דער קאַמף זאָל אים שטאַרקן, האַרטעווען און צובינדן צו דער אייגענער נאַציע, גיט ער זיך לאַנגזאַם אונטער.

הערש האָט גרויסע פעיקייטן, א סך ענטוזיאַזם, פיל אַמביציע, האָט א בלישטשעדיקן אינטעלעקט. ס'איז אַן עלעמענט וואָס קען שאַפן אַ סך גוטס אָדער אַ סך שלעכטס; פון אַזעלכע טיפּן קען מען האָבן א סך נחת אָדער א סך צרות און חרפּות. איז די אַמביציע טאַקע גובר לסוף ביי הערשן. פון הערש ווערט ער א הענריק. ער רייסט איבער מיט זיינע אידעאַלן, וועגן ארבעט צווישן די יידישע מאַסן. ער וואַרפט אַוועק זיין כלה און שמדט זיך פאַר קאַריערע וועגן.

הערשלס מעשים ווירקן קאַטאַסטראָפאַל אויף פריידען. נאָכן פאַרענדיקן די פאָלקשול האָט זי זיך פאַרנומען מיט זעלבסטבילדונג, געטרוימט וועגן א ברייטער, גרויסער וועלט, געחלומט וועגן געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, וועגן פאַרשפּרייטן בילדונג און וויסן צווישן פאָלק צוזאַמען מיט הערשן און דערצו זיך לויט די מעגלעכקייטן געגרייט. ווערט זי איצט אינגאַנצן צעבראָכן, מאָראַליש און פיזיש.

פריידע, א זייער סימפּאַטישער טיפּ פון א יידיש מיידל אין פרעמדע ליטעראַטורן — געהערט צו די באַקאַנטע מאַרטירערינס, מיט וועלכע דאָס געטא איז געווען פול. זיי געניסן

פון וועלטלעכער בילדונג, דערוועקן זיך צו אַ גייסטיק־קולטורע⸗ לעבן און רייסן זיך אין דער ברייטער וועלט אַרויס. אָבער זייער סביבה, וואָס האָט זיי געגעבן די מעגלעכקייט זיך צו בילדן, פאַרשליסט זיי שפּעטער אין היימישע ד׳ אמות, אַזוי אַז די גייסטיקע עשירות, וואָס זיי האָבן זיך דערוואָרבן, איז צו זייער שאָדן, ווירקט צו אַ נאָך גרעסערער אינטעלעקטועלער און פיזישער פאַרשקלאַפונג און סוף־כּל־סוף קומט זיי שפּעטער אויס חתונה צו האָבן פאַר אַן אומוויסנדן, פאַנאַטישן, חסידישן בחור.

ענלעכעס געשעט מיט פריידען. פאַרצווייפלט צוליב הערשס שמדן זיך און פאַרראַט, נישט האָבנדיק, אַלס אומפאַר⸗ מעגלעכע, קיין האָפנונג צו באַקומען אַ מאַן לויט איר וואונטש, וויל זי נישט זיין לענגער אַ לאַסט פאַר אירע עלטערן און אַ פאַרצווייפלטע האָט זי חתונה פאַר אַן אומוויסנדיקן שמוקלער.

איבעריקנס, צו וואָס ווער זי קעמפן, אויב זי האָט פון ערגעץ נישט קיין אָנהאַלט און איז איבערצייגט, אַז סוף־כּל־ סוף וועט זי דורך דער סביבה באַזיגט ווערן. סיי־ווי־סיי שטייט איר פאַר אַ לאַנג לעבן צו זיין אַ שטילע מאַרטירערין, טראָגן דעם באַזונדערן עול פון אַ יידישע טראַגעדיע־העלדין, וועגן וועלכער קיינער וועט נישט וויסן און נישט פאַרשטיין. זי איז ביז איצט נישט פאַרשטאַנען געוועזן דורך די עלטערנס סביבה און וועט איצט ווייטער נישט פאַרשטאַנען ווערן דורכן מאַן און זיין סביבה.

און ווער ווייסט. אפשר וועט איר גאָר געלונגען, ווי זאַפּאָלסקאַס מלכּה שוואַרצנקאָפּ איר יונה פּירולקעסן, צו דערוועקן איר מאַן צו אַ נייעם אינטעלעקטועלן לעבן.

די דערציילונג ענדיקט זיך דערמיט, אַז „אויב נאָר די גליקלעכע וואָלטן געהאַט מוט צו טראָגן דעם עול פון לעבן — דאַמאָלס וואָלט די וועלט געוועזן גאָר שוואַך באַפעלקערט“.

וועגן יידישן לעבן אין גאַליציע האָט מיראָווסקאַ נאָך געשריבן אין איר דערציילונג „צווישן אייגענע“ („וושרוד סוואָיך“). דאָרט שילדערט זי דעם שווערן גורל פון די יידישע

אומפאַרמעגלעכע מיידלעך, וועלכע באַזיצן אַ סך מעלות, ווי שיינקייט, גוטסקייט, בילדונג, אַ חוץ... גרויסן נדן. זענען די גאַליציאַנער יידישע דאָקטוירימלעך בעלנים צו מאַכן מיט זיי אַ שפּיל אויף אַ ווייל, און די באַחנטע מיידלעך בלייבן זיצן אין גרויען צאָפּ אָדער ס'קומט זיי אויס אויסצוואַנדערן לעבר הים. דאָרט ווערן זיי אויב נישט קיין פּענער, טאָ לכל-הפּחות אַרבעט געפינען און נישט ברויכן צו ליידן נויט. אַזוי טוט טאַקע די אלמנה פעדער מיט איר שיינע טעכטער. בעתן געזעגענען-זיך באַדויערן זיי שטאַרק די קריסטלעכע שכנים, האַלטן עס פאַר אַ חרפּה, וואָס מ'לאָזט אויסוואַנדערן אין אַ ווייטער, פרעמדער וועלט אַזעלכע שיינע יידישקעס, בעת מיט געלט כאַפּט מען מנובלטעס.

אין פּרט פון באַמיען זיך צו פאַרשטיין יידן, נישט אַלס יחידים, נאָר אַלס כּלל, פאַרנעמט איינס פון די הויפּט-ערטער צווישן די פּוילישע דיכטער, בלי-ספק וויקטאָר גאָמוליצקי.

מיט אַ זעלטענער אינטואיציע איז גאָמוליצקין געלונגען זיך איינצולעבן אין דער קאָלעקטיווער געדאַנקען-און געפילן-וועלט פון יידישן המון און אַרויסבאַקומען פון דאָרטן אַן עשירות, וועלכע לעבט אויפן תּהום פון נאַציאָנאַלן שמערץ. און געלונגען איז עס אים דערפאַר, ווייל אים האָבן נישט אינטערעסירט יידן-אינדיווידוען, נאָר די מאַסע, וועלכע ער האָט געזען שטענדיק מיט טיפע קנייטשן אויף די פאַרזאָרגטע פּנימער, מיט געבוקטע רוקנס פון שווערן לעבנס-עול און פון אונטער די שמוציקע קאַפּאָטעס האָט ער געפילט שלאָגן אַ וואַרעם הארץ און אַן אוצר פון געפילן צו נאָענטע און ווייטע. אין נאָמען פון אָט דעם געפלאָגטן, געטרודפּטן המון, אין נאָמען פון דער יידישער ליידנדיקער מאַסן-נשמה האָט ער פּראָטעסטירט און געפאָדערט יושר פאַר זיי.

גאָמוליצקיס יוגנט-שאַפונג, דאָס געדיכט „אל מלא רחמים” איז געוואָרן דער ערשטער שריט צו זיין באַרימטקייט, וואָס האָט אים מיט איינמאָל געשטעלט אין דער ריי פון די בעסטע

פוילישע פּאָעטן. אין דעם דאָזיקן מיניאַטור — קונסט-ווערק האָט ער באַשריבן אַ חתונה פון אַן אָרימער כלה, אַ יתומה. דער טרויריקער אל-מלא-רחמים האָט געמאַכט פאַרשווינדן ביים פּאָעט די אָרומיקע אָרעמקייט און דערהויבן דעם פּערזענלעכן שמאַרץ פון די פּאַריתומטע מחותנים צו אַ נאַציאָנאַלער אָנ-קלאַגע פון אַ גאַנצן פאָלק. דער דיכטער האָט דערהערט אינם אל-מלא-רחמים אַ קלאָגליד, וואָס צעטראָגט זיך איבער די בית-עולמס פון דער גאָרער וועלט, איבער די אומצייליקע יידישע קברים, וואָס זענען ווי זאַמדלעך צעשאָטן איבער אַלע יבשות און לענדער; ער האָט דערהערט דערין אַ טרויער-ליד אויף די ליידן און פּיין, הכנעה און שפלות, צו וועלכער אַ גאַנצע אומה איז געצוואונגען.

אין זיין גרעסערן דראַמאַטישן בילד „יידן" שטעלט זיך שוין גאָמוליצקי אויף אַן אַלגעמיין מענטשלעכן שטאַנדפּונקט. ער ווערט אַ שופט פון דער געשיכטע, און לאָזט אַדורכגיין די באַשולדיקער און באַשולדיקטע, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אַלע קאַטעגאָריעס שונאי ישראל און געזעלשאַפטלעכע קעגנער, פון וועלכע יעדער האָט אַן אַנדער טענה צו יידן און שפּייט קלעק אויף יידן מחמת אַנדערע קאַפּריזן. יעדע גרופּע פון דער דורכציענדיקער גאַלעריי וואַרפט אויף יידן אירע קללות, בעת דער „כאָר", וואָס הערט זיך צו צו אָט דער בלוטיקער פּראָצעדור, וויינאַגט איבער דעם טרויריקן גורל פון אַן אומה, וואָס איז געווען גרויס און שטאַרק און וואָס בעט רחמים מיטן מויל פון מיליאָנען.

אויך דער פּאָעט, אַלס מכלומרשטער זייטיקער, אומפּאַר-טייאישער געריכטס-פּאָרזיצער הערט זיך צו געגוי צו אָט דעם משפּט. איידער אָבער ער וועט אויספּאָרשן דעם ענין, זיך אָריענטירן אין די טענות פון די צדדים, פאַרלאַנגט ער ראשית-כל יושר און רחמנות. דעם המון, די פאַרפאָלגער וואָס פאַר-לאַנגען יידיש בלוט, יידיש האָב-און-גוטס, דראָט ער מיט וועלט-גערעכטיקייט, מיטן משפּט פון דער געשיכטע.

אונטערן איינפלוס פונם פּאָגראָם אין וואַרשע, אין די

אַכציקער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט, האָט גאָמוליצקי געשאַפן זיין געדיכט „די שטים פון אַ באַשימפפטן" („גלאָס זעלזשאָנעגאָ"), אין וועלכן ער טרייסט יידן, באַמיט זיך דערנענטערן צו זיי, פאַרשטיין, פאַרטיידיקן און מיטפילן.

אַן ערינערונג פון גאָמוליצקיס יוגנט איז זיין נאָוועלע „דער כאַלאַט", אַ מעשה וועגן אַ יידישן באַלעגאָלע יאָסל, מיט וועלכן גאָמוליצקי, אַלס גימנאַזיסט, איז געפאָרן אַהיים אויף ווינטער-פעריען. אינדרויסן קנאַקט אַ מוראדיקער פראָסט און דער שילער איז איינגעשלאָפן אויפן פורל; האָט יאָסל מורא געהאַט, אַז דאָס יינגל זאָל זיך נישט צוקילן, נישט פאַרפרוירן ווערן, און ער נעמט פון זיך אַראָפ זיין כאַלאַט און דעקט מיט אים צו זיין יינגן פאַסאַזשיר, אַליין שטאַרק פרירנדיק.

גאָמוליצקי האָט פערזענלעך, ביי דער דאָזיקער געלעגנהייט, דערפילט דאָס טיף מענטשלעכע, וואָס ער האָט שפּעטער געוויזן ביים יידן אונטערן כאַלאַט. דער דיכטער באַדויערט נאָר זיין דאַמאָלסדיקע אומדאַנקבאַרקייט, דאָס אונטער דער השפעה פון נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען און איינגעוואָרצלטן, בירושה איבערגענומענעם אַנטיסעמיטיזם, האָט ער דעם געטרייען פורמאַן אַפילו קיין יישר-כח נישט געזאָגט. און איראָניש באַמערקט ער, אַז יאָסל האָט זיך מן-הסתם דאַרויף גאָרנישט געריכט...

אַ גרויסן איינדרוק האָט, אין דער זעלבער צייט וואָס גאָמוליצקיס לידער, געמאַכט אַ זאַמלונג „ס ט ר אָ פ ן" פון אַן אומבאַקאַנטן דיכטער.

אין גאָמוליצקיס וועגן איז אויך געגאַנגען דער פּ אָ ע ט אָ ר - אָ ט (אַ ר ט ו ר אָ פּ מ אַ ן).

אין זיין געדיכט „י י ד ל ר ו ב י ן" („יודקע רובין") באַזינגט אָר-אָט אַ יידישן בוכהענדלער פון דער אַלטשטאָט אין וואַרשע, וואָס האָט די נייגונג צו זיין פאַך געירשנט פון זיין פאָטער מענדל. יידל איז ממש פאַרליבט אין זיין באַשעפטיקונג, פאַר אַן אַנטיק איז ער גרייט צו לויפן מיילן ווייט און דער טאָג,

ווען ס׳געלינגט אים אָפּצוקויפן עפּעס אַ זעלטענעם עקזעמפּליאַר, איז פאַר אים אַן אמתער יום-טוב. ער פרייט זיך פאָרויס, אַז דער אַנטיק וועט אַריינפאַלן אין די ריכטיקע הענט פון אַ פּוילישן געלערטן. די פאַרדינסטן זענען אָבער גאַנץ קנאַפּע און יידלען קומט אויס צו לעבן אין דחקות. אַ שטיקל בייגל מיט אַ פּיצעלע הערינג איז שוין אַ לוקסוס, איז יידל טאַקע שוואַך מיטן געזונט, ביז ער שלאָפט איין אויף אײביק אין אַ יום-טוב מיט אַ שמייכל אויפן פּנים, זיצנדיק איבער אַ זעלטענעם פאָליאַנט, וועלכן ער האָט גראָד פלייסיק שטודירט.

נישט קיין לייכטער לעבן האָט זיין „פּעדלער" („קראַמאַזש וועגדראָווני").

אַלט איז ער שוין דרייאונזיבעציק יאָר. האַנדלען טוט ער שוין פינפאונפיפציק יאָר און נאָך נישט אַזויפיל אויסגעהאַנדלט, אַז ער זאָל קענען זיצן אויף דער פּריזבע. אויף די אַלטע יאָרן מוז ער נאָך וואַנדערן טעגלעך מיילן ווייט פון דאָרף צו דאָרף, כּדי צו דערנערן זיינע אייניקלעך — יתומים.

שטאַרק האָרעוועט אויך אָר-אָטס יידישע הענדלערקע אין זיין „מלכּה פון דער אַלט-שטאָט" („מאַלקאַ זע סטאַרעגאָ מיאַסטאַ").

מלכּה איז אַ טייל פון דער אַלט-שטאָט, זי איז אַ פראַגמענט פונם אָרט, וואו זי האַנדלט מיט גרינוואַרג און געמיזע פון צייטן אָן, וועלכע קיינער געדענקט נישט. אירע קינדער און אייניקלעך האָבן שוין באַוויזן טיילווייז אויסצושטאַרבן, מלכּה אָבער פירט אָן איבעררייס איר האַנדל. אַלע געבן איר אָפּ כּבוד. אירע קונהטעס ליבן זי, אַז זי האָט קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט, קיינעם נישט באַשווינדלט און אַז מ׳נויטיקט זיך, גיט זי אַפילו אויף קרעדיט. ביים אויפקומען פון נייעם גרינוואַרג, וועלכעס איז טייער, פאַרקויפט זי אַפילו מיט היזק, פאַר אַ האַלבן פּרייז אָרימע פרויען, זאָגנדיק זיך: „זי קען דאָך נעבעך נישט באַצאָלן! לאָמיך פאַרלירן! אַז דער אויבערשטער וועט מיר צושיקן אַ רייכערע, וועל איך ביי איר פאַרדינען!"

ארויסגעריסן פון זיין היים, פון פוילישן לאַנדשאַפט איז דער ארגענטינער קאָלאָניסט פון אָר-אָטס „שמואל קאַבאַט״. דער גורל האָט אים פון טשעכאַנאָוו פאַרטראָגן אונטער דער טראָפּישער זון, בענקט ער, ווי ישראל פון לובאַרטאָוו אין סיביר, נאָך זיין געבורטס-אָרט.

אַן עכאָ פון אַמאָל, אַן אָפּקלאַנג פון מיצקיעוויטשעס יאַנקל, איז אָר-אָטס אַלטער קלעזמער פון זיין „מוזיקאַנט״. דער גרויער הויף-קינסטלער, דערמאָנענדיק מיצקיעוויטשן, בעט מ׳זאָל זיך באַשטייערן אויפן דענקמאָל, וועלכן מ׳שטעלט דעם גרויסן דיכטער. און אָר-אָט, הערנדיק שפּילן דעם אַלטן פידלער טראָגט זיך איבער אין אַן אַנדער וועלט, וואו ס׳הערשט סאַמע ליבע, וואו ס׳קלינגען בלויז די ווערטער: „ליבט אייך איצטער! פאַרבינדט אייערע גייסטער אין איין רינג, אַלע מענטשן זייט ווי ברידער!״

אַ שיין-גייסט, וואָס וויל נישט וויסן און הערן וועגן מסחר, איז דאָס בחורל אין „עלי״. די משפּחה קלאָגט דערויף, עלי האַלט אָבער אין איין טענהן, אַז ער וויל לערנען. אין שפּעטער נאַכט, ווען די לבנה שפּאַצירט זיך איבערן שטעטל און אַלע אָרומיקע זענען פאַרזונקען אין טיפן שלאָף, זיצט עלי ביי אַ חלבן ליכטל איבער אַ בוך. די אויגן לויכטן אים, די באַקן ברענען, אין קאָפּ לויפן געדאַנקען, אַ טיפע בענקעניש נאָך עפּעס, וואָס איז אומבאַשטימט, הויך, ווייט... אָר-אָט מיינט, אַז אַזוי האָט אודאי געמוזט אַמאָל אויסזען היינע אין זיין יוגנט און ער בעט דעם לעזער, טאָמער וועט ער אָנטרעפן אין לעבן אויף אַזאַ בחורל, וואָס רייסט זיך אין די עולמות, זאָל ער אים אויסשטרעקן אַ ברודערלעכע האַנט, ווייל אַזאַ הייסע נשמה איז ווערט אונטערשטיצט צו ווערן, כדאי דעם דאָזיקן אָרימען האַרצן העלפן ארויסרייסן זיך פון בלאָטע.

זייער שיין זענען אָר-אָטס לידער: „עסטערקע״, וועגן דער געליבטער פון קאַזשימיר דעם גרויסן און „על נהרות בבל״ („נאַד ברזעגאַמי באַבילאָנו״). שטימונגספול איז דאָס

געדיכט וועגן „פּאַרליבטן פּירשט און דער יידישקע פון מאדריד" („פּיעשן אָ קאָכליווים קשיענטשו אי אָ זשי־דוווצע ז מאדרידו"), אין וועלכן דער גרייז גרויער רב מיט זיין בילד־שיינער טאָכטער קומען אום אויפן שייטער־הויפן פון דער אינקוויזיציע פאַר נישט נאָכקומען דער עראָטישער תאוה פון אַ דעגענערירט פּירשטל, אָפּזוגעבן אים פאַר אַ געליבטע דעם רבס טאָכטער.

גאָרנישט ענלעך צו גאָמוליצקיס און אָר־אָטס פּאָעזיע וועגן יידן איז „דער יידישער בית־עולם אין פּראָג" פון עליזאַ טושאָווסקאַ (יוליאַן פון פּאַראַדאָוו)—אַן אויסדרוק פון איר היפּער־קאַטוילישער איבערצייגונג, אַז יידן האָבן פאַר־מוטשעט קריסטן. אין דעם פּרט איז טושאָווסקאַ כמעט אַן אויסנאַם, אפשר די איינציקע פּוילישע שריפטשטעלערין, וואָס איז געווען אַנטיסעמיטיש געשטימט. אַלע איבריקע, ווי אַן אָרזשעשקאָ, קאָנאָפּניצקאַ א. א. האָבן מיטגעפילט מיט יידנס גורל, געפּאָדערט יישר פאַר זיי, פאַרלאַנגט יידישע גלייכבאַ־רעכטונג. צו דער דאָזיקער קאַטעגאָריע געהערט אויך אין דער ערשטער ריי גאַבריעלאַ זאַפּאָלסקאַ, די בולטסטע פאַר־טרעטערין פונם פּוילישן נאַטוראַליזם.

זאַפּאָלסקאַ האָט נישט בלויז אָביעקטיוו זיך באַצויגן צו יידן, נאָר אַלס פאַרטרעטערין און קעמפערין פון אַן אונטער־דריקטן, שוואַכערן געשלעכט, מיטגעפילט מיט יידן און זיי שטענדיק פאַרטיידיקט. באַזונדערס — יידישער אָרימקייט.

גאַבריעלאַ זאַפּאָלסקאַ, די דיכטערין פון נויט און פּיין, האָט די דאָזיקע פּלאָגן געזען אויך ביי יידן און מיט איר באַזונדערער ליבע צו אָרימע און ליידנדע האָט זי זיך אַראָפּ־געלאָזן אין די טיפענישן פון די פאַרצווייפלטע געטאָ־געסלעך, כדי צו ווייזן דעם שרעקלעכן דלות דאָרט אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט און אויך די שטרעבונגען צו שיינעם און ליכטיקן, וואָס טליען דאָרט און ווערן צעטראָטן דורך האָפנונגסלאָזער אָפּהענטיקייט.

אין דער דערציילונג „אַנטיסעמיטניק" האָט זאַפּאָלסקאַ

געוויזן דעם באַקאַנטן טיפּ אַנטיסעמיט, די פּצרקויפטע נשמה וואָס לעבט מיט יידן, האַנדלט מיט זיי, וואַרעמט זיך אָן זיי, נוצט אויס זייער בענקשאַפט כדי ביי דער נאָענטסטער געלעגנהייט צו שפּייען קלעק אויף זיי. אין געגעבענעם פאַל איז עס אַ נישטיקער רעפּאָרטער, וואָס זוכט טרייסט און דערהאָלונג בעת מידקייט און פאַרצווייפלונג ביי דער הכנעהדיקער, נידערגעשלאָגענער יידישער כאָריסטקע פון פּוילישן טעאַטער. ווען זי אָבער, אַ פאַרצווייפלטע, אַ הונגעריקע אויף אַ ביסל פּערזענלעך גליק, ליבע און מיטגעפיל, פאַרבאָרגט פאַר אים איר קינד און יידישן אָפּשטאַם, — שרייבט ער גאָר אַנטיסעמיטישע מאמרים און פירט אַ יידן-העצע אין אָרטיקן בלעטל. ער ציט אַרויס פון דער כאָריסטקעס סודות פון הינטער די טעאַטער-קוליסן, מיט וועלכע ער קלערט צו מאַכן אַ ן עפנטלעכן סקאַנדאַל און פאַר זיך אַ קאַריערע פון אַ טעאַטער-רעצענזענט, — ער פאַרשיט אָבער דאַדורך די כאָריסטקע און זי בלייבט אָן ברויט און פאַרלאָזן.

אין די טעאַטער-שטיקער „י ו נ ה פ י ר ו ל ק ע ס" און „מ ל כ ה ש ו ו א ר צ נ ק אָ פּ" האָט זאַפּאָלסקאַ געוויזן ווי אין די טיפענישן פון חושכדיקער נויט און פאַרצווייפלונג פון די יידישע קעלער-שטובן איז וואַך אַ געפיל פאַר גרויסן און שיינעם, ווי די דאָזיקע בליטן ווערן פאַרוועלקט און צעטראָטן דורך דורות-לאַנגע פאַרורטיילן און אָפּגעשטאַנענקייט פון דער פינסטערער, אָפּהענטיקער סביבה. דער יינגער דור וויל זיך באַפרייען פון אַלטן לעבנסשטייגער מיט זיינע פּרנסה-קוואַלן. ער רייסט זיך צו פּראָדוקטיווער אַרבעט, שטויסט זיך אָבער אָן אויף אַ טויזנטיעריקער וואַנט פון מניעות, פאַרפאָלגונגען, חרמס און ענלעכעס.

מלכה שוואַרצנקאָפּ איז אויך אַ קרבן פון איר סביבה. אַ קינד פון די הינטערגעסלעך און נאַסע קעלערס, ווערט זי דערצויגן אין אויסלאַנד, אין די בעסטע שולן, וואו עס האָט זי אויס אַ גרויסמוטיקע פילאַנטראָפּין. נאָך דער לעצטערס טויט אָבער פאַלט זי צוריק אַריין אין חושכדיקן דלות פון

זיך פּאָטער, אַ גאַסנהענדלער פון שוועבעלעך, זי מוז וואוינען אין אַ ווינקל פון אַ פינסטערן, נאַסן קעלער. מלכהן קומט אויס איבערצולעבן אַ טיפע טראַגעדיע אַלס פועל־יוצא פון אַמאָליקער דערציאונג און איצטיקער טרויריקער ווירקלעכקייט. געפּלאָגט פון אָרעמקייט און דחקות, רייסט זי זיך צו אַ שענערער וועלט, איר נשמה בענקט נאָך אַ ביסל ליבשאַפט, נאָר אויך דאָ קומט איר אויס איבערצולעבן אַנטוישונגען: וועמען זי וויל — דעם קען זי נישט באַקומען, להיפּוך פאַראַכטעט זי די חברה בחורים ליידיקגייער און אויסוואורפן, וואָס זענען בעלנים אויף אַ קורצוויילדיקע ליבעס שפּיל מיט איר. קלויבט זי ליבערשט אויס אָרעמקייט און צניעות, איידער באַקוועמלעכקייט און לאַסטער.

נויט און פאַרצווייפלונג צווינגען זי דאָך לסוף אונטערצוגעבן זיך יידישע מיטלאַלטערלעכע מנהגים פון תנאים און חתונה. כּדי צו זיכערן דעם אַלטן פאָטער אַ שטיקל ברויט און זיך שוץ, — לאָזט זי זיך, אַ האַלב-צעבראָכענע, חתונה מאַכן מיט אַ שלימזלדיקן בחור, יונה פּירולקעס, וועלכן דער אַלטפרענקישער חדר האָט פאַרקריפּלט פיזיש און גייסטיק.

מלכהס נשמה-יתירהדיקייט, אינטעלעקטואַליזם און אינטעליגענץ באַווייזן אַזעלכע וואונדער, אַז עס געלינגט איר אַפילו אויפצוּוועקן צום לעבן די פאַראַליזירטע נשמה פון יונהן און צו דערוועקן אין אים העכערע גייסטיקע אַספּיראַציעס. נאָך אַ קורצער צייט צוזאַמענלעבן מיט איר, איז זיך יונה מודה: „איך פיל, ווי מ׳וואָלט מיר די אויגנאַפּלען אויפגעריסן, ווי כ׳וואָלט ביז איצטער זיין בלינד און פּלוצים זעעוודיק געוואָרן״. מלכה מיט איר רייכער נשמה איז אויך גורם אַן איבערברוך צום גוטן ביים פאַרהולטאַיעטן מאָריץ און העלפט צו לעווי׳ן צו דערגרייכן נשמה-גאַנצקייט און גלייכגעוויכט.

מלכה איז זיך מוסר-נפש, אַליין אָבער ווערט זי פאַרמאַטערט פון דער פיזישער און גייסטיקער לאַסט, וואָס דריקט זי. אַרבעטן אויף פּרנסה ביי אַ שלימזלדיקן מאַן און איבערלעבן פּיין פון צעווייטאַגטער ליבע — דאָס קען אַפילו דעם

שטאַרקסטן צעבּרעכן, און אויך מלכּה פֿאַלט, ווען די ישועה איז שוין אַזוי נאָענט. אַז עס קומט ענדלעך דאָס, וואָס זי האָט זיך געוואונטשן, זי זאָל באַפֿרייט ווערן פֿון שווערן יאָך און באַקומען איר באַשערטן און געליבּטן, איז שוין צו שפּעט. אַ ווײַלע פֿאַר איר אויסלייזונג געפֿינט זי איר אײביקע רו — דורך אַ ביסל אַ צו גרויסער דאָזע אָפּיום, וועלכע דער דאָק־טאָר האָט איר פֿאַרשריבּן.

מלכּהס מי איז אָבער נישט געגאַנגען לאיבּוד; זי לעבּט אין די האַרצער פֿון איר סביבה. יונה קען זי קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן. נאָך איר טויט פֿאַלט ער אַריין ווי אין אַ מיסטישער קאָנטעמפּלאַציע, אין אַ נשמה־גריבּלערײַ. ער פֿילט תּמיד מלכּהן לעבּן זיך און דאָס העלפֿט אים אויסגעפֿינען די סיבּות פֿון מלכּהס און זײַן אומגליק. דער קעלער־טרוימער געפֿינט זײַ אין זײַן סביבה, אין זײַן פֿאָטער דעם שווינדלער, דעם אונטער־צינדער, און ענלעכע מענטשעלעך. גאָר אַ גרויסן חלק שולד וואַרפֿט זאַפּאָלסקאַ אויפֿן חדר. אָט ווי דער גרויסער, צעבּראָ־כענער יונה קלאָגט אויף די חדר־באַנק: „אָט דאָ, דאָ, אויף דער דאָזיקער באַנק האָט מען מײַן נשמה דערהרגעט אויף אַזויפֿיל יאָרן... כ'געדענק, ווי כ'בּין דאָ אַרײַנגעקומען אַ לוס־טיקער, אַ קליינער און אַלץ האָט מיך געוויילט: סיי חיות, סיי פֿייגל, אי אַלע מענטשן אונטער דער זון. נאָך דרײַ יאָר אָבער בּין איך געוואָרן האַמעטנע, נאַריש, כ'בּין געוואָרן פֿינסטער, ווײַל כ'האָב קיין זון נישט געזען, ווײַל כ'בּין גע־זעסן אין דער דאָזיקער פֿײַכטער שטוב אַ גאַנצן טאָג איבּער ספֿרים און הויך געשריגן. אָ! ווען נישט די דאָזיקע באַנק, ווען נישט די פֿינסטערניש, וואָלט איך אַזאַ נאַרישער עם־הארץ נישט געבּליבּן״...

יונה בּונטעוועט זיך. ער גופֿא וויל נישט שווינדלען און וויל אויך נישט לאָזן אַנדערע שלעכטס טון, — זײַן פֿאָטער, למשל, בּײַם אונטערצינדן די קראָם. יונה וויל פֿאַרריכטן זײַנע יוגנט־זינד, ער וויל ווערן אַ פּראָדוקטיווער מיטגליד אין דער געזעלשאַפֿט, ער וויל זיך נעמען צו פֿיזישער אַרבּעט, ווי עס

האָבן עס שוין געטון דער אַמאָליקער פּאָעטיזירנדיקער בעלפער אברהמל און דער למדן יאַנטשע. ער קען עס אָבער נישט דערגרייכן. פאַר זיין בונטעווען זיך, ווערט יונה פאַרשאָלטן דורך זיין פאָטער און איבער דער קללה פאַרפאָלגט מען אים, מ׳לאָזט אים נישט צו צו קיין שום פאַרדינסט און ער קומט אום פון נויט, הונגער און קעלט.

דעם פאָטערס שאָטן מוסרט יונהן: „דיר איז שלעכט... דו האָסט מיך נישט געוואָלט פאָלגן... דו האָסט נישט געוואָלט לעבן אַזוי ווי אַלע, ווי איך, ווי דיין זיידע, ווי דיינע עלטער זיידעס... דו האָסט געוואָלט זיין קלוגער פון אַנדערע יידן, פון פרומע און קלוגע יידן, וועלכע קענען און ווילן האַנדלען... ביי אונז טאָר מען זיך נישט בונטעווען... ווער עס בונטעוועט זיך, דער ווערט ווי אַ וואָרים צעשניטן אויף צווייען. ער צאַפּלט נאָך אויף דער ערד, ער איז אָבער שוין טויט...״

אַ חוץ אירע גרעסערע ווערק, ספּעציעל יידישע, — טרעפט מען ביי זאַפּאָלסקאַן אויך אָן יידן, דער עיקר יידישעס, אַלס נעבן־פיגורן אין אַלגעמיינע שאַפונגען.

ענלעכע טראַגישע איבערלעבונגען, ווי ביי מלכהן שוואַרצנקאָפּ, קומט אויך אויס איבערצולעבן פּערלען פון זאַפּאָלסקאַס נאָוועלע „פּערל און דער גן־עדן״ („פּערי אי ראַי״).

אַ טאָכטער פון רייכע, פרומע עלטערן שיקט מען פּערלען שטודירן אין אויסלאַנד, וואו זי וואַקסט אויס אַ געבילדעטע פריילין. צוריקקומענדיק אַהיים פאַרקנסט מען זי פאַר אַ בחור, וועלכן זי קען אַפילו נישט. דאַמאָלס צעבונטעוועט זיך איר גאַנצע נאַטור קעגן אַזאַ מין טראַנזאַקציע. איר יינגער גייסט רייסט זיך צו ליכט, צו זון און דאָ וויל מען זי באַגראָבן אויפן גאַנצן לעבן. עס הויבן זיך אָן די טיפע ליידן פון מיראָווסקאַס פריידע און זאַפּאָלסקאַס מלכה. אַ קאַמף פון אַ פרייען ווילן, וואָס רייסט זיך אין דער ברייטער וועלט, בעת די טרויריקעווירקלעכקייט שלעפּט אים צום עמק הבכא, צו פאַרעלטערטע טראַדיציעס, פאַרשימלטע מנהגים און איבעריקע פאַמיליען־התחיבותן.

די יידישע טאַטע-מאַמעס פלעגן זייערע טעכטער ווייזן פון ווייטן דעם גן-עדן פון אַ פרייער וועלט און תּיכּף אומ-רחמנותדיק אים פאַרמאַכן פאַר זיי. שרייט טאָקע פּערל: „צו וואָס האָט איר מיך געלאָזט לערנען, צו וואָס האָט איר מיר ליכט געוויזן, צי דאַרויף, אַז כ׳זאָל דערפילן אין זיין גאָרער גרויזאַמקייט דעם עלנט, אויף וועלכן כ׳וועל דאָס גאַנצע לעבן זיין פאַרמשפּט?״...

נישט ענלעך לגמרי צו מלכּהן און פּערלען, די שפּילע מאַרטירערינס איז טריינע אָדער יאָאַננאַ, ווי זי הייסט נאָכן שמד, פון זאַפּאָלסקאַס „ש ט י ק ל ע ב ן״ („שמאַט זשיציאַ״).

טריינע איז אַ טיפּ, שוין אפשר אַ צו-מאָדערנער, דאָס איז אַ העלדין פון דער צייט פון דעקאַדענטיזם, ווען דער עולם האָט זיך איבערגענומען מיט ניטשעס תּורות, וועגן איבער-מענטש, וואָס אנערקענט נאָר זיין אייגענע מאָראַל. ווי פּרזשי בישעווסקיס ד״ר פאַלק, פאַרקערפּערט טריינע אַ בלינדע סטי-כיע, וועלכע פאַרניכטעט אַלץ וואָס זי טרעפט אויף איר וועג. טריינע אנערקענט נישט קיין שום עטישע, רעליגיעזע אָדער געזעלשאַפטלעכע פאַרפליכטונגען אַ חוץ אייגענע פּערזענלעכע פאַרלאַנגען; אַ חוץ זיך גופא – אינטערעסירט איר קיינער נישט; דער גאַנצער אַרום האָט נאָר אַמאָל אַ באַדייט פאַר איר, אויב ער באַציט זיך צו איר פּערזאָן. אין פאַרקערטן פאַל איז ער איר גלייכגילטיק. אויפן ערשטן פּלאַן שטייט איר פּראַכטפולער קערפּער, וועלכער פאַרשפּרייט „מגפה״ אַרום זיך, און דאָס באַפרידיקן פון אירע שטאַרקע אינסטינקטן.

אָן געוויסנביסן, נישט געקוקט אויפן אַלטן פאָטערס תּחנונים, שמדט זי זיך, אָן חרטה צעטרעט זי די הערצער פון אירע געליבטע, נעמט אַוועק ביי פרויען זייערע מענער, ביי קינדער – זייערע טאַטעס, און זי טוט עס, ווי אַ סאַלאַמע, מיט אַ גרויזאַמער, אומרחמנותדיקער רויִקייט.

טריינעס אומבאַשרענקטער געניוס-חשק, איר נישט-איבער-קלייבן אין מיטלען – איז אייגנטלעך נישט קיין טיפּיש יידישע אייגנשאַפט. נאַטורן און כאַראַקטערן, וואָס קענען נישט קיין

עטישע מניעות, זעגען אין אַלע צייטן געווען און זענען אויך ווייטער פאַראַן, אָן אונטערשייד פון נאַציע, רעליגיע אָדער קלאַס. ביי טריינען שטאַרקט נאָר אָט די אינסטינקטן איר יידישער מזרח־טעמפּעראַמענט.

פּדאי נאָך צו דערמאָנען זאַפּאָלסקאַס יענטע פון „אין בלוט" („ווע קרווי"), אַ יידענע, אַ פאַרפלאָגטע מיט אַ גוט האַרץ. ווי אין אָרזשעשקאָס „יענדזא", באַפריינדן זיך אין נויט אַ יידישקע מיט אַ קריסטין, יענטע מיט מאַריען, דער פרוי פון אייביק שיכּורן פאָרטעפּיאַן־רעפּאַרירער. ביידע קלאָגן זיך אויף זייער ביטערן מזל, טון זיך טובות. יענטע העלפט אַפילו אויס מאַריען מיט גמילת־חסדים.

אַ פּרוב צו שילדערן דעם אינערלעכן קולטור־קאַמף פאַר אויפקלערונג צווישן יידן, איז עמיל ראָניעצקיס דראַמע „רבי ר' אברהם" („וויעלקי ראַבי אַבראַהאַם"). די פאַבולע איז זיך סומך אויף אַ ווירקלעכער פּאַסירונג פונם י. 1848 אין לעמבערג, ווען פאַנאַטישע פרומאַקעס האָבן פאַרסמט אַ יידישן משכּיל פאַר זיין אַפּיקורסות. גאָר פויגלדיק קומען די כלי־קודש דערביי נישט אַרויס און אברהם קאָן, דער מאַרטירער, איז געוואָרן ביי די גאַליציאַנער יידן אַן אוריאל אַקאָסטאַ אין מיניאַטור.

רעפּרעסיעס פאַר נישט אָפּהיטן דעם דת ווענדן אָבער אָן די יידישע תּקיפים בלויז בנוגע מענטשן אָרעמע, שטילע, קעגן דערשלאָגענע קבצנים, ווי למשל אַ יונה פּירולקעס וכדומה. ווען עס געלינגט אָבער זיך אַרויסצורייסן פון נויט, דערווערבן זיך עשירות, אַזעלכן האָבן די כלי־קודש קיין העזה נישט צו טשעפּען, אַזעלכן וועלן זיי קיין דעה נישט זאָגן, נישט מוסרן. פאַר אַזעלכן האָבן זיי דרך־ארץ, ווען ער זאָל אפילו נישט האָבן קיין שום אַנדערע באַשטרעבונגען ווי נאָר צו באַרייכערן זיך און גיין דאַדורך אויפן וועג פון שמד. די יידישע תקיפים און כלי־קודש האָבן תּמיד געהאַט אַראָפּגעלאָזטע הענט, ווען דער בעל־עבירה איז געווען אַ גביר. צו די רייכע ערב—און גאַנצע משומדים האָט זייער פויסט קיינמאָל נישט דערגרייכט.

.9

## משומדים.

די אידעאָלאָגיע פון פּאָזיטיוויזם, זיין שטרעבונג אויפצו־שטעלן אַן עקאָנאָמיש שטאַרק פּוילן — האָט זיך איינגעגעבן. דער רוסישער אָפּזאַץ־מאַרק איז געוואָרן אַ גוטע מעלק־קו פאַר דער פּוילישער אינדוסטרי און אינם גאָלדענעם רעגן, וואָס האָט זיך געגעבן אַ גאָס איבער פּוילן, האָבן אַ היפּש ביסל גענאָסן אויך יידן. עס אַנטשטייט די יידישע פּלוטאָקראַטיע, וועלכע איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט.

פאַרזיכערט מאַטעריעל, נעמט זי זיך נישט טראַכטן,—ווי די אַמאָליקע יידישע גבירים, — וועגן אַ ביסל עולם־הבא, נאָר וועגן אַ ווייטערדיקער קאַריערע, וועגן אַריינדרינגען אין דער פּוילישער געזעלשאַפט, צווישן דער פינאַנסיערע און מאַגנאַ־טעריע, כּדי דאַדורך זיך נאָך מער צו באַרייכערן. דער ערשטער שריט ביי איר, אין דעם דאָזיקן עטאַפּ, איז דער פאַרלאַנג לגמרי פּטור צו ווערן פון איר יידישקייט, אַפילו פון דער יידישער נאָז, און אַלס בעסטער מיטל, — דאָס זאָל געשען כאָטש ביים צווייטן דור, — האָט זי איינגעפונען: געמישטע חתונות.

אין איר יאָגעניש נאָכן גאָלדענעם קאַלב האָט די יידישע פּלוטאָקראַטיע נישט געוואָלט זיך באַגניגן מיט קריסטן אירס גלייכן, פון קליינבירגערלעכן אָפּשטאַם, נאָר דוקא זיך געיאָגט

אָך דער אַריסטאָקראַטיע. דורך באַגילדן אָפּגעבלאַקירטע הערבן האָט זי געמיינט צו באַצירן איר חומר מיט דורות־לאַנגער גייסטיקייט און פיינע מאַניערן פון פאַראָרימטן אדל. די אויפגעקומענע אַסימילאַטאָרן זענען אָבער געווען אַזוי פּוסט און קליינלעך און אין פאַרגלייך צו די אַריסטאָקראַטן אַזוי קולטורקאָז, אַז ביים צונויפטרעפן זיך פון אָט די צוויי שיכטן האָבן זיך געמוזט אָפּשפּילן קאָמישסטע עפּיזאָדן. עס האָבן געמוזט אַנטשטיין מיאוסע מעסאַליאַנסן פון אַזאַ אַמאַלגאַמאַט, ווי רייכגעוואָרענע פאַקטאָרס און הערלדישער יחוס.

יענע יידן זענען לחלוטין נישט ענלעך געווען צו אָרזשעשקאָס העלדן. אין יענע ספערן האָט מען נישט געטראַכט וועגן פערזענלעכע און געזעלשאַפטלעכע אידעאַלן, וועגן אינטעלעקטועלער דערהויבונג פונם יחיד ווי פונם כלל, וועגן אַ ליימערונג פונם „איך” און דעם אָרום. געלט, תאוה און געגוס באַהערשט אַלץ און אַלעמען: אַלט און יונג, מאַן און פרוי.

צענדליקער יאָרן האָט דער פּראָגרעסיווער טייל פון דער פּוילישער געזעלשאַפט פּראָפּאַגירט בילדונג און אייראָפּעיזאַציע צווישן יידן, און אַז דאָס איז ביי אַ געוויסן טייל יידן געשען, האָט מען דערזען די גאַנצע לעכערלעכקייט און מינדערווערטיקייט פון די דערגרייכטע סך־הכּלס. אַ קאַריקאַטור פון דורות־לאַנגע באַשטרעבונגען און באַמיונגען; רעזולטאַטן פון אַן אומנאַטירלעכער, קינסטלעכער אַסימילאַציע. אירע פרוכטן זענען געווען: אימפּאָטענץ, פאַרווילדונג פון מוחות, פון געפילן און זיטן, אויסגעשפּראָכענער מאַטעריאַליזם. אָפּגעריסן זיך פון אַן אַלטער קולטור און נישט דערגרייכט צו קיין נייער; איבערגעריסן מיט אַלטע טראַדיציעס און נישט געשאַפן זיך קיין נייע; נישט געקענט זיך איינלעבן אַפילו אין פרעמדע. דאָס זענען געווען די סך־הכּל׳ן, וועגן וועלכע די פּוילישע געזעלשאַפט האָט אין אָנפאַנג פאַרגעסן און שפּעטער זיך, נישט אויף קאַטאָוועס, שטאַרק דערשראָקן פאַר זיי.

**דריי עטאַפּן: ניעמצעוויטש — קראַשינסקי — גאַוואַלעוויטש.**

וואָס פאַר אַ תהום פון כסדרדיקער מאַטעריאַליזאַציע, אומ-ווערדיקייט.

דידאַזיקע מאַטעריאַליזאַציע, פאַרבונדן מיט פיל קולטור-לאָזיקייט און קאָמיזם, האָט געפונען אַ זייער רייכן אָפּקלאַנג אין דער פּוילישער ליטעראַטור אין די אַכציקער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, דער עיקר אין דער דראַמאַטורגיע.

גרויסן דערפאָלג האָבן געהאַט די קאָמעדיעס מיט יידישן זשאַנר פון ק אַ ז ש י מ י ע ר ז ש ז אַ ל ע ו ו ס ק י. און דאָס נישט אַזויפיל צוליב זייער קינסטלערישן ווערט, ווי פיל מער אַ דאַנק זייער אַקטועלקייט. האָבנדיק אַ פיינבאַר אויער, מיט דער האַנט אויפן דופק פון דער צייט—איז זאַלעווסקין געלונגען צו געבן דעם עולם דאָס אַקטועלע, דאָס ממשותדיקע צאַפּלדיקע לעבן.

אין דער קאָמעדיע „ז אָ ל ן ל ע ב ן א ו נ ז ע ר ע!" („גוראָן נאַשי") איז דער הויפּט-העלד דער ייד פּאָמפּער, אַ באַנקיר, פרעזעס פון גרויסע אַקציע-געזעלשאַפטן. ער מאַכט אָנ-שטעלן פון אַקציאָנערן-פאַרזאַמלונגען אין זיינע אונטערנעמונגען, פון באַשטימען דיווידענדן, לעולם באַשטימט ער אַליין דאָס אַלץ, ווי אויך די אייגענע טאַנטיעמען, ביי זיך אין קאַבינעט—אַלץ פאָרויס. די רעכטלעכע פּאָרמאַליטעטן זענען ביי אים בלויז אַן אָנשטעל כלפּי חוץ. די עפנטלעכע מיינונג פאַבריצירט ער מיט דער הילף פון זיינע אַגענטן, קלענערע באַנקירן און פּרעסע-מענטשלעך.

האָבנדיק געלט געווג, וויל ער אויך גרייכן נאָך כבוד, ער האָט דוקא חשק צו ווערן בורמיסטש פון שטאָט. צו אונטער-האַנדלונגען מיט די יידישע שיכטן וועגן זייערע שטימען שיקט ער זיין שאַלאַטן-שמש דעם קליינעם יידישן באַנקיר שווינדלמאַן; מיט די פּוילישע — טוט ער עס דורך אונטערגעקויפטער פּרעסע. אַזוי באַאַרבעט ער די וואַל-שטימונג.

דער ווייטער-עולם האָט אָבער מורא, אַז די שטאָט וועט זיך גאָר גיך פאַרוואַנדלען אין פּאָמפּערס אַ פאָלוואַרק, און ער פאַלט דורך. אַלס בורמיסטש גייט דורך זיינס אַ קעגנער.

שווינדלמאַן פאַלט אָבער נישט אַראָפּ ביי זיך. מיט אַן אָנגע־שטעלטן אָדער געמאַכטן ענטוזיאַזם, שרייט ער אויפן קול: „הויך אונזערע!" און אויף דער באַמערקונג, אַז זיינע זענען דאָך אַדורכגעפאַלן, ענטפערט ער בנעימות: „וואָס איז פאַר אַ נפקא־מינה ווער עס האָט געזיגט? ווער ס'איז אויפן פערד — דער איז אונזערער!" שווינדלמאַן איז באַרייט יעדן צו דינען.

אין דער קאָמעדיע „א ו נ ז ע ר ע א י י ד ע מ ס" („נאָשי זיענטשאָוויע") ווייזט זאַלעווסקי אַמביציעזע יידן־משומדים, וואָס ווילן נישט בלויז כבוד, נאָר אויך איינקויפן זיך אין יחוס.

אין זיין „דור הולך ודור בא" קלאָגט זיך א ב ר ה ם ג אָ ל ד פ א ד ן: „ווער שמועסט ווען דער ייד קריכט אַריין אין די מיליאָנען, דאַמאָלס שעמט ער זיך אַפילו אַ שידוך צו טון מיט זיין אייגענעם יידישן מיליאָנער פון זיין ראַסע. זיין גרעסטער שטאָלץ און גליק איז, ווען אים געלינגט אַ שידוך צו טון מיט זיין טאָכטער מיט אַן אָפּגעניצעוועטן, אַלטן, פּאַ־ראַליזירטן, רואינירטן פירשט אָדער פרינץ, וועלכער מוז זיך דערנידריקן צו נעמען ביים יידן דאָס גרויסע פאַרמעגן, וואָס די שיינע זשידאָווקע ברענגט אים, און לעבט — מיט אַנדערע..."

אַזעלכע זענען זאַלעווסקיס יידישע פּלוטאָקראַטן. זיי געבן זייערע טעכטער פאַר מענער דערגענעריטע אַריסטאָקראַטן, וואָס קענען זיך קוים שוין האַלטן אויף די פיס. דאָס פרייליין שטאָקפינדל למשל, באַקומט פאַר אַ מאַן דעם פירשט וויעלאָ־הראַדסקי, דאָס פרייליין עפּראָימאָוויטש — דעם גראַף יאַנוש, דאָס פרייליין לימבורג — דעם באַראָן פימבעל.ביידע צדדים אָבער, די טעכטערלעך און די איידימלעך, לעבן צו מן הצד: די פרויען טוישן זייערע געליבטע, ווי הענטשקעס און די מענער — זייערע קורטיזאַנקעס. די אַריסטאָקראַטישע אַלטע בחורים האָבן זיך פאַרקויפט צום יידישן געלט־זאַק כדי צו קענען האָבן אַ לייכט, לוסטיק לעבן, און אַז די קאַרגע, גבירי־שע שווערס ווילן אַפילו קיין געלט אויך נישט געבן, האַלט מען זיך אין איין קריגן. מיט איין וואָרט, אַ גאָר געהויבענע אינטעלעקטועלע און עטישע אַטמאָספער...

„אונזערע איידעמס" – איז אַ בייסנדיקע סאַטירע סיי אויף דער אונטערגעקומענער פוילישער אַריסטאָקראַטיע, סיי אויף דער יידישער אויפגעקומענער פלוטאָקראַטיע,ביידן קומט קיין כּבוד נישט צו.

געמישטע חתונות באַהאַנדלט אויך זאַלעווסקיס דריטע קאָמעדיע „ד אָ ס פּ אָ ר פ אָ ל ק אַ פּ פ ע ל" („מאַלזשענסטוואָ אַפּפעל").

אַפּפעל דער טאַטע ווערט רייך, שמדט זיך און מאַכט חתונה זיין זון פאַר אַ שליאַכעצקע טאָכטער. דאַדורך פאַר־וויקלט ער זיך טיילווייז אַזוי מיאוס אין זיינע געשעפטן, אַז ער ווערט בדלות און מוז באַנקראָטירן. דער זון געפינט אויך נישט קיין גרויס גליק ביי זיין פריצטע, וועלכע ליבט גאָר אַן אַנדערן; ער אָבער איז זייער אַן איידעלער און גרויסמוטיקער, פאַרגיט ער איר אַלע זינד. ער וויל אַפילו נישט פאָלגן דעם פאָטערס עצה נאָכן באַנקראָט, נישט צוצאָלן דעם אַלטנס חובות כאָטש דער כיטרער פאָטער טענהט מיט אים אַזוי איין:

„מיין פאָטער האָט נאָך געטראָגן אַ קאַפּאָטע און גע־האַנדלט מיט פעלעכלעך. איך, וואָס כ׳האָב ביז אַכצן יאָר גע־הייסן אברהם, ביז כ׳בין נישט געוואָרן אַנטאָני – בין אַדורכ־געגאַנגען אַלע זיבן גיהנמס, וואָס אַ ייד מוז דורכגיין ביז ער דערשלאָגט זיך צו געלט. דו ביזט שוין געבוירן געוואָרן אַ קריסט, האָסט באַקומען העכערע בילדונג – דאָך ביזטו אַן אַפּפעל, אַ זון פון אברהמען און אַן אייניקל פון אהרנען. גלויבסטו דען, אַז דו וועסט האָבן דעם קלענסטן באַדייט אָן געלט? כאַ! כאַ! כאַ! אַפּפעל און אָן געלט! זאָל עמעץ דאָס געבן הויך אַ זאָג צווישן דיינע געסט, דאָרט אין סאַלאָן און דו וועסט זען, ווי זיי וועלן זיך צעלויפן, דו וועסט זיי מער אין לעבן פאַר די אויגן נישט זען. עס וועלן דיך פאַרלאָזן דיינע דינער, באַקאַנטע... קיין פריינט האָבן מיר נישט, דעריבער רעד איך נישט וועגן זיי, נאָר אַפילו דיין אייגן ווייב וועט אַוועק פון דיר, ווייל איר פאַרבינדט מיט אונז נאָר דאָס געלט. צי דאַכט זיך דיר, אַז דו וועסט קענען געפינען באַשעפטיקונג

און פאַרדינסט אין דיין טעכנישן פאַך? זאָל זיך דיר אַפילו נישט חלומען!.. מיר קלאַמערן זיך אָן געלט, ווייל אויב אַן אַפּפעל וועט קיין געלט נישט האָבן, וועט מען אים הייסן שטיין הינטערן פּלויט. אַ ייד אָן געלט איז קיין מענטש נישט, דעריבער מוז מען האָבן געלט... אייגנטלעך איז מיר רעכט געשען! כ'האָב מיך צו שטאַרק געבלאָזן, געלעבט אין אַזאַ רחבות, איך, עלנטער ייד!"

אין זיין יידישקייט האָט אברהם-אַנטאָני אַפּפעל זיך דערמאָנט — נאָך זיין באַנקראָט.

נישט בעסער פון די יידישע העלדן, דעם אַלטן אַפּפעל, זיין שוועסטער אָלימפּיאַ, איר מאַן באָלעסלאַוו גרינבערוסט, פלאַנדינאַ סטענזשיצקאַ פון דערהיים שטאָקפינדל, — זענען אויך די קריסטלעכע.

דעם יינגן, ערנסט אַפּפעלס שוויגער, יוליאַ טשאַפּוטקעוויטש דינגט און קריגט זיך מיט אירע מחותנים:

„וואָס האָט איר געוואָלט פון אונז? — אונזער טאָכטער! וואָס האָבן מיר געוואָלט פון אייך? — פאַרמעגן! מיר האָבן דאָס אונזעריקע דערפילט, איר אָבער דערפילט נישט אייערע התחיבותן, ווארום איר באַנקראָטירט דאָך. ביי אַזאַ סיטואַציע מוז אונזער אָפּמאַך אַנולירט ווערן".

און זי קלערט גאַנץ ערנסט וועגן אַוועקנעמען ביים יינגן אַפּפעל זיין פרוי. אַן צנלעכער שליאַכצצקער פיין-גייסט ווי זי, איז איר מאַן און איר ברודער ראָליעוווסקי.

אין זאַלעווסקיס קאָמעדיע „ליכוויאַרסקע שדכנים" („ליכוויאַרסקע סוואַטי") זענען יידן שוין נעבן-פּערסאָנאַזשן. זיי טרעטן אויף אַלס וואוכערער, וואָס מאָנען זייערע חובות פון אַלטן פריץ גאָרזעמבסקי, וועלכער האָט פאַרהוליטאַיעט נישט בלויז זיין אייגן פאַרמעגן, נאָר אויך דעם ירושה-נדן פון זיין איינציקער טאָכטער.

אויך אין דער דאָזיקער קאָמעדיע שוינט נישט זאַלעווסקי זיינע קריסטלעכע העלדן און זיי האָבן נישט מיט וואָס שטאָלץ צו זיין קעגן יידן. אויב מ'זאָל דורכפירן אַ פּאַראַלעל צווישן

די ערגסטע חאוכערניקעס אַפילו — און דעם שליאַכטשיץ גאַ־רזעמבסקי וועט ער אויפּאַלן צום גונסטן פון די ערשטע. ווארום, וואָס ווילן אייגנטלעך די וואוכערער? פּאַרדינען. אַפילו אַ סך פאַרדינען, זיי באַנוצן זיך דערביי אָפט מיט נישט גאַנץ כשרע מיטלען. ווילן זיי לכל הפחות באַעולהן אַ פרעמדן, אַ באַיאָרטן מענטשן, וואָס קען און דאַרף זיך פאַרטיידיקן. גאָרזעמבסקי אָבער פאַרטוט דאָס פאַרמעגן פון זיין איינציקער מינדעריערי־קער טאָכטער, וועלכע פאַרשטייט זיך נישט אויף געשעפטן און קען זיך נישט פאַרטיידיקן. די יידישע מלווים ווילן אָפּנעמען זייערע חובות כדי צו פאַרזאָרגן זייערע קינדער; גאָרזעמבסקי אָבער טראַכט אפילו נישט בעת דער קאַטאַסטראָפע וועגן זיין קינד, נאָר וועגן דער סוברעטין טשאַפּיני.

קאַז. זאַלעווסקיס קאָמעדיע „א ו נ ז ע ר ע א יי ד ע מ ס״ האָט מיט איר קאָמיזם און שלאָגפאַרטיקייט געמאַכט אַן אויסער־געוויינלעכן איינדרוק. דער אויסדרוק „אונזערע איידעמס״ איז געוואָרן אין זיין צייט אַ שם־דבר. די פאַבולע האָט געפונען אַ סך נאָכפאָלגער און איינער פון זיי איז פ. ק וו אַ ש נ י ע וו ס ק י מיט זיין סצענישער קאַריקאַטור „ד ע ם א יי ד ע ם פ ו ן ד ע ר פ י ר מ ע פ יי נ ב ױ נ ד ע ט ק אָ מ פּ אַ נ י״ („זיענטש פירמי פיינבאַנד אי ספּ.״) איבערגעאַרבעט לויטן ראָמאַן פון יאַן מיע־ראָשעוויטש.

אויך דער אַלטער פיינבאַנד האָט דוקא געוואָלט איינ־האַנדלען יחוס און זיין טאָכטער צונויפגעפּאָרט מיטן גראַף פוקאָזשיץ. קיין גרויס גליק האָט זי נישט געטראָפן. וואָס פאַר אַן אוצר די משפחה פיינבאַנד האָט איינגעהאַנדלט, באַווייזט שוין כאָטש די גייסטיקע סטרוקטור פון יחוסדיקן העלד, וועלכער באַגנבעט גאַנץ פשוט זיין שווער אויס נקמה, ווען ער איבער־צייגט זיך, אַז ער האָט זיך אָפּגענאַרט אין זיינע חשבונות. אַ באַווייז פון זיין ריטערלעכקייט — איז אויך דאָס שלאָגן אַן אַלטע פרוי — פאַר דעם איינציקן חטא אירן, וואָס זי איז אַ „פאַרשיווע זשידוווקע״.

געמישטע חתונות און זייער קאָמיזם באַהאַנדלט מ י כ א ,
ו א ל אָ ו ו ס ק י ס קאָמעדיע „די בריטווע" („ברזיטוואַ").

דער יידישער באַנקיר בומס האָט חתונה געמאַכט איין טאָכטער מיט אַ באַראָן, אַ צווייטע מיט אַ גראַף, — ווייל ער פאַר דער דריטער שוין אַ פירשט. געפינט זיך טאַקע אַ בעלן אויף מאַלטשעס גרויסן נדן, עפּעס אַ שווינדלער, וואָס פאַר־שטעלט זיך פאַר אַ פירשט.

פון זיינע פאָרלעך איז דער אַלטער בומס אָבער נישט צופרידן, ווייל זיינע איידעמס זעגען אַזוי אָפּגעלעבט, אַז זיי קענען אַפילו קיין קינדער נישט האָבן. בומס האָפענונגען אויפן קרייצן זיך פון ראַסעס און זיין חלום צו האָבן אייניקלעך ראַסאָווע מיט אדליקע טיטולן—ווערן נישט מקויים. זיין הויז־דאָקטאָר סמאָלאַ דערקלערט אים די סיבות פון די נישט איינ־געגעבענע פרווון:

„די ביזאיצטיקע געמישטע חתונות האָבן נישט געקענט אַרויסגעבן מער ווי פאָקשיווע, ווייל זיי האָבן נישט באַזירט אויף קעגנזייטיקער ליבע, אויף אַכטונג, צו אַפילו פשוטער ער־לעכקייט, נאָר אויף נאַרישער, אומזיניקער פוסטקייט און פאַל־שער אַמביציע פון איין זייט און אויף האַנדל, גיריקייט און פאַרלאַנג צו מאַכן אַ לייכט לעבן פון דער צווייטער זייט. אַזאַ זאָמען קאָן קיין בלומען אָדער פרוכטן נישט אַרויסברענגען. — נישט די שיכטן שפּילן אַ ראָל ביים קרייצן זיך פון ראַסעס, נאָר יחידים. כּדי צו באַקומען אַ פרישע ראַסע, וואָלט דערי־בער גלייכער געווען, ווען מאַלטשע בומס זאָל זיך צונויפפּאָרן מיטן ערשטן בעסטן כאַם און דער פירשט מיט דער ערשטער בעסטער ציבל־יידישקע... אַבי זיי זאָלן זיין געזונט און זיך האָלט האָבן, דעמאָלט וועלן פון אַזעלכע פּאָרפעלקער געבוירן ווערן געזונטע מענטשן, נוצלעכע פאַר דער געזעלשאַפט."

משומדים זענען אויך די העלדן פון סט. ג ר ײ ב ו י ע ר ס און מ אַ ר י אַ ן פ ר אַ ז ש מ אָ ו ו ס ק י ס דראַמאַטישע בילדער „פריילײן ראָטהאָרן" („ראָטהאָרנוווּנאַ").

די פּאַבּולע וועגן געמישטע חתונות איז אַן ענלעכע צו

די שוין דערמאָנטע און דער מוסר השכל: אַז מ׳דאַרף נישט חתונה האָבן מחמת מאַטעריעלע נוצן, מיט אויסרעכנונג. אַלס ביישפּיל דינען די חתונה פון מאַריאַ ראָטהאָרן מיטן פירשט טאָמאַש וויעליאָסלאַווסקין און פון ד״ר העינריק ראָטהאָרן מיט העלענאַן סקאַלינסקאַ. דער ערשטער שידוך, אַ געשדכנטער, געהערט צו דער קאַטעגאָריע אומגליקלעכע און ענדיקט זיך מיט גט; דער צווייטער, אַלס רעזולטאַט פון ליבע, געהערט צו די דויערעוודיקע, גליקלעכע.

מאַריאַ ווען אסתר ראָטהאָרן איז אַ גענוג סימפּאַטישע, זי איז אַן אָפּנהאַרציקע, שטאָלצע, אַזוי ווי איר ברודער איז אַן אידעאַליסט. לכתחילה האָט מאַריאַ דערקלערט, אַז זי וועט בשום אופן נישט קויפן זיך קיין מאַן פאַר אירע מיליאָנען, ווי דאָס טון אַנדערע רייכע משומדת; זי שעמט זיך אַפילו נישט מיט איר יידישן אָפּשטאַם. ווען זי ווערט אָבער באַ-ליידיקט און אָפּגעשטויסן דורכן קינסטלער סקאַלסקי, טוט זי אים להכעיס און האָט חתונה מיטן פירשט, כדי דערנאָך צו קענען וואַרפן אים אין פנים אַריין די באַליידיקונג, אַז ער „האָט זיך פאַרקויפט פאַר געלט צו אַ יידישקע״.

דער מחבר איז שטרענגער געווען צו „אונזער איידעם״ און זיין משפחה ווי צו די יידישע פּערסאָנאַזשן. די אַלטע פירשטין וויעליאָסלאַווסקאַ איז איבערגעטריבן, צבועיש און חברט זיך מיטן אַלטן ראָטהאָרן, כדי דורך זיינע בערזע-ספּעקולאַציעס צו פאַרגרעסערן איר פאַרמעגן. פאַר איר ברודער קאַראָל, דעם מחותן און זיין זון טאָמאַש דעם איידעם, עקזיס-טירן בלויז קאָרטן, ווייַן און פרויען. דער „איידעם״ פאַר-שפּילט אין קאָרטן זיין ווייבס פאַרמעגן און דער „שווער״ האַלט זיך קורטיזאַנעס פאַר דער שנירס געלט. די דאָזיקע צוויי פאַרשוינען פאַרשטייען זיך גאָר נישט-קשה, און אַז דער זון באַקלאָגט זיך, אַז „די יידן און די יידישע סביבה זענען אים שוין נמאס געוואָרן״, טרייסט אים דער פאָטער: „וואָס ווילסטו האָבן. דאָס זענען דאָך גאַנץ גוטע יידעלעך. זיי דרייען זיך און דרייען, געלט גיבן זיי דאָך סוף-כל-סוף״. דרייט זיך

אַזוי דאָס רעדל, ווי לאַנג עס פּליסט געלט. אַז דער קוואַל לאָזט זיך אָבער אויס, באַווייזט זיך די גאַנצע ריטערלעכקייט פון „אונזער איידעם", ווען ער שעלט זיין פרוי מיטן נאָמען „זשידוויצאַ". דאָס איז מאַריאַס לוין פאַרן טראָגן דעם נאָמען פּירשטין.

אויפן שטאַנדפּונקט פון פּוילשטענדיקער אַסימילאַציע דורך געמישטע חתונות שטייט אויך דער באַנקיר גאָלדבלום אין אַלעקסאַנדער מאַנקאָווסקיס קאָמעדיע „דער טשודאַק" („דזיוואַק"). דורך געמישטע חתונות, אַלס פיזיאָלאָגישע נויטווענדיקייט, און דורך רעליגיעזן אינדיפערענטיזם וויל דער אַלטער באַנקיר ברענגען די ישועה.

ווייזט אָבער אויס, אַז אין פּוילן זענען געמישטע חתונות נאָר מעגלעך, ווען געלט פאַרבינדט די פּאָרפעלקער. פעלט אָבער געלט, ווערט שוין אַפילו אַ שידוך פון ליבע נישט צושטאַנדקומען, ווי דאָס געשעט אין דאַניעל זגלינסקיס קאָמעדיע „ביים געמיינזאַמען טיש" („אַ ווספּולנעגאָ סטאָלו").

דער יידישער דאָרפס-בחור פּיאָטרקאָווסקי דערפילט אין זיך אַ צייכן-טאַלאַנט, פאַרלאָזט ער זיינע קרובים, קומט אין שטאָט, וואו ער חלומט צו ווערן אַ באַרימטער מאָלער און כדי דאָס יידישקייט זאָל אים נישט זיין קיין מניעה אין דער שפּעטערדיקער גרויסער קאַריערע, וועלכע איז נאָך דערווייל אויף דער לבנה, איז ער זיך מקדים און שמדט זיך. לסוף ווערט ער קוים אַ לערער פון צייכנען, און אַז ער פאַרליבט זיך אין די שפּעטערע יאָרן אין אַן אָרים קריסטלעך מיידל, ווייזט אים איר משפחה די טיר. יאָמערט ער: „כ'האָב אַוועקגעוואָרפן יענע, וואָס האָבן מיך ליב געהאַט, די אָבער וועלכע כ'האָב ליב באַקומען האָבן מיך אָפּגעשטויסן, בין איך געבליבן אַ פאַרשטויסענער הונט". דעם אויסגאַנג פון זיין פאַרצווייפלונג געפינט ער אין זעלבסטמאָרד.

זיין טויט האָט אָבער אַ פּעולה אין דער קאָמעדיע, ווייל ער פאַרהיט אַן ענלעכע קאַטאַסטראָפע פון אַן אַנדער בחור, מאַריאַן אַלטמאַן, וואָס שטאַמט פון יידן. אויך אים וויל

די פוילישע געזעלשאַפט נישט אַריינצונעמען צו זיך, די הער-שאַפט פּאַוולאָווסקי ווילן אים נישט געבן זייער טאָכטער פאַר אַ ווייב. פּיאָטרקאָווסקיס טויט ווירקט אויף דער מחותנעסטע, אַז מאַריאַן באַקומט זיין דורצינעאַ, אָבער דערביי ווירקט נאָך שטאַרקער דער פאַקט, וואָס אַ פעטער פאַרשרייבט דעם חתן אַ האַלבן מיליאָן: פאַר אַזאַ גביר לוינט שוין אויסגעבן די טאָכטער.

מיט סקאַנדאַלן איז פאַרבונדן סטאַניסלאַוו דאָברזשאַנסקיס „גאָלדענע קאַלב" („זלאָטי טשעלעץ"). די יידישע נאַציאָנאַליסטישע יוגנט האָט אין דעם שטיק געזען אַ געמיינע אינסינואַציע אויף יידן, עס האָט באַליידיקט זייערע יידיש-נאַציאָנאַלע געפילן, און זיי האָבן געפּרוּווט אָראָפּצו-רייסן די פאָרשטעלונגען. אַלס פועל-יוצא זענען געוועזן אַרעסטן פון פיל יידישע סטודענטן, פון וועלכע מאַנכע זענען היינט-צו-טאָג די אָנפירער פון דער ציוניסטישער באַוועגונג אין פוילן.

זען אָבער אַ באַליידיקונג פאַרן גאַנצן יידישן פאָלק אין „גאָלדענעם קאַלב" – האָט נאָר געקענט די צעהיצטע נאַ-ציאָנאַליסטישע יוגנט-פאַנטאַזיע. לעולם איז די זאַך אַ פּרוּב פאָרצושטעלן דראַמאַטישע קאָליזיעס אין דער יידישער סביבה גופא, ווי דאָס האָבן געטון זאַפּאָלסקאַ אָדער אָרזשעשקאָ אין זייערע יידישע שאַפונגען. די קאָמעדיע דאַרף פאַרשטאַנען ווערן נישט אַלס פאַראַלגעמיינערונג, זי באַציט זיך צו אַ גע-וויסער צייט בלויז און גרופּע. און פּסולתן זענען פאַראַן או-מעטום, ביי אַלע פעלקער און אין אַלע צייטן.

דאָברזשאַנסקיס געשטאַלטן זענען העלדן פון דער צייט פון גרויסע האָסעס. פאַר זיי עקזיסטירט נישט קיין שום מאָראַל, קיין שום עטיק, זיי חוזק׳ן פון דער גאָרער וועלט, פון רעליגיעזע ווי פון מענטשלעכע געפילן און האָבן בלויז איין עבודה: דינען דעם גאָלדענעם קאַלב.

אַ נישט איינגעגעבענער פּרוּב צו שילדערן, לויט זאַ-פּאָלסקאַס שטייגער, דעם אינערלעכן קולטורעלן קאַמף צווישן יידן איז י. שלענדערס פּיעסע „דוד רובין". בכלל איז אין

משך פון די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן פון פאָריקן יאָר־הונדערט די יידישע פיגור כמעט נישט אַראָפּ פון דער פּוילישער בינע. דער לעכערלעכער ייד מיט זיינע קאָמישע העויות, שלעכטן פּויליש־רעדן איז געוואָרן אַן אומבאַדינגטער טייל פון די פּיעסעס, ער האָט געדינט צו מאַכן לאַכן דעם עולם, ווי עס געשעט נאָך היינט טיילווייז אין די מיניאַטור־טעאַטערן.

בלויז אין יאָר 1897 האָט מען, למשל, געשפּילט אין וואַרשע פאָלגנדיקע פּיעסעס מיט יידישע געשטאַלטן: „די רייזע איבער וואַרשע" („פּאָדרוזש פּאָ וואַרשאַוויע"), „מאַרשאַלקאָווסקע גאַס" („אוליצאַ מאַרשאַלקאָווסקאַ"), „פאַר די זינד פון די פאָטערס" („זאַ גרזשעכי איצוווו"), „דער פּרינץ פון פאָלק" („פּרזשיאַטשעל לודו"), „די נייע רייזע איבער וואַרשע" („נאָוואַ פּאָדרוזש פּאָ וואַרשאַוויע"), „יוזשאָ גרויסעשיק", „שולערס" א. אַ.

די משומדים־פּלוטאָקראַטן־עפּאָפּיי האָט אויך געפינען אַ שטאַרקע אָפּשפּיגלונג אין דער פּוילישער פּראָזע.

דעם געטרייעסטן, קינסטלעריש ממש קלאַסישן אויסדרוק האָט די דאָזיקע ספּערע געפינען אין מאַריאַן גאַוואַ־לעוויטשס גרויסן ראָמאַן „משומדים" („מעכעסי"), אין וועלכן ער באַשרייבט די טאַטן פון די פאַמיליעס: זאַנדשטיין, פיינגוס, סאַמעט א. אַ.

די משפּחה זאַנדשטיין האָט זיך געשמדט מיט האַק און פּאַק, קליין און גרויס און רייסט זיך מיט אַלע כּחות אין דער גוישער וועלט אַריין, אַפילו אין די גאָר הויך־אַריסטאָקראַטישע פענסטער, כּדי צו קענען מאַכן וואָס גרעסערע געשעפטן. זייער שוועל טאָר נישט איבערטרעטן קיין פוס פון אַ ייד, אַפילו פון אַ נאָענטסטן קרוב. זיי טראַכטן רק ווי אויסצומיידן אַ קרובהשע חתונה און לויה, כּדי חלילה נישט צו פאַרראַטן זייער יידישן אָפּשטאַם, כאָטש יעדער זעט אים אין זייערע נעז און אויגן. דערפאַר אָבער בוקן זיי זיך הכנעהדיק פאַר יעדן פּאָליאַק, מעג ער זיין וואָס פאַר אַ פּועל־בטל, אַפילו אַ שיכּור.

פיינגוס שמדט זיך בשתיקה כדי צו באַקומען אַ קאָנ־צעסיע אויף אַ קוילן־גרוב. זיין זון דער תכשיט טעראָריזירט די אַלטע באָבע, אַז ער וועט זיך תיכף אָפּשמדן אויב זי וועט אים קיין געלט נישט געבן. די טעכטער פיינגוסעס וואַרטן מיט זייער אָפּשמדן, ווען עס וועט זיך אַמבעסטן לוינען.

סאַמעט ווידער, שמדט זיך דערפאַר, וואָס זיין קאָנקו־רענט האָט עס געטון, — ער האָט מורא, אַז דערין מוז זיין עפּעס פאַרדעכטיקעס, עפּעס אַ שטיקל. אויב עס לוינט זיך צו שמדן פאַר יענעם, דאַרף עס זיך אויך פאַר אים לוינען. היינט וואָס פאַר אַ תהום פוסטקייט, נישטיקייט און דעמאָראַליזאַציע עס איז פאַראַן צווישן גאַוואַלעוויטשס יידישקעס. עס זענען „אַלץ געשמאַקע, רייפע, זאַפטיקע פרוכטן, אָבער נישט קיין בלומען... נישט קיין בלומען!” לאָזן טאַקע די דאָזיקע פּירות געניסן פון זיך און זיי גופא געניסן פון אַלע תענוגים אין עולם הזה, פאַרשמוצן זייער לייב און נשמה, טראָגנדיק אויבנ־אויפיקע עלעגאַנץ און דיסטינקציע, וועלכע האַרמאָנירן נישט מיט זייער שרייעוודיק און געפּאַלן ווען. וואָס פאַר אַ קאָנ־טראַסט צו ניעמצעוויטשס שרה און רחל, זדזיערכאָווסקיס פּערל, וויספּיאַנסקיס ראַכעל אָדער מיטשינסקיס אימאַגעניע. און ווי נאָענט זענען גאַלוואַלעוויטשס טיפּן צו אַ סך היינטיקע, דורכ־שניטלעכע יידישקעס, וואָס שעמען זיך מיט זייער אָפּשטאַם, מיטן יידישן וואָרט און בוך, און גלויבן מיט זייער זינלאָזן נאָכמאַכן עמעצן — אָנצוגעהערן צו אַ פרעמדער קולטור, קענען אַריינדרינגען אין דער פרעמדער וועלט.

אַלע ענינים פון גאַוואַלעוויטשס משומדים־סביבה, אַפילו די סאַמע דעליקאַטסטע און אינטימסטע, ווערן ביי די דאָרטיקע מענער און פרויען באַהאַנדלט פון ריין־פינאַנסיעלן שטאַנדפּונקט, מעגן דערביי אַפילו די נאָענטסטע פערזאָנען פיזיש און מאָ־ראַליש אומקומען.

גאַוואַלעוויטש איז אָבער גענוג אָביעקטיוו און ווייזט, אַז אין זייערע מאַטעריאַליסטישע באַשטרעבונגען שטייען די „מעכעסן” נישט איינזאַם, נאָר טרעפן זיך צונויף איז זייערע

געשעפטלעכע אימפּרעזיעס מיט דער העכסטער פּוילישער אַרי־סטאָקראַטיע, — ווי די משפּחה פון די גראַפן זאַביעלאָווסקיס. אויך יענע זענען באַרייט פאַר געלט צו טון אַלץ, אויך זאַכן וואָס זענען לויט זייערע קלאַסן־השגות ווייט אונטער זייער כּבוד. דער יחוסדיקער לאַניעצקי פאַרקנסט זיין פלימעניצע, וועמעס ירושה און נדן ער האָט פאַרטון, מיט די אויפגעקו־מענע יידישע נגידים, אַפילו קעגן איר ווילן. און דער אַלטער זיידע אירער, דער גראַף סטווערין זאַביעלאָווסקי גיט זיין הסכּמה דערצו, אַבי נישט צו ברויכן צו געבן איר קיין נדן.

נישט פאַראַן אַפילו אַזויפיל אויפגעבלאָזענע ערע, ווי ביי באַלוצקיס שליאַכטשיק־אַקטיאָר וואָס פאַרשטויסט פון זיך זיין געליבטע, רעגינען, געוואָר ווערנדיק אַז זי איז אַ יידישקע. געלט כּשרט איצטער שוין אַלץ. דער אַלטער גראַף, וואָס ווייזט אַרויס פאַר דער אויסערער וועלט אַזויפיל שטאָלץ, ווערט מיט זאנדשטיינען אַ גאַנצער ידיד, ווען ער דערפילט נאָר, אַז ער קען זיינע קאַפּיטאַלן לאָקירן אין זאנדשטיינס גוטע געשעפטן, אַפילו אין אַ לאָמבאַרד־אונטערנעמונג, אויב עס גיט נאָר גאָר הויכע וואוכערישע פּראָצענטן ריוח. פאַר דער אויסנוועלט איז מען קעגן ייד קאָנווענציאָנעל פיינטלעך, אין געהיים קען מען אָבער מיט יידן און משומדים גוטע געשעפטן מאַכן. אַזוי ווערט פאַרווירקלעכט דער קאַפּיטאַליסטישער אינ־טערנאַציאָנאַל.

אויסגעשפּיגן פון יידנטום און נישט פאַרדוילעך פאַרן פּוילנטום זענען אויך עוּגעניע זשמיעווסקאַס משומדים, די שוועסטער און ברידער ראָטבלאַטס אין אירע „יינגע״ („מלאָדזשי״). מערי ראָטבלאַט ווערט אויסגעלאַכט פון אירע פּוילישע חברים און חברטעס פאַר אירע יוגנטלעכע געדיכטן, און איר ברודער וואַצעק, אַז ער ווערט באַפאַלן דורך זיינע שול־קאָלעגן, פאַרטיידיקט ער זיך נישט מיט די פויסטן, נאָר הויבט אָן מעשה פּחדן צו ציטערן און רעדט מיט אַן אַפּאָס־טאָלישן טאָן וועגן די קריוודעס וואָס מ׳טוט אים דעם משומד, אַ געטרייען פּאָליאַק. מיט אַ פאַרוויינטן נעבעך־קול איז ער

זיך מתודה: „כ'בין שוין אַ קריסט, כ'וויל זיין אַ פּאָליאַק, ביזן טויט אָבער וועל איך בלייבן אַ ייד.״

ענלעך צו גאַוואַלעוויטשן האָט די יידישע פינאַנסעָיייע באַשריבן דער גראַף לאָש.

זיין ראָמאַן „די איידעמס פון דער פירמע קאָן עט קאָמפּ.״ („זשיענטשאָוויע פירמי קאָן אי ספּולקאַ״) איז אַ געשיכטע וועגן אַ יידן, קאָן, וואָס איז געוואָרן אַ מיליאָנער, באַזיצט שוין אַן אייגענעם פּאַלאַץ, שמדט זיך און הויבט אָן צו טראַכטן, ווי אַריינצובאַקומען זיך אין דער נאָ־בעלער געזעלשאַפט. טרעפט אַ צופאַל, אַז קיין וואַרשע קומט אַ שליאַכטשיץ לענסקי זוכן זיך אַ כלה, באַקענט זיך אין גאַס מיט קאָנס עלטסטער טאָכטער, פאַרליבט זיך אין איר און האָט חתונה. קאָן איז אויפן זיבעטן הימל—נישט אַזויפיל מיטן גליק פון זיין טאָכטער, ווי מיט דער האָפנונג, אַז דורך זיין איידעם וועט ער זיך אַריינבאַקומען אין די סאַלאָנען פון דער העכערער געזעלשאַפט, וועגן וואָס ער טרוימט שוין אַזוי לאַנג. הויבט זיך דער איידעם גאָר אויף, נעמט זיין ווייבל און פאָרט אָפּ באַלעבאַטעווען צו זיך אויפן גוט.

באַשליסט קאָן, זיין יינגסטע טאָכטער שוין נישט אויס־געבן פאַר אַ פשוטן פריץ עפּעס, וואָס האָט קיין אַמביציעס נישט, קיין העכערע סאַלאָן-אַספּיראַציעס, וואָס פאַרגראָבט זיך אויפן דאָרף, נאָר פאַר אַ הער פון הערן. ער און זיין טאָכ־טער האָבן זיך אָנגעמערקט פאַר אַן „איידעם״ דוקא דעם גראַף קאָראָנסקי, דעם אָנפירער פון דער וואַרשעווער גאָלדענער יוגנט. איז קאָראָנסקי אָבער אַן אַנטיסעמיט און אַזוי לאַנג ווי ער קען באַקומען געבאָרגט ביי וווכערער, וויל ער נישט הערן וועגן אַ שידוך מיט אַ משומדת. ערשט אַז די נויט קוועטשט אים צו צו דער וואַנט, וואַרפט ער אַוועק זיין אַנטיפּאַטיע צו יידן און דעצידירט זיך חתונה האָבן מיטן יידישן געלד-זאַק.

קאָן טריומפירט זעלבסטפאַרשטענדלעך. ענדלעך האָט קאָ־ראָנסקי געעפנט פאַר אים דעם צוטריט צו אַלע סאַלאָנען. דאָס פאַרדולט אים אָבער אַזוי שטאַרק דעם קאָפּ, אַז ער הויבט אָן

מאַכן אַ נאַרישקייט נאָך אַ נאַרישקייט, ביז ער פאַרלירט זיין גאָרע פאַרמעגן, מוז באַנקראָטירן און אָנקומען צו יענעם. און דאַמאָלס, אַז עס גייט מיטן אַלטן קאָן באַרג אַראָפּ, וויל „אונזער איידעם", דער ריטערלעכער גראַף, נישט פיל וויסן פון זיין יידישן שווער און זיין יידיש ווייב.

אַזוי ענדיקט זיך די נאַרישע שטרעבעריי, פוסטקייט און באַרימעריי פון יידישן געלט־זאַק, וואָס האָט געצוואָלט געפינען גליק דורך אומנאַטירלעכער אַסימילאַציע, און געריכנט דורך הכנעה, קריכערישקייט צו ווערן מיט גוואַלט גלייך צו אַנדערע.

אין זיין ראָמאַן „מאַדאַם אַפּעלשטיין" באַהאַנדלט לאַש ווייטער די געמישטע חתונות צווישן יידן און דער פוילישער אַריסטאָקראַטיע, אַ ווערטל וואָס ער האָט פּערזענלעך זייער גוט געקענט. ער שוינט נישט ביידע צדדים, ווייל ביידע זענען עס ווערט.

נישט קיין קליינע מאָס הכנעה און קריכערישקייט באַזיצט דער באַנקיר פּאָגל פון ס ט ע פ אַ ן ק ר ז ש י וואָ ש ע ו ס ק י ס ראָמאַן „בין השמשות" („זמיערזשך"). זיין טאָכטער האָט ער חתונה געמאַכט פאַר אַ קריסט מיט אַ גאָר היפּשן נדן. זיין גוטע טאָכטער וויל זיך אָבער נישט לאָזן קאָמפּראָמיטירן פאַר אירע געסט מיט איר פאָטערס אַקצענט און דערפאַר טאָר ער ביים טיש גאָרנישט רעדן און נאָכן טיש שטופּט זי אים שטענדיק אַריין אין שלאָפשטוב. פּאָגל נעמט עס אָן באהבה: אַזוי קומט אים מן־תּסתּם צו באַהאַנדלען. זיין טאָכטער און איידעם זענען דאָך עפּעס אַריסטאָקראַטן און וואָס טוט מען נישט פאַר קינדערס גליק.

פיר צענדליק יאָרן טיילן קוים אָפּ קראַשעווסקיס „די וועלט און דער דיכטער" („שוויאַט אי פּאָעטאַ") פון צ ע צ י ל י ע וואַ ל ע ווס ק אַ ס „אַווטאָר" („אַוטאָר"), וואָס פאַר אַ גייסטיקער תּהום ליגט אָבער צווישן די צוויי יידישקעס אין די דאָזיקע ראָמאַנען.

קראַשעווסקיס שרה געהערט צו די שענסטע געשטאַלטן זיינע. מיט שטראַלנדיקער צערטלעכקייט פאַרזיסט זי די שווערע

כמורנע עקזיסטענץ פונם פּאָעט סטאַניסלאַוו שאַרסקי, מיט רירנ־דיקער זאָרגעוודיקייט רוקט זי אָפּ אָן אַ זייט אַלע מאַטעריעלע זאָרגן פון זיין וועג, כדי זיי זאָלן אים נישט זיין קיין מניעה ביי זיין שאַפן. מיט צערטלעכקייט שענקט זי אים געפילן, פול הייסער ליבע. און ווי נישט ענלעך צו איר איז וואַלעווסקאַס באַנקירשע אסתר גאָלדרינג, יענע קאָקאָטע פון דער משומדים־פלוטאָקראַטישער וועלט, וואָס גייסטיק פאַרקריפּלט, אינטעלעקטועל פּוסט, אָן שום באַשעפטיקונג, אָן אַ חוש פאַר געזעלשאַפטלע־כער אָדער אַפילו פילאַנטראָפּישע טעטיקייט, איבערנעמען זיי זיך מיט קרענקלעכע אַמביציעס צו האָבן ביי זיך אין שטוב אַ ליטעראַרישן סאַלאָן, זיין אַפּטרופּסים איבער יינגע קינסטלער, שפּילן די ראָל פון מעצענאַטן און בעת־מעשה זיי אויסנוצן, כדי דערנאָך אַוועקצוואַרפן ווי אויסגעקוועטשטע לימענעס.

מיטן כישוף פון אירע הייסע קושן און שאָפּענשער מו־זיק פאַרשיכורט אסתר גאָלדרינג דעם שריפטשטעלער קאַזשי־מיערזש ביעלסקי, באַוועגט אים אָנצושרייבן אַ באַנד נאָוועלן „מעלאָדיעס", צווינגט אים ממש דעם באַנד איר צו ווידמען, און אַז ער האָט זיך איר שוין צוגעגעסן, טרייבט זי אים פון זיך אַ צעבראָכענעם פיזיש און מאָראַליש, אָן רחמנות אָן חרטה.

ענלעך ווי אַ טראָפּן וואַסער צו אסתר גאָלדרינג איז וואַלעווסקאַס יידישע העלדין פון איר צווייטן ראָמאַן „ווי אַן אַראָפּגעפאַלן בלאַט" („יאַק סטראָנצאָני לישטש")

די אַסימילאַציע איז, ווי מיר האָבן געזען, געווען אַ קללה פאַר ביידע צדדים. זי איז געווען בלויז אַ מיטל פאַר דער יידישער בורזשואַזיע זיך צו באַרייכערן און דערפאַר שקלאַפיש זיך באַמיט נאָכטון דעם שטאַרקערן, אַזוי אַז מ'קען אַפילו דערביי נישט אָנווענדן דעם באַגריף „פּראָבלעם".

די יידיש־פּוילישע באַציונגען אין יענע ספערן האָבן אָבער געהאַט אַ טאָפּלטקייט, ווי דהינו, אַ געשעפטלעכע סאָלידאַריטעט פון די יידישע גאַנצע און ערב־משומדים מיט דער פּוילישער אַריסטאָקראַטיע, פון יידישן און פּוילישן קאַפּיטאַל כלפּי פנים, כלפי חוץ אָבער, כדי צו פאַרטושן די מחות פון המון גענומען

שאַפן רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען, אַרויסרופן העצעס, אויף אָנצופירן מיט וועלכע עס האָבן זיך שוין געפינען באַצאָלטע בעלנים, פאַרקויפטע נשמות.

זעט מען טאַקע, ווי מיט דער וואָס שטאַרקערער אינדוסטריעלער אַנטוויקלונג אין פוילן אין די לעצטע צוויי צענדליק יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט, וואַקסט אַן אָרגאַניזירטע אַנטיסעמיטישע באַוועגונג, וועלכע האָט דאָס, ווי שוין דערמאָנט, באַוואויגן אָרזשעשקאָן אָנצושרייבן אירע „רינגען" און אַרויסצוגעבן „גדליהן" אין אַ פאָלקס־אויסגאַבע.

עס זענען אַנטשטאַנען ספּעציעלע אַנטיסעמיטישע פּרעסעאָרגאַנען, ווי „ראָליאַ", „דזיענניק דליאַ וושיסטקיך" א. א., מיט אַ היפשן טיראַזש. די דאָזיקע פּרעסע איז אונטערשטיצט געוואָרן דורכן צאַריזם, זי איז געשטעלט געוואָרן דורך אים אַלס מוסטער פאַר דער איבריקער פּוילישער פּרעסע. די רוסישע צענזור האָט ממש פאַרבאָטן צו שרייבן גוטעס וועגן יידן, זי האָט פאַרפאָלגט די פּראָגרעסיווע זשורנאַלן, ווי „פּראַוודאַ", „פּזשעגלאָנד טיגאָדניאָווי", וואָס זענען געווען קעגן אַנטיסעמיטיזם. ממילא האָט זיך אַ היפשע צאָל פּוילישע פּרעסע־אָרגאַנען אָנגעהויבן צו צופּאַסן, אָנגעהויבן טאַקע ספּעקולירן אויף אַן אַנטיסעמיטישן קורס, וואָרום זיי האָבן דאָך געזען דעם דערפאָלג פון יעלענסקיס „ראָליאַ", און איבערגעדרוקט יידן־העצערישע אַרטיקלען פון די שוואַרץ־מאהדיקע רוסישע „נאָוואָיע ווּרעמיאַ", „דניעוניק וואַרשאַווסקי" א. א.

די אָנפירער פון דער דאָזיקער באַוועגונג זענען געווען יעלענסקי און דער מכלומרשטער „יידן־קענער" יעסקע־כאָינסקי, ביידע פאַרבלענדעטע אַנטיסעמיטן, ביי וועלכע דער האַס צו יידן האָט ממש דעם שכל צוגענומען. יעסקע־כאָינסקי האָט אָנגעשריבן צענדליקער אַרבעטן וועגן יידן און געוואָרן אַן אַנטיסעמיטישער גדול. ער האָט אויך געפינען אַ היפש ביסל תלמידים וואָס זענען געגאַנגען אין זיינע דרכים, ווי א. קאַזשימיערזש לאַסקאָווסקי, יאַנוש פּעלקאַ א. א. דער אומזיניקער אַנטיסעמיטיזם איז פאַר יעסקע־כאָינסקי געוואָרן

אַ מין פּראָפּעסיע, פון וועלכער ער האָט לאַנגע יאָרן געצויגן חיונה און לסוף דאָך געשטאָרבן פון הונגער, ווייל זיינע פלומרשטע פריינט האָבן אים נישט געוואָלט אונטערשטיצן אויף דער עלטער, ווען זיין אַנטיסעמיטישע פּראָדוקציע איז נישט געווען מער קיין גאַנגבאַר אַרטיקל אויפן יידנפרעסערישן מאַרק.

## 10

# יינג-פוילן.

שילדערונגען פון יידישע טיפּן און יידישן לעבנס-שטייגער אין דער פוילישער ליטעראַטור פעלן אויך נישט אין דער צייט פון „יינג-פוילן”, אין יענער ליטעראַרישער עפּאָכע, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט אַזעלכע טאַלאַנטן, ווי אַ וויספּיאַנסקי, פּרזשיבישעווסקי, זשעראָמסקי, ריימאָנט און מיטשינסקי,—כאָטש מ׳געפינט נישט מער ביי די מחברים פון דאָזיקן פּעריאָד גאַנצע שאַפונגען וועגן יידישן לעבן ווי אין די אַמאָליקע צייטן, בעתן פּאָזיטיוויזם און נאַטוראַליזם. יידישע טיפּן זענען לרוב אין די פוילישע שאַפונגען, זייט „יינג-פוילן”—נעבן-געשטאַלטן, אויפגעכאַפּט בלויז אַדורכגייענדיק, און ס׳איז דעריבער שווערער אַרויסצובאַקומען דעם מחברס כונה, ווי דאָס איז געווען דער פאַל ביי אָרזשעשקאָ און אירע חברים.

לויט דער צייט איז אַמנאָענטסטן צו די פריערדיקע ליטעראַרישע ריכטונגען װלאַד. סטאַנ. ריימאָנט. ביי זיין גאַנצער קינסטלערישער געניאַלקייט און געוואַלטיקער באַאָבאַכטונגס-פעיקייט—איז ער דאָך אין זיינע יידן-שילדערונגען נישט געבליבן אָביעקטיוו.

אין זיין „צוגעזאָגטער ערד” („זיעמיאַ אָביעצאַנאַ”) וויל ער אַנטקעגנשטעלן דער פוילישער ראָמאַנטישקייט—די דייטשע ניכטערקייט און יידישע איבערגעשפּיצטקייט. האָט ער אָבער

צופיל אידעאַליזירט איין צד און צו שטאַרק שאַרזשירט דעם צווייטן: דאָס פוילישקייט איז צו העל געמאָלן, בעת די אַנדערע צו טונקל. מ׳קאָן מסכים זיין מיטן מחבר, אַז די פאַרשיידענע מאָריצס און בערנאַרדס, קאָנס און גימפּלס, סאַלטשעס און מאַלווינעס — באַקאַנטע וואַרשעווער און לאָדזשער טיפּן, וועלכע עס האָבן שוין פאַר אים געשילדערט קראַשעווסקי אָדער גאַוואַלעוויטש,–זענען נישט זייער סימפּאַטיש און קיינער וועט זיי נישט וועלן פאַרטיידיקן. אָבער ריימאָנט, דער מאָלער פון אַרבעטס-מענטש, האָט לגמרי פאַרשוויגן דעם אַרבעטנדיקן יידישן באַלוט, אַלס טייל פון פּראָדוקטיוון פוילישן מאַנטשעסטער; ער דערמאָנט נישט די יידישע נויט אין לאָדזש, וועלכע ער האָט אומבאַדינקט געמוזט קענען.

און ווען ער האָט זיך פון שטאָטישן לעבן אָפּגעקערט צום דאָרף און אָנגעשריבן די גרויסע פּויערים-עפּאָפּייע, דאָס גאָבל-פּרעמירטע ווערק „פּויערים״, האָט ער זיך אויך נישט געקענט באַפרייען פון אַנטיסעמיטישן פּסיכאָז און קלעריקאַלן בליק און זיין ייד דאָרט נישט באַשאָנקען מיט קיין מענטשלעכער צורה. דאָס איז דער שענקער יאַנקל, אַ געלער ייד, פאַרקערפּערטע רשעות, דער פאַרשאָלטענער מקטרג פון דאָרף, וואָס רעדט אָן די פּויערים צו אַלדאָס בייז.

כמעט הונדערט יאָר טיילן אָפּ ריימאָנטס שענקער פון מיצקעוויטשעס יאַנקל, — וואָס פאַר אַ קאָנטראַסט אָבער צווישן די ביידע יאַנקלס: טאָג און נאַכט, שלעכטס און גוטס. באמת אָבער איז ריימאָנטס יאַנקל נישט רעאַל, נישט פון לעבן גענומען, ווייל ער איז שוין נישט פאַראַן, און אַ פשוטא שוין פאַלש געשילדערט. וואָרום איגנאַצי קראַשיצקיס פאַרשלאַגן פון „פּאַן פּאָדסטאָלי״ צו פאַריאָגן יידן פון די קרעטשמעס און זיי באַזעצן אויף ערד — זענען בלויז אין ערשטן טייל, בנוגע רודפן יידן, מקוים געוואָרן; אין דאָרף אַלס קרעטשמער איז פון יידן אין קאָנגרעס-פּוילן קיין שפּור נישט געבליבן, צו לאַנדווירטשאַפט אָבער האָט מען זיי נישט צוגעלאָזן און מ׳לאָזט נישט. ריימאָנטס יידישער שענקער אין פּוילישן דאָרף

די צווייטע העלפט XIX יאָרהונדערט – איז דעריבער אַן אויסגעקלערטע פיגור, אַן אַנאַכראָניזם.

פיל גרעסערע פאַרשטענדניש פאַר יידישע נויטן האָט געהאַט פוילנס גרעסטער פּראָזע-קינסטלער, סטעפאַן זשעראָמסקי.

שוין אין איינעם פון זיינע פריעסטע ווערק, „אַנדרזיי ראַדעק", האָט זשעראָמסקי געוויזן אַלס קאָנטראַסט צום פויער שטשוביאָל, וואָס פאַרנעמט זיך מיט ליכווע, דעם יידישן קאָלאָניסט לייב קאָניעצפּאָלסקי, וועמעס פאַרמעגן עס באַשטייט פון אַן אָרימער כאַטע מיט איין שטוב, אַ סטאָדאָלע, צוויי ציגן און אַ כאָפּטע קינדערלעך. לייב קאָניעצפּאַלסקי אַ דאַרער, אַ הינקענדיקער, באַאַרבעט אַליין זיין געירשנט שטיקל ערד, באַקומט קוים געבאָרגט אַ פערד צום אַקערן, מוז איינשפּאַנען זיך אָדער זיין ווייב צום בראָניען. דער יידישער קאָלאָניסט און זיין פאַמיליע, נישט געקוקט אויף זייער שווערער פּראַצע, הונגערן און זיי וואָלטן אונטערגעגאַנגען, ווען לייב זאָל נישט צופאַרדינען דורך אַנדערע אופנים, דורך זייטיקע באַשעפטיקונגען.

קודם כל איז ער אַ שטיקל בעל-מלאכה: ער אַרבעט אויס טרעפּעס פון אַלט לעדער מיט הילצערנע פּאָדעשוועס. ווינטער גייט ער פון שטוב צו שטוב, קויפט אָדער בעטלט אויס אַלטע שוכוואַרג, פון וועלכע ער אַרבעט אויס זיינע טרעפּעס. בשתיקה האַקט ער אויס אַן אָסיקע אין וואַלד, צעשניידט זי אויף שטיקלעך און שלעפּט זי אַהיים אויף אַ וועגעלע, אין וועלכן ער שפּאַנט זיך איין צוזאַמען מיטן ווייב. אַזוי אַרבעט ער אויס ווינטער-צייט זיינע האָלץ-פּאַנטאָפל און פאַרקויפט זיי אין פרילינג צו די פויערים. דערפון לעבט ער אין די חדשים אַפּריל און מאַי. אין די פאַרשניט-חדשים ווידער, יוני און יולי, ווען עס פעלט אויס תבואה אין דאָרף, נעמט לייב אויף קרעדיט אין שטעטל לעבלעך ברויט און פאַרקויפט זיי אין דאָרף מיט אַ גראָשן פאַרדינסט אויפן פונט. די ערגסטע זענען פאַר לייבן די חדשים אויגוסט און סעפּטעמבער, ווען די אָרימע דאָרפישע באַפעלקערונג גייט אַוועק אויף שניט

אַרבעט אין דער פרעמד און לייב, אַ צו שוואַכער צו גיין אַרבעטן אַלס זוין-אַרבעטער, בלייבט פאַרייניזאַמט אין דאָרף, אויסגייענדיק פון נויט. לוסטיק גייען און קומען די דאָרפישע איינוואוינער צו און פון דער אַרבעט, בלויז דער פאַרחלשטער לייב דרייט זיך אַרום אַ פאַרוויינטער צווישן די צייטיקווערנ־דיקע ביימן קאָרן און וואַרט אויף די נייע קערנער, כּדי צו קענען זיך זאַט אָנעסן.

אין זשעראָמסקיס „געטרייען טייך" („וויערנאַ רזשעקאַ") איז פאַר די פאָווסטאַנצעס אַ געטרייע העלפערין די קליינע, שטילע רבקה, די טאָכטער פון הויף-קרעטשמער. זי וואוינט אין קרעטשמע ביים ברייטן שליאַך, וואו די וועגן קרייצן זיך און יעדע באַוועגונג פון פרעמדן מיליטער איז זי מודיע די פוילישע אויפשטענדיקע. רבקה איז איינע פון יענע שטילע פאָווסטאַניע-העלדן, וועגן וועלכע ס'איז שוין דערמאָנט געוואָרן.

זשעראָמסקי האָט אין אַלגעמיין אַ פּאָזיטיווע באַציונג צו יידן — אַלס שריפטשטעלער מיט אַ שטאַרקן געזעלשאַפטלעכן חוש, מיט ראַדיקאַלע אָנשויאונגען און עמפּפינדלעכן טעמפּע־ראַמענט. דאָך זענען זשעראָמסקיס איינצלנע יידישע טיפּן, אויב עס האַנדלט זיך וועגן זייער אינדיווידואַליטעט, נישט זייער סימפּאַטיש. בעת מ'איז געוואוינט צו זעען אַ יידישן קאָלאָניסט אַ ברייט-פּלייציקן, זון-פאַרברענטן — קומט לייב קאָ־ניעצפּאָלער אַרויס ענלעך צו אַ פאַרקרומטער ווערבע, מיט באָרד און פאות ווי פון מאָך. רבקהלע פון „וויערנאַ רזשעקאַ", וואָס באַווייזט וואונדער פון אָפּפערווויליקייט און מוט, קומט אויך אַרויס פּיזיש ווי אַ מאָנסטרום, מיט קאָלטונעס, שמוציק, וואָס האָט זיך שוין פיר יאָר נישט געוואַשן. נישט איבעריק סימפּאַטיש זענען: דער יידישער הויז-ווירט אין דער „געשיכטע פון זינד" („דזעיע גרזעכו"), דער יידישער דאָקטאָר כמיעלניצקי אין „מענטשן אָן היים" („לודזיע בעזדאָמני"), מיט זייער אויסגעשפּראָכענער עגאָאיסטישקייט; אַ היפּש ביסל חסרונות האָט אויך הערש פּיפּעלעס פון „גאַוראַצאַניע יודאַשאַ",

ווענמעס געוויסן עס וועקט זיך אונטער דער השפעה פון גע־וויסע פוילישע ראַדיקאַלע קרייזן.

דערפאַר זענען דערשיטערנד זשעראָמסקיס שילדערונגען און סצענעס פון יידישן מאַסן־לעבן. ער האָט פאַרשטאַנען די יידישע נויט, געפילט דעם דלות פון געטאָ, פון די קוילער־געסלעך, באַטראַכטנדיק די יידישע אָרעמקייט און רעכטלאָזיקייט אַלס רינג אין דער קייט פון די ברענענדיקסטע סאָציאַלע פראָבלעמען אין פוילן, וואָס מוזן ווי אַמגיכסטן געלעזט ווערן. די דאָזיקע אָנשויאונגען שרייען אַרויס אין די הערלעך גע־שילדערטע בילדער פון קראָכמאַלנע און סמאָטשע גאַסן אין „מענטשן אָן היים" און „ע ר ב - פ ר י ל י נ ג", וואו די נויט און דלות פון דער יידישער מאַסע דערשיינט אין איר גאַנצער נאַקעטקייט.

זשעראָמסקי, וואָס האָט געפּרעדיקט די הייליקייט פונם מענטשן, וועלכן מ'טאָר נישט באַעוולהן; וואָס האָט געזען אין יעדן נפש אַ וועלט פאַר זיך, וועלכע מ'מוז שוינען, — האָט אויך דערבליקט אין דער טראַגיק פון לעבן דעם ליידנדיקן און פאַרמוטשעטן ייד און געוואָלט אים זען אַ געשוצטן און גלייכבאַרעכטיקטן. וואָס זשעראָמסקי האָט אָבער נישט דערזען, איז די עקזיסטענץ פון אַ יידישער אַרבעטערשאַפט און אַן אינטעליגענץ, וואָס שטרעבן באַוואוסטזיניק צו אַן אייגענער, אָריגינעלער קולטור, צו אויסלעבן זיך גייסטיק אין אַ נאַציאָ־נאַלער סביבה אויף דער באַזע פון אַ געזיכערטער פּראָדוקטיווי־עקאָנאָמישער עקזיסטענץ. זשעראָמסקי האָט געזען דעם יידישן קבצן, דעם שרעקלעך אָרימען הענדלער און בעל־מלאכה אָדער דעם מאַטעריאַליסטישן אַסימילירטן אינטעליגענט, אָבער אַזוי ווי נישט געוואוסט וועגן דער עקזיסטענץ פון אַן אָרגאַניזירטן יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן, פון יידישע פּאָליטישע פּאַרטייען. ער האָט תרעומות צו יידן, פאַרוואָס מ'זעט זיי נישט אין די פאַבריקן, אין דער גרויס־אינדוסטרי, — איז זיך אָבער נישט משער, אַז די סיבות פון דער יידישער אָרעמקייט און פאַר־קריפּלטקייט זענען אַ פועל־יוצא פון הונדערטער יאָרן באַגרע־

נעצונגען און פאַרפאָלגונגען, פון נישט צולאָזן יידן צו פּראָ־
דוקטיווער אַרבעט. ער האָט נישט דערזען דעם שווערן קאַמף וואָס
גייט אָן אין דער יידישער מאַסע פאַר ערד און ווערקצייג,
פאַר דעראָבערן זיך אַן אַרבעטס־פּלאַץ. נישט וויסנדיק וועגן
דעם דאָזיקן געראַנגל, איז ער גרייט צו זאָגן, אַז יעדער ייִד
טראַכט תּמיד וועגן אָפּנאַרן עמעצן און זיך באַרייכערן אויף
יענעמס חשבון, אַז יידן זענען אַ „קיבוץ פון רירעוודיקע און
פלעפלענדיקע פּועל־בטלס, פּוסט און פּאַסטניקעס", — כאָטש
גלייכצייטיק מאַטערט אים דער מענטשלעכער און געזעלשאַפט־
לעכער חוב בנוגע יידן. און צעזאַרי באַריקאַ פרעגט דעם
מלוכה־מאַן גאַיאָוויעץ: „ווי אַזוי ווילט איר פאַרבעסערן דעם
לעבנס־מצב פון די צונויפגעפּרעסטע אין געטאָ יידן?"

קאָנסעקווענץ איז אָבער קיינמאָל נישט געווען זשעי־
ראָמסקיס טבע, און ער האָט זיך אויך אין דער יידן־פראַגע
דערמיט נישט אויסגעצייכנט, כאָטש טיילמאָל דערגייט ביי אים
דער נאָמען „ייִד" צו אַ סימבאָל, ווי צום ביישפּיל אין דער
„שיינקייט פון לעבן" („אוראָדאַ זשיציאַ").

ביי די צוגרייטונגען, וואָס די פּאָליטישע אַרעסטירטע
מאַכן, גראָבנדיק דעם טונעל אין דער פעסטונג, אונטער דער
אָנפירונג פונם אַרטילעריע־אָפיציר פּיאָטר ראָזלוצקי, געפינט זיך
אויך דער יידישער פּאָליטישער, אַ שטאַרק אויסגעמוטשעטער,
וואָס האַלט זיך קוים אויף די פיס.

צווישן ראָזלוצקין און דעם אַרעסטאַנט קומט פאָר אַזאַ
שמועס:

— „ווער ביזטו?

נישט איבעררייסנדיק די אַרבעט אויף קיין סעקונדע,
האָט יענער אַ קוק געטון אין דער הויך און מיט אַ שמייכל,
פול מיט מאָדנעם פיין, געענטפערט:

— אַ ייִד.

— פאַרוואָס זיצסטו דאָ?

— פאַר אַ בונט.

— קעגן וועמען?

— קעגן אונטערדריקונג.
— וואָס האָסטו אייגנטלעך געטון?
— כ׳האָב געקעמפט...
— ווי אַזוי?
— ווי כ׳האָב געקענט.
— פאַר וואָסער ציל?
— פאַרן אָפּשאַפן די צווייטויזנטיאָריקע אונטערדריקונג פון ייִדישן פאָלק.
— און דיין פאָלק אונטערדריקט קיינעם נישט?
— אונטערדריקט יאָ.
— האָסטו אַלזוי געוואָלט האָבן מער פרייהייט—צו קענען אונטערדריקן?
— ניין, איך האָב געקעמפט פאַר די אונטערדריקטע.
— און דיין קאַמף באַשטייט איצט אין אַנטלויפן?
— מיין קאַמף איז איצט – אַנטלויפן״.

אַלע זענען אָנגעשטרענגט צום אויסערסטן ביים גראָבן דעם טונעל, כּדי וואָס גיכער צו ווערן פריי. דאָס טוט אויך דער ייִד, ביז ער פאַלט אין חלשות פון שוואַכקייט. דער ייִד איז דער שוואַכסטער פון זיי, ווייל אַמלענגסטן אונטערדריקט, ווייל זיין אומה ווערט שוין אַזוי לאַנג גערודפט. ער האָט נישט קיין כּח אַפילו צו דערוואַרטן זיך די פרייהייט, נאָר חלשט פריער.

אויף ראָזלוצקיס שאלה, ווער ער איז, ענטפערט נישט דער אַרעסטאַנט מיט זיין נאָמען אָדער פאַמיליען-נאָמען, מיט זיין שטאַנד אָדער פאַך, נאָר מיט „ייִד״, מיט אַ וואָרט אַזאַ פּשוטן, וואָס איז אָבער אַ סימבאָל, וואָס זאָגט אַזויפיל, ווי אַמאָל דאָס וואָרט „קריסט״ אין די צייטן פון העקאַטאָמבן, בעת נעראָנס הערשאַפט.

און קעמפן טוט דער אַרעסטאַנט נישט פאַרן גאַנצן היינטיקן פאָלק ישראל נאָר פאַר די אונטערדריקטע, ווייל אויב עס וועט פאַרשוואונדן אונטערדריקונג, וועט ממילא אויך זיין אומה באַפרייט ווערן פון טויזנטיאָריקן פּיין.

אַ נאָך קלאָרערן בליק און דייטלעכערע באַציונג בנוגע יידן האָט געהאַט דער פירער פון „יינג-פוילן" און איר קרוין, דער גרעסטער פוילישער נעאָראָמאַנטיקער, סטאַניסלאַוו ווים-פיאַנסקי.

נישט געקוקט אויפן ראָמאַנטיזם און הערויִזם אין זיין שאַפן, האָט וויספּיאַנסקי דאָך געזען די ווירקלעכקייט — און אויך יידן אין איר — אין איר אמתער געשטאַלט, פיל בעסער ווי אַ סך פּראָזאַיִקער און רעאַליסטן. כאַראַקטעריסטיש, אַז סיי דער קלאַסיקער פון פוילישן ראָמאַנטיזם, מיצקיעוויטש, סיי דער דער שאַפער פון פוילישן נעאָראָמאַנטיזם, וויספּיאַנסקי, די דאָזיקע צוויי קאָריפייען פון די צוויי ליטעראַרישע ריכטונגען מיטן שטאַרקסטן פוילישן נאַציאָנאַלן פּאַטאָס, וואָס זענען די כאַראַקטעריסטישע פאַר דער פוילישער פּאָעזיע און אין וועלכע ס'האָבן זיך אַמבולטסטן אויסגעדריקט די פוילישע פאָלקס-אידעאַלן,—די דאָזיקע צוויי פּאָעטן האָבן געהאַט ענלעכע בליקן אויפן טיפן צוזאַמענבונד פון פּאָליאַקן און יידן. דעריבער פעלט נישט דער ייד אין יענע זייערע שאַפונגען, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם נאַציאָנאַלן לעבן און שוואונג.

להיפוך. אין געהויבענע מאָמענטן פונם פוילישן קיבוץ, ביי וויכטיקע געשעענישן אינם נאַציאָנאַלן לעבן, ווי ביים באַפרייאונגס-קאַמף אין „פאַן טאַדעוש" און ביי דער פאַרברידערונג פון דער אינטעליגענץ מיטן המון אין וויספּיאַנסקיס „וועסעליע", האָבן יידן—וויכטיקע ראָלן. געהערן צו די הויפּט-פיגורן. אַזעלכע זענען מיצקיעוויטשס יאַנקל און וויספּיאַנסקיס ראַכעלע, וואָס מיט זייער באַפליגלטער יידישער עמפּפינדלעכקייט און געווייטער מוזיקאַלישקייט דערהובן זיי דעם ניוואָ פון דער אַרומיקער האַלב-אייגענער און האַלב-פרעמדער סביבה.

„וועסעליע" איז אַ פּאָליטישע סאַטירע אויף דער דאַמאָלסדיקער טרויעריקער ווירקלעכקייט, ווען אַלץ ווערט באַהערשט פון דער פראַזע און אַ חוץ אַמאָליקע נעמען איז גאָרנישט געבליבן. מ'רעדט מכלומרשט וועגן אידעאַלן, וועגן פאַרברידערונג, לעולם אָבער איז עס אַן אָנשטעל בלויז, וואָרום פון די

אַלע מליצות קוקן-אַרויס קעשענע-אינטערעסן אָדער לייכטזיניקייט און קאָקעטעריע. אין פּרט פון אָפּנהאַרציקייט זענען די נאַטיר-לעכסטע—די צוויי יידישע פיגורן: דער שענקער משה און זיין טאָכטער רחל, דורך וועלכע וויספּיאַנסקי האָט אויסגעדריקט זיין אָנשויאונג אויף יידן און דער יידן-פראַגע.

אים איז נישט פרעמד די דיפערענציאַציע, וואָס איז פאָרגעקומען ביי יידן; ער ווייסט, אַז מ׳קען נישט מער באַטראַכטן די כנסת-ישראל אַלס איינהייטלעכע מאַסע און אַלץ צוזאַמען וואַרפן אין איין טאָפּ אַריין, אָנרופנדיק עס „זשידעס". דעריבער, אויב דער אַלטער דור יידן איז פאַרקערפּערט אינם גאַליציאַנער שענקער משה, איז זיין שטאָלץ און קרוין, די טאָכטער רחל, די פערזאָניפיצירונג פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דורכגענומען און איינגעלעבט מיט דער אייראָפּעישער קולטור. זי האָט אַ פאַרשטענדעניש פאַרן פּוילישן גייסטיקן שאַפן; זי איז דורכגעזאַפּט מיט פּוילישער קולטור און איז אַפילו, לויט וויספּיאַנסקין, מסוגל, — אַ דאַנק איר מזרחדיקן טעמפּעראַמענט, — אין אַ שטאַרקערער מאָס צו פילן די נאָענט-ווייטע, אייגן-פרעמדע פּוילישע פּאָעזיע, ווי פּאָליאַקן גופא; איר אידעאַלן פּאַטאָס איז זי מסוגל איבערצוטראָגן אויף דער ריין-פּוילישער סביבה.

דער שענקער משה האָט נישט, אמת, די אַספּיראַציעס פון מיצקיעוויטשס יאַנקל. זיין גרעסטער צער איז דער טאָכטערס דעמאָקראַטישקייט און סענטימענטאַלקייט בנוגע דעם פּויער (זי גיט אים דערפאַר אַ צו-גרויסן קרעדיט ביים טרונקען בראַנפן). איז ער טאַקע נישט אַזאַ שטאַרק אָנגעלייגטער גאַסט אין דער פּוילישער סביבה, פילט זיך נישט אַזוי היימיש און אינטים ווי יאַנקל, נאָר פאַרענטפערט זיך פאַר זיין קומען אויף דער חתונה, צו דער פאַרבירדערונג פונם פּאַן מיטן פּויער.

אַפילו בשעת אַזאַ גרויסן נאַציאָנאַל-פּוילישן יום-טוב רעדט זיך וויספּיאַנסקי נישט איין, אַז דאָס יידיש-פּוילישע צוזאַמענ-לעבן זאָל זיין אַ געשעענער פאַקט. און כאָטש דער חתן

גיט זיין נישט-אָפּנהאַרציקייט, טרייסט משהן, אַז ער האָט נישט קיין סיבה צו זיין אומדרייסט, ענטפערט אים דער ייד: „מיר ווענען אַזעלכע פּריינט, וואָס האָבן זיך נישט ליב".

האָט משה נישט קיין טענה צו קיינעם. ער וויל בלייבן אין זיין וועלטל, יידישלעך אין געדאַנק און אין דער קליידונג, אַבי נאָר מ׳זאָל אים לאָזן לעבן, געבן אַ קרעטשמע אין אַרענדע, און ער וועט זיך שוין אַדורכשלאָגן. בנוגע אָבער דער דערציִונג פונם ייִנגערן דור האָט ער געבראָכן מיט דער אַלט-ייִדישער טראַדיציע און אים געגעבן אַ וועלטלעכע בילדונג. איז טאַקע זיין טאָכטער, ראַכעלע, געבילדעט, באַלעזן, פול מיט געפיל און טעמפעראַמענט, — און משה פאָדערט פאַר איר דרך-ארץ. אויב מ׳שעמט זיך מיט אים, דעם פּראָסטן, אומגעבילדעטן שענקער, מוז ער עס בלית-ברירה אָננעמען פאַר ליב, — זיין ליבלינג אָבער פאַרלאַנגט ער צו האַלטן אין כבוד.

אויך רחל, ווען זי קומט אויף דער נאַציאָנאַלער חתונקע, פאַרענטפערט זיך פאַר איר קומען, ווי זי וואָלט אַ פרעמדע זיין, כאָטש פון וויטן האָט זי זיך געריסן אַהער, ווי אויף פליגלען, געקראָכן ביז די קני אין בלאָטע אַבי נאָר צו זיין דאָרט, וואו מ׳פייערט פאַרברידערונג. ווי אַ פלאַטערל איז זי געקומען אַהער צופליען צום פייער, וועלכעס האָט זי פון וויטן געלאָקט, כאָטש זי קען זיך דערביי אירע פליגלען אָפּברענען. ראַכעלע ווייסט, אַז איר אויגנבליקלעכער פלירט מיטן פּויקנטום איז נישט קיין דויערהאַפטער און זי ווייסט שוין דעם סוף:

— „...כ׳בין געקומען בלויז אויף אַ ווײַלע, אַהין וואו די כאָטש איז פול פרייד, כ׳בין געקומען ווי אַ נאַכט-פלאַטערל וואָס פליט, וואו ס׳איז פאַראַן אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ, כ׳וועל אָבער מיט הכנעה אַוועק אַ היים און וועל מיר אייך פאָר-שטעלן בלויז פון וויטן..."

נישט געקוקט אויף איר פּוילישקייט און שטאַרקן דראַנג צונויפצולעבן זיך מיט די פּוילישע שכנים, פילט זיך ראכעלע ווי אַן אורח אויף אַ פרעמדער חתונה. דאָס צוזאַמענלעבן איז

דערווייל בלויז אַ טעאָ־עטישער ענין, וועלכער קאָן ראַכעלען נישט באַפרידיקן. אויף ראַכעלעס פראַגע:

— „וואָס וועט זיין מיט מיין האַרציקסטן טרויער און מיט דער כמאַרע אויף מיין שטערן?״ —

באַקומט זי אַן ענטפער:

— „און צו וואָס איז דען פאַראַן אַ ליטעראַטור? דאָס וועט אַריין אין דער קונסט אין אַ וואָסערער ס׳איז פאָרם, נאָר אַריין וועט עס; אַלס סאָנעט, אָדער ליריק, אָדער ראָמאַן גאָר.״

איבער רחלס שמערצלעכסטע און האַרציקסטע געפילן אי־ראָניזירט מען. אויף איר פראַגע:

— „וואָס וועט זיין מיט דער מוזיק פון מיין האַרץ... מיט מיין האַרציקסטער ליבע צו אייך?״ —

איז די תשובה, אַז אויך זיי „וועלן מיט דער גרעסטער פּינקטלעכקייט געשילדערט ווערן״.

דאָס איז אַלץ.

רחלע האָט זיך דוקא געוואָלט דערנענטערן צום פּוילנטום, זיך געוואָלט אַסימילירן, אָנגעטראָפן אָבער דאָרט אויף אַ שטאַרקן צוריקשטויס. נישט געקוקט אויף איר גרייטקייט מיט־צופּראַווען פּוילישע נאַציאָנאַלע יום־טובים און מיטצואַרבעטן לטובת דעם כלל — באַגעגנט זי ביים פּוילישן בירגערטום און אינטע־ליגענץ אַן אומווילן און פאַראַכטונג צו זיך. דעם תהום איז שווער צו איבערבריקן.

וועגן די סיבות דערפון — איז זיך לייכט אָנצושטויסן. עס זענען קלאַסן־און גרופּן־אינטערעסן, וועלכע ווערן מאַסקירט מיט אַ נאַציאָנאַליסטישן מאַנטל; ס׳איז די מורא פאַר דער קאָנקורענץ פון דער יידישער אינטעליגענץ. דעם מאָנאָפּאָל פון פאַרדינסטן וויל מען באַהאַלטן פאַר זיך. דעם יידן וויל מען טאָלערירן בלויז דאָרט, וואו מ׳מוז אים האָבן, וואו ער איז אַ באַקוועמער אָביעקט.

אַזוי טוט טאַקע דער גלח פון „וועסעליע״, דער אייגנ־טימער פון קרעטשמע, וועלכע משה אַרענדירט. צו וואָס אַליין

אַרויסטרעטן אַלס אויסנוצער פונם אָרימען פויער, אויב מ׳קען האָבן אַ שר לעזאזל, אויב מ׳קען עס טון דורכן ייד? פראָן דוצירט דעריבער בראָנפן — דער פריץ, אייגנטימער פון שענק — איז דער גלח, משה שענקער איז אָבער אַ גוט ווערקצייג אַלס אַרענדאַר-עקספלואַטאַטאָר אויף צו שינדן די הויט פונם פּאַראָ־בעק און פויער, און דורכן ביטערן טראָפּן אַרויסציען פון אים פאַר עמעצן דעם לעצטן, שוואַר-פאַרהאָרעוועטן גראָשן.

די שנאה וועט בלייבן אויפן יידן.

מוז זיך ראַכעלע, אויב זי וויל נישט בלייבן איזאָלירט און זיין געצוואונגען צוריקצוקערן אין מיטלאַלטערלעכן געטאָ, זוכן אַ פאַרבינדעטן, מיט וועלכן, זי זאָל קענען זיך לאָזן אויף ברייטע אַלגעמיין-מענטשלעכע שליאַכן. און זי געפינט אים.

ס׳איז דער כאָכאָל — דער פראָלעטאַריאַט.

צוריקגעשטויסן דורכן בירגערטום, וואַרפט זיך די יידישע אינטעליגענץ צוזאַמען מיטן פראָלעטאַריאַט-כאָכאָל אין קאַמף פאַר אַלגעמיין-מענטשלעכע אידעאַלן, פאַר דער באַפרייונג פון דער מענטשהייט, און זי האָט אין איר ניי-אויסגעוויילטן זיך נישט אָפּגענאַרט. שוין ביים סוף ווערק, בעתן מתים-טאַנץ פון די פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע קלאַסן און שיכטן, וואָס זענען פאַרמשפּט צום אונטערגאַנג, טריומפירט דער כאָכאָל.

וויספּיאַנסקי האָט געגלויבט, אַז אַן אמתדיק פריי און אומאָפּהענגיק פוילן קען אַנטשטייען נאָר אַ דאַנק דעם קאַמף פון אַרבעטער-קלאַס. האָט ער אַהין אויך געהייסן זיך ווענדן ראַכעלען, דער יידישער אינטעליגענץ.

דעם שענקער משה און זיין טאָכטער רחל טיילט בלי־ספק אָפּ אַ תהום פון פאַרשיידנקייטן בנוגע וועלט-אָנשויאונגען און באַנעמונגג. דאָך איז משה שטאָלץ אויף די פרוכט פון זיינע לענדן און רחל שעמט זיך נישט, לויטן מחבר, מיט איר שטאַם־בוים. וויספּיאַנסקי האָט אָבער אויך געוואוסט וועגן אַ טיפע־רערן ריס, וואָס איז פאָרגעקומען אין דער יידישער סביבה, אין דער יידישער פאַמיליע, אין לעצטן פערטל פון נײַנצנטן יאָרהונדערט; אַן איבערברוך וואָס איז געווען פיל טיפער און

ברייטער ווי ביי אַנדערע פעלקער, ווייל אין ערגעץ האָבן די מיטלאַלטערלעכע השגות נישט באַהערשט אַזוי לאַנג אַלע לעבנס-פאָרמען, ווי ביי יידן. ס'איז די מחיצה צווישן פאַרגלייווערטע, מאַטעריאַליזירטע עלטערן און לעבנס-צאַפלדיקע, שטרעבנדיקע קינדער.

דער ריס צווישן ראכעלען און מאָשעקן ווערט דורך וויספּיאַנסקין פאַרטיפט אין זיינע „ר י כ ט ע ר" („סענדזיאָוויע")— צווישן יואָשן און זיין פאָטער. אין דער יידישער סביבה שפּילט זיך אָפּ נישט בלויז אַ קאַמף צווישן אַלט און יינג, ווי אומעטום, אָדער צווישן וויסן און אָבסקוראַנטיזם, נאָר אויך, ווי אין זאַפּאָלסקאַס „יונה פּירולקעס", צווישן גוטס און שלעכטס, און דעם דאָזיקן קאָנפליקט, אַ רייכן אין דראַמאַטישע קאָלוזיעס און טראַגישע איבערקערעבונגען, האָט וויספּיאַנסקי געשילדערט אין זיינע „ריכטער".

פון איין זייט, דער אַלטער שווינדלער שמואל, וואָס טרעט איבער מתים מיט זיין עלטערן זון נתן, אַ הענדלער פון לעבעדיקער סחורה. פון דער אַנדערער זייט, דער תמימותדיקער יאָקעלע און דער פאַרחלומטער יואש, אַ טרוימער פון געטאָ, אַ שטרעבער צום שיינעם, אומבאַוואוסטן. יואָשנס גערעכטיקייטס- און שיינהייטס-געפיל בונטעוועט זיך קעגן די מנובל-טאַטן און שווינדלערייען פון פאָטער און ברודער און ער פאַלט אַ קרבן פון אָט די מיאוסקייטן. מיט צוויי טויט-פאַלן ענדיקט זיך די דערשיטערנדיקע טראַגעדיע; די מאַכינאַציעס קאָסטן צוויי מענטשן-לעבנס: פון דער פאַרפירטער, פיזיש באַעולטער און צעטרעטענער יעוודאָכע, וועלכע האָט געמוזט באַזייטיקט ווערן אום נישט צו זיין קיין לעבעדיקער עדות פון אָפּגעטועגע חטאים, און פון מאָראַליש דערשיטערטן און באַליידיקטן יואש, וואָס זיין באַפליגלטער גייסט און פיזיש שוואַכער גוף האָט זיך צעבונטעוועט קעגן די אַרומיקע געמיינקייטן. כאָטש פון פאַרשידענע גלויבנס און פעלקער — זענען ביידע, יעוודאָכע און יואש, געפאַלן קרבנות פון זייערע ריינע געפילן: זי — פון איר איבער-

געבענער, ליידנשאַפטלעכער ליבע צום אכזרדיקן נתן, ער-פון נישט קענען זיך איינלעבן אין אַרומיקן עיפוש.

מיט דער זעלבער מוזיקאַלישקייט, וואָס עס צייכנט זיך אויס רחל אין „וועסעליע", טוט זיך נאָך אין אַ שטאַרקערער מאָס אויסצייכנען יואש פון „די ריכטער". ווי מיצקיעוויטש דורך זיין יאַנקל, געפינט אויס אויך דער נעאָראָמאַנטיקער וויספּיאַנסקי— די שטאַרקע מוזיקאַלישקייט פון יידן, וואָס דערהויבן מיט זייער ארטיזם די אַרומיקע גשמיותדיקע סביבה.

דעם אונטערשייד פון יינג און אַלט, שלעכטס און גוטס אין יידישן לעבן — האָט אויך געפילט דער טעאָרעטיקער פון „יינג-פּוילן", דער קריטיקער און רעוואָלוציאָנערער שריפטשטע- לער סטאַניסלאַוו בזשאָזאָווסקי אין זיינע „פלאַמען" („פּלאָמיעניע"). לעבן דעם הכנעהדיקן אַלטן זעלמאַן געפינט זיך זיין זון משה זעלמאַן, דער פּאָעט וואָס איז מיטן אייגענעם לעבן גרייט צו פאַרטיידיקן זיין און דעם פּאָטערס כבוד אַקעגן די באַליידיקונגען פון ווילקירלעכן פריץ; לעבן דער געפּלאָגטער, געשלאָגענער פּראָסטיטוטקע ביילע זענען פאַראַן יידישע רעוואָ- לוציאָנערקעס, וואָס פאַלן אין טעראָריסטישן קאַמף; אַ חוץ דעם קליינשטעטלדיקן יידל, וואָס איז פאַרן ביסל פּרנסה גע- צוואונגען צו מעקלען אַזש לעבעדיקע סחורה אָדער דעם שפּיצל אהרן פּאָגעל, וואָס קושט פון נויט די האַנט פון זיין פּאָלי- טישן אַרעסטאַנט,—פיגורירן יונגע יידן-רעוואָלוציאָנערן: מירעל- סאָן — דער גלענצנדער רעדנער, זיידענמאַן — דער מאַסן-טוער, זעלמאַן—דער פילאָזאָף, און דער פּרימיטיווער גריבלער, שלימ- מזלדיקער טעראָריסט — גאָלדענבערג לעבן דעם אַנאַרכיסטישן ראַדיקאַל — סאַמועל אָסט.

די יידן-פראַגע האָט אויך באַרירט דער ערנסטער, רעוואָ- לוציאָנערער מחבר פון „קניאַז פּאָטיאָמקין", טאַדעאוש מ י ט ש י נ ס ק י אין זיין סימבאָליש-מיסטישן ראָמאַן „דער גלח פאַוסט" („קסיאָנדז פאַוסט"), איינעם פון די קאָמפּליצירטע ווערק נאָך מיצקיעוויטשס „דזיאַדי", ביז איצט נאָך נישט געהעריק אויסגעפאָרשטן.

ווי אין סלאָוואַצקיס „גלח מאַרעק" און וויספּיאַנסקיס „וועסעליע" שפּילט אויך אין מיטשינסקיס „גלח פּאָוסט" אַ פּרווו פון יידישער אָפּשטאַמונג איינע פון די הויפּט-ראָלן. אימאַגעניע צוזאַמען מיטן יינגן פּאָליטישן אַרעסטאַנט, פּיאָטר — דריקן אויס די טיפּסטע פּוילישע נאַציאָנאַל-פּוילישע אַספּיראַציעס, וועלכע זענען גלייכצייטיק אַלגעמיין-מענטשלעכע באַשטרעבונגען. די אַסימילירטע, וועלטבירגערלעכע אימאַגעניע, וועלכע עס האָט — לויט מיטשינסקיס כאַראַקטעריסטיק—באַזוכט דער דעמאָן פון דער רעגנבויגן-באַפאַרבטער פּוילישער פּאָעזיע, פּאַרקערפּערט אין זיך סיי די יידישע, סיי די פּוילישע טראַגעדיע פון פאַר דער מלחמה-צייט. זי ווייסט, אַז „גרויס איז די טראַגעדיע פון די פּאָליאַקן, אָבער וואָס פאַר אַ פאַרגלייך צו דער יידישער! קיינער וויל יידן נישט זען אין דער וועלט, קיינער וויל זיי נישט האָבן פאַר קיין ברידער!..." ווען זייער לעבן זאָל זיין אָפּהענגיק פון אַ פּלעביסציט, וואָלטן זיי אין איין אויגנבליק געוואָרן פאַרמשפּט צום נישט-עקזיסטירן". און אָט זי, די וועלט-בירגערין אימאַגעניע, פּראָפּאַנירט דעם פּוילישן ראַדיקאַל, פּיאָטרן, אַ בונד אויף לעבן און טויט, כּדי צו פאַרוואַנדלען זיך אין כּהנים פון וויסן און לעבנס-שטאַרקייט. „פאַר אונז, — מיינט זי, — איז פאַראַן אַ סך אויפצוטון. איך אויפן געביט פון טעאָרעטישע וויסנשאַפטן, פּאַרטיפנדיק זיך אין די מקורים פון מאָראַל און רעליגיע — דו אויפן געביט פון טעכניק..."

מיטשינסקי איז סיי קעגן אָבסקוראַנטיזם פון יידישן קלער מיט זיין פאַנאַטישן קאָמענטירן די יידישע רעליגיעזע ספרים (לויט ניעמצעוויטשן) סיי קעגן דער אַסימילאַציע מיט אירע שמד-שטיק (לויט גאַוואַלעוויטשן) און סיי קעגן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע פון דער פּוילישער אינטעליגענץ. אַ גרויסע מאָס צביעות זעט זיך אין אימפּראָוויזירטן מיטינג, אויף וועלכן דער יינגער לאַנדווירט מיט העכערער בילדונג, וואָס דערציילט וועגן פאָלקסזעלבסטפאַרוואַלטן מיט די פאַבריקן, וועגן מעכאַנישע פוטעראַפּאַראַטן וכדומה שיינע זאַכן, — טריומפירט גלייכצייטיק דערמיט וואָס אין דאָרף זענען שוין קיין יידן נישט פאַראַן און מ׳וועט

זיי נישט צוריקלאָזן אַהין, ווייל „מ׳האָט מורא פאַר זיי, ווי פאַר דער אַזיאַטישער דזשומע און ווייל זיי אנערקענען נישט ביז איצט, אַז זייער וועג דורך פוילן איז געווען בלויז אַ דורכגייענדיקער צום אייגענעם פאַטערלאַנד. זיי האָבן זיך דאָ באַזעצט און ווילן ביי אונז, ווי ביי אַ שלאָפענדיקן, שטיל אַרויסדייסן פוילן, מאַכן פון אונז פאַראַבקעס... ס׳איז אַ חרפה, אויב יידן וויל אונז היינט-צו-טאָג פירן ביי דער נאָז ווי אין די צייטן פון מיעשעק דעם פוילן, ווען זיי האָבן געקלאַפּט פאַלשע פוילישע מטבעות מיט העברעאישער אויפשריפט אַרום דעם פוילישן אָדלער. יידן האָבן ביי אונז פאַרכאַפּט דעם רוב שטעט און אָן אַ שיעור דערפער. אפילו אונזער געדאַנק איז אין זייערע הענט״. ביי דער יידישער רעכלאָזיקייט אין פוילן קלינגען אַזעלכע דעמאַגאָגישע פראַזן ווי אַן איראָניע. דערביי דערלויבט זיך דער געבילדעטער דעמאַגאָג תיכּף צבועיש צו באַמערקן, אַז ער שטרעבט חלילה נישט צו קיין שנאה, נאָר בלויז צו יושר און גערעכטיקייט.

אויף אַזעלכע טאַרטיופישע דרשות ענטפערט דער גלח פאַוסט, אַז אייגנטלעך זענען סיי דער פוילישער אַנטיסעמיטיזם און שאָוויניזם, סיי דער יידישער אָבסקוראַנטיזם, נאַציאָנאַליזם און אפילו אַסימילאַציע צוויי צווילינגען, גלייך שעדלעכע נאָר אויף אַ פאַרשידענעם אופן. איין טייל „באַטראַכט קריסטוסן פאַר אַ טורם פון פינסטערניש, פון אונטער וועלכן מ׳קען פראַוועז ביליקן מיסטיציזם און געהייליקטן מאַטעריאַליזם, בעת דער צווייטער טייל האָט אויסגעשאַרפט זיין מח — אויף מעטאָדן פון קאַמף, זיין געפיל — אויף אומפאַרשעמטן עגאָיזם. זיי ווילן פאַר יעדן פרייז אַדורכשוואַרצן די שלעכטע פרוכט פון זייער זייאונג אונטערן פאָן פון פּראָגרעס, פרייהייט און אויפקלערונג...״

צווישן יידן, ווי אומעטום, זענען פאַראַן סיי אידעאַליסטן סיי מאַטעריאַליסטן אָדער פאַריזעער, ווי מיטשינסקי רופט זיי. די ערשטע זענען גוטע אָן קריסטוסעס תורות, בעת די צווייטע זענען שלעכט כאָטש זיי טראָגן אָפּצייכנונגען אין דער קלאַפּע

און זענען געשמדט, כּדי צו קענען מאַכן מן הסתם אַ בעסערע קאַריערע. לעבן אַ ספּינאָזע מיט אַ גרויסמוטיקן, ריינעם האַרצן — זענען פֿאַראַן פֿאַנאַטיקער רבנים, וואָס דריקן אויף דער פּסיכיק פֿון דער מאַסע, ווי וואַמפּירן.

ביי מיטשינסקין זענען אָבער אויך פֿאַראַן שטעלן, וואָס קלינגען ווי אַ דיסאָנאַנס און זענען אַ פּועל־יוצא פֿון זיין נישט־קענען דאָס יידישע לעבן און זיין אָפּגעריסנקייט דערפֿון. מ׳קען נאָך פֿאַרשטיין מיטשינסקיס רבישע משפּחה נצוואָכעס, וואָס איז אין כּעס אויף איר אַמעריקאַניזירטן זון, אַ פּאַרביזנעוועטן מיסטער, וואָס שעמט זיך אין אַמעריקע מיט זיין פּויליש־יידישן נאָמען און איז אַזאַ שאַרפער קאָנטראַסט צו זיינע צוויי ברידער, וואָס זענען געפּאַקן אין רעוואָלוצ־אָנערן־קאַמף. גאַנץ אומגלויבלעך איז אָבער דעם רבס ודוי אויף אַן עפּנטלעכן מיטינג, אַז „מיר יידן זענען אַ דאָרן אין די פּוילישע וואונדן", אַז „מיר זענען אַ געשוויר און אַ גאַנגרענע. מיר דאַרפֿן נישט וואַרטן ביז עס וועט אויפּבּרויזן דער שרעקלעכער כּעס פֿון פּוילישן פֿאָלק און זיי וועלן אונז אָנהויבן מאָרדן און דאַמאָלס וועלן מיר מיט שאַנד אַרויסגעיאָגטע, אַוועקגיין אַלס אייביקע, פֿאַראַכטעטע וואַנדערער. לאָמיר זיך דעריבער פֿאַרוואַנדלען אין ערלעכע בעל־מלאכות, לאָמיר אָפּהיטן די פּאָליאַקן פֿון דעם שרעקלעכן סם, וועלכן עס באַזיצן די קהלות" (עפּעס אַ מין געהיימע אַנאָנימע מלוכה? ה. וו.). — „איר וועט נישט ווידער געבוירן ווערן, ווי לאַנג מיר כּלי־קודש וועלן אייך באַהערשן... גאָט, צי אונז אַרויס פֿון רוישיקן גרוב און פֿון דער קלעפּיקער בלאָטע, שטעל אונזער פֿוס אויף אַ פֿעלז און פֿעסטיק אונזערע טריט!"

ס׳איז טאַקע אמת, אַז „געבענטשט איז דער מענטש, וואָס בויט זיינע פֿונדאַמענטן אויף אַן אַרבעטסזאַמען לעבן און אַ גוטן, ריינעם געוויסן, וואָס פֿאַרקוקט זיך נישט אויף שווינדלער און נישט אויף די יעניקע, וואָס פֿאַרדעקן מיט אַ רעליגיעזן מענטעלע זייער נאַציאָנאַליסטישן שמוץ", נאָר פֿאַרוואָס האָט מיטשינסקי נישט קיין תּרעומות צו דער פּוילישער געזעלשאַפֿט,

וואס גיט נישט יידן די מעגלעכקייט צו באַשעפטיקן זיך מיט פּראָדוקטיווער אַרבעט? אים איז אומבאַקאַנט דער קאַמף פון די יידישע אַרבעטער פאַר זייערע אַרבעטספּלעצער, קעגן דעם אַרויסשטויסן זיי פון די וואַרשטאַטן און פאַבריקן.

נישט אַזאַ געהויבענע ראָל ווי וויספּיאַנסקיס רחל און מיטשינסקיס אימאָגעניע קומט אויס צו שפּילן ק אַ ז ש י מ י ע ר ז ש פּ ר ז ע ר ו ו אַ - ט ע ט מ אַ י ע ר ס העלדין פון זיין ראָמאַן „פריי-ליין מערי" („פּאַננאַ מערי").

דאָס פריילליין מערי אָדער מאַריאַ גניעזשניעווסקאַ (פון גניעזנאָווער), כאָטש אַ געשמדטע, איז, לויטן מחבר, אין דער טיפעניש פון איר נשמה געבליבן אַ גילגול פון איר פעטער האַמערשלאַג און אייניקל פון איר זיידן גניעזנאָווער, וועלכער האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט דריי שאַכטלען שוועבעלעך און איבערגעלאָזט נאָך זיך אַ ירושה פון דריי מיליאָן רובל. זי האָט גאָר אַ סך מעלות: שיינקייט, שלאַנקייט, אויסערגעוויינ-לעכע פעיקייטן, דערצו אַ נדן פון צוואַנציק מיליאָן, איז שטאַרק קלוג, נאָר איין מעלה פעלט איר: אַ הארץ. און דורך דעם איינעם חסרון ווערט זי, קעגן אייגענעם ווילן, אַ דעספּאָטין, אַ דעמאָן, וואָס פאַרביטערט זיך און איר סביבה דאָס לעבן; גייט אָן אַלס די פאַרקערפּערונג פון שלעכטס, פון אויסגע-לאַסנקייט, אומבאַגרענעצטער גאווה און אַלס וואַמפּיר בנוגע אירע קרבנות-מענער.

אין איר גרויסער גאווה וויל זי דוקא עמעצן אַ באַרימטן האָבן פאַר אַ מאַן און ווען אַזעלכער קומט נישט אונטער דער האַנט, האָט זי חתונה פאַר אַ גראַף, כדי זיך באַלד צו לאַנגע-ווײלן און זוכן צערטלעכקייט ביי אַנדערע, ביז זי וואַלגערט זיך ביי די פוס פון איר געליבטן, אַ באַרימטן מוזיקער, וועלכן זי האָט אַמאָל, ווען ער איז נאָך נישט געווען באַרימט, אויסגעלאַכט און אָפּגעשטויסן פון זיך.

זי ווערט אַ פלעגע-שוועסטער. נאָר אויך דאָס באַפרידיקט זי נישט און זי שליסט זיך איין איינזאַם אין איר פּאַלאַץ אויפן לאַנד. אויך יענע איינזאַמקייט דויערט נישט לאַנג, און

אזוי כסדר בלאָנדזעט זי, אַן אומרויִקע, נישט געפינענדיק קיין גליק און קיינעם נישט געבנדיק קיין גליק.

אַז פּרזשיבישעווסקיס, — דעם בולטסטן רעפּרע־זענטאַנט פון „יונג־פּוילן", — באַציונג צו יידן איז אַן אַלגעמיין־מענטשלעכע, איז אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. שטאַרקער האָט זיך פּרזשיבישעווסקי דערנענטערט צו יידן אין די לעצטע יאָרן, זייט ער האָט זיך פאַרטיפט אין דעמאָניזם, קאָלדונערייַ און אין אַנדערע אָקולטיסטישע איבערנאַטירלעכע דערשיינונגען און זיך פאַרינטערעסירט מיט קבלה, זוהר. ער האַלט, אַז „יידן זענען אַממיינסטן דאַנקבאַר און געדענקען אַלץ צום גוטן, אויב מ'טוט זיי עפּעס אַ טובה און אַז „יידן זענען אומעטום די הייוון. דאָרט וואו יידן זענען נישטאָ, ווערט אַלץ פאַר־גליווערט און פאַרשטאַרט". זענען טאַקע נאַטירלעך די יידן, וועלכע מ'טרעפט ביי אים, למשל אין זיינע „זכרונות" („מאָי ווספּולטשעשני").

דאָס פאַרהערלעכן שפּינאָזאַן און דאָס שטרעבן צו דער־קענען די יידישע גייסטיקע וועלט — האָט דערנענטערט צו יידן דעם דיכטער־פילאָזאָף יערזשי זשולאַווסקי, וועמעס יידן־שאַפונגען זענען לרוב געשעפּט פון דעת יידישער אינטע־לעקטועלער וועלט, ווי זיין „שפּינאָזע", „שבתי צבי", „רב פּאַ־לעליי בן פּעדאָ", די איבערזעצונג פון „שיר השירים" א. אַ.

דערפאַר פאַרנעמען יידן אַ גאָר קנאַפּן אָרט אין יאַן קאַספּראָוויטשס שאַפונגען. דערצויגן אויפן פּויערשן דאָרף און געלעבט ווייט פון שטאָטישן רעש, האָבן דעם זון פון פּאָלק, קאַספּראָוויטשן, יידן מן־הסתם ווייניק אינטערעסירט. אויב דער פּויערים־זון רעדט וועגן יידן, ווי אין „הייסע מאַראָני", רעדט אַרויס דערפון אי מיטגעפיל, אי איראָניע; מ'ווייסט נישט צי איז עס ליבע, צי כעס.

וועגן יידן האָט אויך געשריבן זאָפיע ריגער־נאַל־קאָווסקאַ אין אירע „שלאַנגען און רויזן". ענלעך צו גאַוואַ־לעוויטשן אין זיינע „מעכעסן" און ריימאָנטן אין „זיעמיאַ אָביעצאַנאַ" באַציט זיך אויך ריגער־נאַלקאָווסקאַ נישט איבעריק סימ־

פּאַטיש צו דער יידישער פּלוטאָקראַטיע און צו די אַסימילירטע ספּערן. די פּאַמיליע אָליוונע געהערט אייגנטלעך נישט צו דער פּוילישער און נישט צו דער יידישער געזעלשאַפט, ווארום כאָטש זיי רעדן זיך איין צו לעבן אין אַ ריין-פּוילישער אַט-מאָספער, קענען זיי ביים בעסטן ווילן נישט פאַרדעקן די גע-ירשנטע סעמיטישע אייגנשאַפטן, וועלכע אַנטפּלעקן זיך אין זיי אויף שריט און טריט.

נישט סימפּאַטישער פון די ערב-משומדים אין „שלאַנגען און רויזן" איז דער יידיש-רומענישער סטודענט פון ריגער-נאַלקאָווסקאַס אינטערנאַציאָנאַלן ראָמאַן „שוקאַ". כמעט אַ טוי-טער שוין פון שווינדזוכט, פאַרברויכט ער זיין יידישע וויטאַ-קייט אויף האַלב-פּאַיאַצישע שטיק און לאָזט זיך צורעדן דורך דער פאַנאַטיש-קאַטוילישער אַריסטאָקראַטקע, צו וועלכער ער פילט אַ שוואַכקייט, זיך אָפּצושמדן אויפן טויטן-בעט.

צו די שפּעטערדיקע שאַפונגען וואַצלאַוו שיעראָ-שעווסקיס געהערט זיין טעאַטער-שטיק „באָלשעוויקעס", אָנגעשריבן ווי זשעראָמסקיס „העכער דעם שניי וועסטו ווערן ווייסער" אונטער דער צערייצטער נאַציאָנאַליסטישער מלחמה-שטימונג פונם י. 1920, בעת דעם פּויליש-רוסישן קריג. חוץ זיין אָבער שיערעשעווסקין, דעם אַלטן פרייהייטס-קעמפער, רעי-וואָלוציאָנער און סאָציאַליסט אין אַנטיסעמיטיזם וואָלט געווען אַן אומזין. ער אַליין זאָגט טאַקע: „מיין באַציונג צו יידן איז די זעלבע, ווי צו אַלע אַנדערע מענטשן אויף דער וועלט. איך קען זיי פיינט האָבן פאַר זייערע שלעכטע טאַטן, פּונקט ווי פאַר די גוטע — ליב האָבן. עס האָבן אַ גרויסן טעות די, וועלכע האַלטן מיך פאַר אַן אַנטיסעמיט, כ'בין עס קיינמאָל נישט געווען און וועל נישט זיין". זיינע „באָלשעוויקעס" זענען גיכער אַ פּראָדוקט פון אַ מאָמענטאַלן מאַסן-פּסיכאָז — מיט פאַראַלגעמיינערונגען, וואָס מוזן אַרויסרופן פּראָטעסט און וועלכע ווירקן זייער נישט געוואונטשן אויף ווייניקער אַנטוויקלטע מחות. די דאָזיקע פאַראַלגעמיינערונגען באַדויערט היינט-צו-טאָג דער מחבר גופא, ווייל אין די „באָלשעוויקעס", האָט ער בלויז

נעוואָלט פאַרשטעלן אַזעלכע יידן, וואָס האָבן אָן אַ פאַרוואָס פיינט פוילן און פאָליאַקן, און וועלכע ער האָט אָנגעטראָפן אויף זיין לעבנס-וועג, וואָס האָט זיך געצויגן העט ווייט אין די סיבירער טייגעס און טונדרעס. וואָס פאַר אַ שייכות האָט עס אָבער גראָד מיט באָלשעוויזם, וועלכער ווירקט אויפן קליינבירגער ווי אַ רויט טוך אויפן אָקס? שיעראָשעווסקי טראָגט אָבער אויך אין זיין זכּרון יידישע אידעאַליסטן, וועלכע ער טראַכט צו פאַרטיידיקן אין זיינע ווייטערדיקע שאַפונגען.

אגב אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק פון אַ פראָדוקטיוון, האָראָפּאַשנעם יידן האָט שיעראָשעווסקי געגעבן אין זיין „באַגינען“ („ברזשאַסק“). ער באַשרייבט דאָ אַ יידן, וואָס איז אייגנטלעך, ווי שיעראשעווסקי מיינט אין זיין נאַיווער יידן-קענטניש, גאָר קיין ייד נישט געווען, ווייל כאָטש ער טראָגט ציצית און פראַוועט שבת האָט ער געהאַט אַ פיגור און באַוועגונגען פון אַ פויער, אַ פּאָר פעסטע הענט מיט מאזאָלעס און געטרייע בלויע אויגן. פון פאַך איז ער אַ קאָוואַל, און ווען ער האָט נישט קיין אַרבעט, האַנדלט ער נישט, קויפט נישט און פאַרקויפט נישט, נאָר פירט געהילץ.

## 11

# אנטאגאָניזמען.

די דערטרעגלעכע און לרוב געגוג סימפּאַטישע שילדערונגען פון יידישן לעבן אין דער צייט פון „יינג-פוילן", וועלכע זענען נאָך פריינטלעכער געוואָרן אין די יאָרן פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע, בעת וועלכער, יידן און פּאָליאַקן האָבן האַנט-אין-האַנט, ווי אין ניעמאיעווסקיס „ברוך", געקעמפט קעגן צאַריזם, זענען ביז גאָר שלעכט געוואָרן מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען די קאָנטער-רעוואָלוציע האָט אויפגעהויבן איר קאָפּ און געבושעוועט איבער רוסלאַנד. די פּאָגראָם-שטימונגען האָט מען אויך אָנגעהויבן איבערפלאַנצן קיין פּוילן, העצנדיק איין נאַציע קעגן דער צווייטער. די אָנגעשטרענגטע יידיש-פּוילישע באַציונגען נעמען אָבער נישט אָן קיין פאָרמען פון מאַסן בלוט-פאַרגיסונגען ווי אין רוסלאַנד, נאָר פון אַ שטילן עקאָנאָמישן געראַנגל. אונטערן פּאַראָל „סוואָי דאָ סוועגאָ" קומט-אויף דער יידן-באָיקאָט, אונטערן מאָראַלישן מאַנטל פון יידן-געפאַר, פון ליטוואַקעס-אַרגומענט.

זייט די רדיפות אויף יידן אין רוסלאַנד אין די אַכציקער יאָרן און גירוש מאָסקווע — האָבן אָנגעהויבן שטראָמען קיין פּוילן מאַסן ליטווישע און רוסישע יידן. אינטעלעקטועל אַנטוויקלט און שטאַרק רירעוודיק, האָבן זיי זיך געוואָרפן אין די אויגן פון דער אָרטיקער באַפעלקערונג, סיי פּוילישער און סיי

יידישער. ברענגענדיק דעם לאַנד גרויסע עקאָנאָמישע נוצן, אַלס פאַרמיטלער צווישן דער וואַקסנדיקער פוילישער אינדוסטרי און דעם רוסישן קאָנסומציע-מאַרק, האָבן זיי אָבער גאָר ווייניק געקענט פוילן: פאַר זיי האָט קיין מדינה „פוילן“ נישט עקזיס-טירט, נאָר בלויז אַ „פריווויסליאַנסקי קראַי“. די יידישע קוואַר-טאַלן אין וואַרשע האָבן מיטן צעקאַלעטשעטן רוסיש דערמאָנט מינסק אָדער וויטעבסק. די אָנגעקומענע האָבן זיך לחלוטין נישט אָריענטירט, אַז זיי געפינען זיך אין אַ לאַנד, וואָס האָט זיך קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט פון זעלבשטענדיקייטס-געדאַנק און אויפן מזבח פון זיין פרייהייט משך יאָרהונדערטן כסדר געבּרענגט קרבנות פון זיין בעסטער יוגנט. וואָס מיט אירע ביינער זענען באַזייט די שניי-וועגן פון וואַרשע ביזן טיפן סיביר. די איינגעוואַנדערטע יידן מיט זייער קליינבירגער-לעכער פסיכאָלאָגיע, וואָס אנערקענט בלויז דעם זיגער, און וואָס זענען נאָך פוילנס תחית-המתים געוואָרן שטאַרק פויליש, סאַמע סטאַשקעס און וולאַדקעס, נישט וועלנדיק בשום אופן זיין יידיש, — האָבן אויך אין יענער צייט נישט געוואָלט זיין נאַטירלעך יידיש, נאָר דוקא „עכט“ רוסיש, און דערמיט אַרויס-גערופן פאַרביטערונג ביי דער אָרטיקער באַפעלקערונג, פויל-שער און יידישער.

די דאָזיקע אומצופרידנקייט האָט געפונען איר אָפּקלאַנג אין דער פוילישער ליטעראַטור. דאָס שלימזל האָט אָבער געוואָלט, אַז דאָס באַהאַנדלען פון אַזאַ דעליקאַטער, דראַסטישער פראַגע, וואָס פאָדערט פיל טאַקט און זאַך-קענטניש, זאָל אַריינפאַלן אין די הענט פון אַזאַ אויבערפלעכלעכן שריפטשטעלער, ווי דאָס איז אַרטור גרושעצקי און עס אַזוי באַאַרבעטן, ווי ער האָט עס געטון אינם „ליטוואַצקע מוראַשניק“ („ליט-וואַצקע מראָוויע“).

דאָס איז נישט געווען גרושעצקיס דעביוט אין דער יידן-פראַגע, ווייל שוין פריער האָט ער געהאַט אָנגעשריבן עטלעכע ראָמאַנען מיט אַ יידישן אינהאַלט.

דער ערשטער איז געווען דער צווייבענדיקער ראָמאַן

„שווינדלערס" („שאַכראַיע"), אין וועלכן ער שילדערט מיט אַ געגוג גרויסער געניטקייט די אַטמאָספער אַרום דער בערזע.

גרושעצקי האָט אַ גרויסן חסרון: נישט געקוקט דאַרויף, וואָס ער מאָלט זיינע בילדער מיט גענויער פינקטלעכקייט, מיט אַלע פּרטים און פּיטשעווקעס, באַזיצן זיי דאָך נישט קיין גרויסן קינסטלערישן ווערט; דער מקור פון זיין שאַפן איז נישט דאָס טיף-אינערלעכע לעבן פון מענטשן און סביבה, דאָס גייסטיקע, אידעאיש-באַגרינדעטע, נאָר דאָס ריין-אויסערלעכע, אָפּגעריסענע פאַקטן, וועלכע ער פאַסט צו צו די בילדער. גרושעצקיס ראָמאַנען און די יידישע בתוכם זענען נישט פאַר אים קיין קונסט-ווערק, נאָר מיטלען צו געזעלשאַפטלעכער השפעה, צו קענען ווירקן אויפן עולם-לייענער. דעריבער שמעקט פון זיי מיט שטאַרקער טענדענץ, מיט פעדיעטאָן—און די קרי-טיק רופט אָן גרושעצקיס ראָמאַנען מיט זייער סענסאַציע, מיט זייערע שאַרפע קאָנטורן, דאָרט ווו ער וויל זיי אַרויסבאַקומען, און פאַרטושעווען זאַכן, וועלכע ער וויל פאַרבאָרגן,—אַלס טענ-דענציעזע פאַבריק-פּראָטאָקאָלן.

גרושעצקיס „שווינדלערס" זענען בערזע-לייט: באַנ-קירן, אינדוסטריעלער, דירעקטאָרן פון גרויסע אונטערנעמונגען, אַקציאָנערן, מעקלערס, רעדאַקטאָרן און רעפּאָרטערן, נישט דווקא בלויז יידן; אַלע צאַפּלען מיטן אומרויקן פיבער פון דער בערזע. די עיקר-פאַבולע דרייט זיך אַרום דער באַנקיר-משפחה פונם אויפגעקומענעם גביר שטרויכפעלד, דעם טאַטן און זיין זון מאָריץ.

דער פּאַרוועניו וויל דווקא זיין זון חתונה מאַכן מיט אַ שליאַכטשאַנקע,—איינגיין אויף אַזאַ מעסאַליאַנס וועלן אָבער נאָר אָפּגעקומענע פּריצים. אין געגעבענעם פאַל קאַראָלינע, די טאָכ-טער פון דער אַלמנה דאַנבאַרסקאַ. אַלס קאָנטראַסט צו דעם מגושמדיקן שטרויכפעלד מיט זיין סביבה שווינדלערס, ליגנערס, אויסוואורפן—זאָלן דינען די מכלומרשטע גרויסע נשמות, גוטע הערצער פון די דאַנבאַרסקיס.

דער אַלטער שטרויכפעלד איז שטאַרק שאַרזשירט צום

שלעכטן, און זיין זון איז אַ שליממזלדיקער אידעאַליסט, אַ צעקראָכענער, אָן ווילן. פון דער אַנדערער זייט, די פריציש-גרויסמוטיקע אַלמנה, וועלכע פירט זיך אויף אַזוי שטאָלץ קעגן די שטרויכפעלדס, וואָס וואַשט און רייבט זיך די שטעל אויפן האַנט, וועלכע שטרויכפעלד האָט אַ קוש געטון,—זשענירט זיך אָבער לחלוטין נישט צו געניסן פונם געלט, וועלכעס זי האָט פאַרדינט דורך שטרויכפעלדס ספעקולאַציעס אויף דער בערזע. אויך איר טאָכטער קאַראָלינע, וואָס טרוימט וועגן גרינדן שולן פאַר אָרימע קינדער, וואָס טראַכט אַזויפיל וועגן דער גרויסער מיסיע פונם יחיד אין דער געזעלשאַפט, וועגן די אויפגאַבן לגבי דעם כלל, האָט דאָך חתונה מיט מאָריצן, כאָטש זי קען אויף אַ יידן נישט קוקן. דאָס זעלבע איז נוגע אויך אַנדערע קריסטן אינם ראָמאַן: זיי חנפענען יידישע גבירים אין די אויגן, ווייל זיי דאַרפן זייער טובה, ווייל זיי ווילן אַ ביינדל אָפלעקן ביי זיי, און ווייזן פייגן אונטער זייערע פלייצעס.

נאָר אויב אין די „שווינדלערס" איז כאָטש מיט זאַכקענטניש געשילדערט די בערזן-אַטמאָספער און איר סביבה און דער צוועק איז אפשר—באַקעמפן ספעקולאַציע אין דער געזעלשאַפט, איז לחלוטין אומזיניק דער אינהאַלט פון גרושעצקיס צווייטן ראָמאַן „דער איבערגעקערטער" („נאַוורוצאָני")—אַ המשך פון די „שווינדלער",—וואָס שילדערט דאָס צוזאַמענלעבן פונם יינגן פאָרפאָלק שטרויכפעלד. די פאַבולע איז אַן ענלעכע צו זאַלעווסקיס „פאָרפאָלק אַפפעל", גאוואלעוויטשס „משומדים" א. א., כאָטש קינסטלעריש גרייכט זי נישט צו יענע שאַפונגען. מאָריצס צוזאַמענלעבן מיט קאַראָלינען איז די מאַרטיראָלאָגיע פון אַ יינגן משומד, וואָס איז שטאַרק פאַרליבט אין זיין קריסטלעך ווייבל, די פריצטע, איז גרייט זיך מוסר-נפש צו זיין פאַר איר, און זי, ווי אַ פאַווע, בלאָזט זיך, קוקט זיך נישט אום אויף אים, געניסט בלויז פון זיין פאַרמעגן, איז עוסק אין צדקה: גרינדעט קינדערהיימען, אָרגאַניזירט וואוילטעטיקע באַזאַרן, און כאָטש זי טוט עס אַלץ פאַר יידיש געלט, איז זי ווייטער אַן אַנטיסעמיטקע.

מאַריץ שטרויכפעלד קומט אויס ביי גרושעצקין עפּעס אַ בחור פון גאַלעוווקיס אָדער געגנשע אַן קולטור און באַנעמונג, אָן געשמאַק און געשיקטקייט, בעת קאַראָלינע דערשיינט ווי אַ העלדין, אויסגעצירט מיט אַלע מעלות: עלעגאַנט, געבילדעט, שיין, פאַרשטייט זיך אויף קונסט און עסטעטיק, קען אַפילו רייטן אויף פערד. און איר ליבע צום מאַן דערגרייכט אַזוי ווייט, אַז, — ענלעך ווי איר מוטער באַציט זיך צום אַלטן שטרויכפעלד, — וואַשט זי אויך און רייבט שטאַרק די שטעל אויפן האַנט, אין וועלכן דער מאַן קושט זי.

סוף-כל-סוף איז מאַריץ שטרויכפעלד, כאָטש אַ מענטש אָן ווילן, דאָך פיל סימפּאַטישער פון זיין גאַנצער סביבה מיט זיין ווייבל בראש, וועלכע ווייזט אַרויס אכזריות צו אים און צו זיין מוטער, — וואָס שטימט לגמרי נישט מיט איר פרומען קאַטאָליציזם און מיט קריסטן-ליבע צו שוואַכע, קראַנקע בכלל.

פון די יידישע פינאַנציעלע קרייזן האָט זיך גרושעצקי שפּעטער געוואָנדן צו די יידישע אינדוסטריעלער און ווידעראַמאָל איבערגעכאַפּט די מאָס מיט זיין איינזייטיקייט און פּאָטאָגראַפישקייט. געשען איז עס אין זיין ראָמאַן „פאַר אַ מיליאָן" („דריאַ מיליאָנאַ"), אין וועלכן ער באַהאַנדלט די עקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע באַציונגען אין מזרח-גאַליציע, אין באָריסלאווער נאַפט-ראַיאָן.

דער הויפּט-העלד, לייזער קרויסבערג, האָט באַשלאָסן רייך צו ווערן און גייט צו דעם דאָזיקן ציל מיט כיטרעקייט, קאַרגשאַפט, שווינדלען, רציחות, נישט אָפּשטעלנדיק זיך פאַר קיין שום טאַט; ער טרעט איבער מתים, איבערלאָזנדיק נאָך זיך אומעטום אַ סך טרערן. וואָלט עס נישט געווען אַזוי אומנאַטירלעך, ווייל אַזעלכע טיפּן און פאַלן זענען פאַראַן. איבערהויפּט טרעפט מען זיי אין פריש-אַנטדעקטע אינדוסטריע-געגנטן, און די באָריסלאווער געגנט איז טאַקע געווען ביים סוף נייצנטן יאָרהונדערט אַ מין גאַליציאַנער קאַליפאָרניע.

אין באָריסלאוו האָט מען אַנטדעקט די איינציקע גרובן פון נאַטירלעכן ערד-וואַקס אין אייראָפּע, דאָרט האָט מען אַנט-

דעקט גרויסע נאַפֿט-קוואַלן, און משך אַ גאָר קורצע צייט האָבן זיך דאָרט אָנגעהויבן מוראדיקע ספּעקולאַציעס מיטן באָדן, אָרגיעס מיט נאַכט-גרובן. עס זענען אונטערגעגאַנגען און אַנט-שטאַנען טויזנטער עקזיסטענצן, עס זענען געוואַקסן גבירים און נאָך מער קבצנים; אין דער לופֿט האָבן געשוועבט קאַריע-רישע פֿאַנטאַזיעס, אומדערפֿילטע האָפֿנונגען, אַ שדים-טאַנץ פֿון רייך און אָרים, פֿון גליק און אומגליק. עס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט גרויסע טראַגעדיעס, ווייל בײַ אַזעלכע גליקן-סיטו-אַציעס איז דאָך אַזוי לײַכט נתעשר צו ווערן און נאָך לײַכטער בדלות צו ווערן, און ווער עס האָט שוין אַרײַנבאַקומען אַ ביסל מאַכט אין די הענט, דער איז אומרחמנותדיק, דער נוצט אויס דעם שוואַכערן ביזן לעצטן טראָפּן, אויס מורא, אַז דאָס גליק זאָל אים נישט אַנטלויפֿן.

אין יענעם שמעלץ-טאָפּ האָט גרושעצקי אָבער דערזען, אַז דער אינדוסטריעלער טוּ גרויסע עולות נאָר קריסטן. יידן שוינט מכלומרשט קרויסבערג, בעת ער צעטרעט קריסטלעכע אַרבעטער און גרובן-באַזיצער ווי די בראָטקאָווסקיס. גרושעצקי דערגייט אַפֿילו צו אַזעלכע אַבסורדן: די יידישע פֿאַבריקאַנטן ווענדן זיך נאָך הילף און שטיצע, קעגן זייערע קריסטלעכע קאָנקורענטן, צו דער פּאַריזער „אַליאַנס איזראַעליט". יידישע אַרבעטער האָבן שוין דערפֿאַר נישט געליטן פֿון דער דאָר-טיקער וואַקכאַנאַליע, ווייל עס זענען קיין יידישע אַרבעטער נישט פֿאַראַן, וואָרום יידן ווילן דאָך נישט אַרבעטן. קרויס-בערג אַליין איז אַ פֿאַרשטעלטע פֿיגור פֿון אַ באַקאַנטן יידישן אינדוסטריעלער אין דראָהאָביטש.

באמת אָבער האָט די זאַך אויסגעזען, ווי מיר ווייסן, גאָר אַנדערש:

די קרויסבערגס איז גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן צו קאָנקורירן מיט בראָטקאָווסקיס, נאָר ביידע צוזאַמען בשותפֿות מיט דער ווינער פֿינאַנסעריע און פּוילישער מאגנאטעריע האָבן געבילדעט קאַרטעלן, כּדי דורך קאָנקורענץ און כּאַבאַר אומרחמנותדיק צו אונטערדריקן די קלענערע אונטערנעמונגען, יידישע ווי קריסט-

לעכן, בדלות געמאַכט זייערע אייגנטימער און געדריקט זייערע אַרבעטער.

וואָס שייך יידישע אַרבעטער, וועגן וועלכע גרושעצקי ווייסט גאָרנישט, האָט זייער צאָל דאמאָלס דערגרייכט ביז דריי טויזנט און זיי זענען געווען באַשעפטיקט ביי די וויכטיקסטע, געפערלעכסטע און פאַראַנטוואָרטלעכסטע אַרבעטן אין די גרובן. יידן מיט בערד און פאות האָבן געאַרבעט לעבן אוקראַינישע אַרבעטער; צוזאַמען האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן קאָרב אין די טיפענישן פון דער ערד, צוזאַמען געגראָבן די ערד-אוצרות און צוזאַמען אומגעקומען פון די גאַזן.

אַזוי איז געווען די אמתע לאַגע און דאָרט, וואו נאַציע, ראַסע, רעליגיע האָט לחלוטין נישט געשפּילט קיין שום ראָל, וואו די גאָרע וועלט האָט געזען בלויז קלאַסן-קאַמף, אַ געראַנגל צווישן רייך און אָרים, דאָרט האָט גרושעצקי גראד אויסגע-פינען יידישע נאַציאָנאַלע אחדות, וועלכע איז נישט געווען בנמצא.

און אַז גרושעצקי האָט זיך געגעבן אַ נעם צו די איינ-געוואַנדערטע קיין פּוילן רוסישע יידן, קען מען זיך שוין פאָרשטעלן וואָס ער האָט געמאַכט פון זיינע קרבנות, די אַזוי גערופענע „ליטוואַקעס".

אַנטקעגנשטעלנדיק די אָנגעקומענע רוסישע יידן — די אַלטגעזעסענע, פּוילישע, פאַלט ביי אים די פּאַראַלעל אויס צום גונסטן פון די לעצטע. די ליטוואַקעס זענען ביי אים כיטראַקעס, שווינדלערס, אויסוואורפן, וואָס זענען גרייט אונטערברענגען פּוילן א. ד. גל.

גרושעצקיס הארץ האָט געבלוטיקט, און אין „ליטוואַצקע מוראַשניק" איז ער נישט אַזויפיל אַנטיסעמיט, ווי פּאַטריאָט. זיין צעוויטיקט, פּויליש הארץ זעט שוין אַ טרייסט אין די קינדער פון די „ליטוואַקעס", וועלכע לעבן זיך איין מיטן לאַנד, באַקומען עס ליב, נעמען זיך איבער מיט פּוילישער קולטור.

די אומסימפּאַטישע פּויליש־יידישע באַציונגען פון די באָיקאָט־יאָרן האָבן געדויערט ביזן סאַמע אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, האָבן זיך געשטאַרקט בעת איר און דויערן, כאָטש געמינערט, נאָך עד־היום. דער רוב אַמאָליקע יידן־פּריינט, ווי די שוין דערמאָנטע שוויענטאָכאָווסקי, ניעמאָיעווסקי א. אַ., האָבן שוין לאַנג תשובה געטון אויף זייערע חטאות נעורים, אויף זייער אַמאָליקער יידן־פּריינטשאַפט און אָנשטאָט צו לינדערן די נאַציאָנאַלע אַנטאַגאָניזמען, האָבן זיי נאָך מער פאַרסמט די געזעלשאַפטלעכע אַטמאָספער. אויפן קינסטלערישן געביט זענען אָבער די אַלע בייזע גייסטער אַנטשוויגן געוואָרן, אַחוץ קליינע אויסנאַמען, צו וועלכע עס געהערט אויך גראַף יוזעף ווייסנהאָף.

דער דאָזיקער אַריסטאָקראַט, וואָס האָט זיך נישט געשעמט פאַר געלט צו פאַרקויפן זיך דעם משומד בלאָך פאַר אַן איידעם, וויל שפּילן די ראָלע פון אַ פּוילישן טשעסטערטאָן—בנוגע קאָנסערוואַטיזם און אַנטיסעמיטיזם, ער דערגרייכט אָבער נישט דעם ענגלענדער צו די פּיאַטעס. זיין ראָמאַן „צודנאָ אי זיעמיאַ צודענסקאַ" איז אַ מוסטער פון קרעטיניזם, פון פּאָליטישער און געזעלשאַפטלעכער באַגרענעצטקייט. דער אופן זיינער צו לעזן די יידן־פראַגע אין פּוילן, וועלכער באַשטייט אין אַרויסיאָגן אַלע יידן, איז דערפירט ביז אַן אַבסורד, אויף וועלכן ס'האָט זיך נאָך נישט דערלויבט קיין שום פּוילישער קינסטלער און אַפילו נישט אַ יעסקע־כאָינסקי. און אַזוי שפּייט ער מיט גאַל אויף יידן כמעט אין יעדן ווערק זיינעם.

אין ווייסנהאָפס וועגן גייט אויך אַ מאָדערנער, אַפילו אויך אַן אַריסטאָקראַטישער שריפטשטעלער, דער דראַמאַטורג ק. ה. ראָסטוואָראָווסקי. אין יידן זעט ער דעם פערמענט פון סאָציאַלע רעוואָלוציעס, די בייזע גייסטער, אין וועלכע עס האָט זיך פאַרקערפּערט דער אַנטיקריסט. אין ראָסטוואָראָווסקיס טראַגעדיע „אַנטיקריסט", וועלכע איז פול מיט לעכערלעכקייטן און אומפאַרשטענדלעכקייט בנוגע יידן, נעמען אָנטייל סיי דער פּאָטער, דער שענקער לייב בינענשטאָק, סיי דער

און, דער סטודענט לאזאר גאן א קאָמוניסטישער איבערקערע-ניש, וואַרפן זיך מיט באָמבעס ווי מיט באלעמס און אָטעמען מיט שייַלאָקשער שנאה—פאר דער פאראכטונג, וואָס די קריסט-לעכע געזעלשאַפט ווייזט ארויס בנוגע זיי. אַלטע יידישע שענ-קער אַלס קאָמוניסטן—איז א דערפינדונג, וועלכע האָט געקאָנט געבוירן ווערן אין א קאָנסערוואַטיוו-קלעריקאלן מוח פון אן אָפגעקומענעם אריסטאָקראט. ביי ראָסטוואָראָווסקי באַקומט א מיאוסן פסק אפילו דער אסימילירטער ד״ר גרינשטיין.

12

# פ אָ ר מ י ז ם.

אונטער פאַרשיידענע איינפלוסן האָבן זיך אין דער פוילישער ליטעראַטור אַריינגעריסן נייע טענער און ריכטונגען בנוגע אינהאַלט און דער עיקר פאָרם. דאָס זענען די פאַרשיידענע שטרעמונגען פון די מאָדערנע עקסטרעמיסטן, וואָס פאַרוואָרפן מכלומרשט דאָס ריין-נאַציאָנאַלע, יאָגנדיק זיך נאָכן אינטערנאַציאָנאַלן, — וואָס ווערט אַגב ביי אונזערע באַדינגונגען זייער זעלטן דערגרייכט. דאָך איז ביי דער דאָזיקער רעוואָלטע, — וועלכע איז אַ פועל-יוצא פון אַנדערע לעבנסבאַדינגונגען אין אַן אומאָפּהענגיקן פוילן, — דאָס אַמאָליקע ספּעציפישע, טיף-נאַציאָנאַלע שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. מיט דעם זעלבן איז אין דער ליטעראַטור אויך ווייניקער אַקטועל געוואָרן דאָס דורות-אַלטע פּראָבלעם פון ייד-פּאָליאַק, כאָטש אין פּאָליטישן און סאָציאַל-עקאָנאָמישן לעבן האָט זיך די יידן-פראַגע קנאַפּ גערירט פון טויטן פונקט.

יידן זענען נישט מער, ווי ביז אַצינד, געניסער בלויז פון פוילישן קינסטלערישן שאַפן, אָדער אָביעקטן פון שאַפן אַלס באַשרייבונגס-מאַטעריאַל, טיפּן און מאָדעלן, — זיי זענען געוואָרן מיטשאַפער פון פוילישן קינסטלערישן וואָרט.

אַ גאַנצע פּלעיאַדע יינגע שריפטשטעלער פון יידישער אָפּשטאַמונג, — וויטלין, טוווים, ברוין, סלאָנימסקי, ווינאַווער,

סלאָבאָדניק א. א.—האָבן זיך דערשלאָגן אַ זייער אָנגעזען אָרט אין דער נייער פּוילישער ליטעראַטור און זיי ווערן דורך אַלע אומפּאַרטייאישע, דעמאָקראַטישע און קינסטלערישע פּוילישע ספערן שטאַרק געלויבט אַלס באַגאַבטע קינסטלער און באַנייער פון פּוילישן ליטעראַרישן לעבן.

ביים שטאַרקן קאָסמאָפּאָליטישן אונטערשלאַג אינם שאַפן פון נייעם דור פּוילישע שרייבער, קען קיין רייד נישט זיין וועגן בולטע אַנטיסעמיטישע טענדענצן. דאָך זענען די יידן, וואָס באַגעגענען זיך אין דער נייער פּוילישער ליטעראַטור, לחלוטין נישט סימפּאַטישער ווי אַמאָל, אויב נישט פאַרקערט. נישט נאָר מ'שטויסט זיך איצטער נישט אָן אויף אַ גאַנצן יידישן ראָמאַן, נאָר אַפילו די עפּיזאָדישע יידישע געשטאַלטן האָבן אַלע חסרונות פון אַמאָל, ווי עס וואָלט זיך ביי יידן זייט אַ יאָרהונדערט גאָרנישט געענדערט.

פאַרבלאָזט איז דער ייד אין יאַן לעכאָנס „פּאַני וואַלעווסקאַ". הכנעהדיק שלאָגן לאָזט זיך דער יידישער סטודענט אין קאַדען-באַנדראָווסקיס „שטאָט פון מיין מוטער", דורך זיין מינדעריעריקן שילער, און אַ סענטימענטאַלן בייגעשמאַק האָט זיין באַלוינונג דערפאַר. נישט סימפּאַטיש איז דער אַסימילירטער יידיש-פּוילישער אַקטיאָר אַרנאָלד אין יאַראָסלאַוו איוואַשקעוויטשס „היצאַרי דעם בוכהאַלטערס זון", און אין זיין „זענאָביאַ פּאַלמוראַ" זעט ער נישט אין י. 1912 קיינעם ביי יידן אין קיצוו אויסער דעם יידישן שענקער, וואָס פאַרמיטלט פּראָסטיטוטקעס. אַפילו אַזאַ טראַגישע איבערלעבונג ווי די אוקראַינער פּאָגראָמען בעתן בירגער-קריג 1918—1920 ווערט באַגאַטעליזירט. די דיכטערין י. ק. אילאַקאָוויטש קען אין איר געדיכטל „דער פּאָגראָם אין פּראָסקוראָוו" נישט פאַרגעסן דערין, אַז יידישע קינדער זענען שמוציק. ווי חוזק קלינגט דער זאַץ וועגן באַשטראָפן די רוצחים און באַלוינען די אָרימע יידעלעך. אין איר קינדער-לידל „דער שלעכטער לייב" („זלי לייבאַ") באַשולדיקט אַ מיידל דעם קרעמער לייב, אַז ער האָט זי גענאַרט אין מאָס און דערמיט באַעולהט דאָס קאַנצ-

רעקל, פאַר וועמען די פאשע איז געווען באַשטימט, און זי לאָדט אים צום רב אויף אַ דין-תּורה. נישט קיין שלעכטע מאָ־דערנע דידאַקטישע לעקטור פאַר היינטיקע קינדער...

אַן אָנגענעמער יוצא מן הכּלל זענען די יידישע טיפּן פון מאַריאַ יאָהאַננע גרעפין וויעלאָפּאָלסקאַ (וואָלצווסקאַ).

אין „קאַפּיטאַן לערבאַס" פון דער זאַמלונג „סינאָ־גאַרליצאַ", שילדערט וויעלאָפּאָלסקאַ אַן עפּיזאָד פונם אויפ־שטאַנד אין מאַלינאָווקאַ, 1863.

דער יידישער קאַפּיטאַן לערבאַס באַווייזט וואונדער פון העלדישקייט. ער איז אַ מוסטער פון דרייסטקייט און מסירת־נפשדיקייט; ער גייט דער ערשטער אין פייער בעתן שלאַכט און אין די געפּצרלעכסטע שטעלן; ער דערשיסט אַ יעדן, וואָס פילט נישט אויס אָן ווידערשטאַנד יעדן באַפעל, אָדער וואָס וויל דעזערטירן. אָס דער העלד פאַלט, אָבער נישט פון אַ פיינטלעכער קויל, נאָר פון אַ חברשער, אַ פּוילישער.

דער ראָטמייסטער גראָמייקאָ האָט נישט דערהערט לער־באַסנס תשובה אויף זיינס אַ פראַגע. ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דער יידישער אָפיציר באַליידיקט אים, אים דעם פּוילישן שלאַכטשיץ. האָט אויפגעקאָכט אין אים דאָס פריצישע בלוט און ער האָט דערשאָסן דעם יידישן קאַפּיטאַן ביים דערפילן די שווערסטע דינסט, ביי שלעפּן די קאַנאָנען דורך אַ זומפּ, כּדי זיי צו ראַטעווען פון שונא און אָנעמען נייע פּאָזיציעס.

דערזעענדיק זיין אָפּגעטון שטיקל אַרבעט, זיין ווילקיר־טאַט האָט גראָמייקאָ חרטה. ראַפּאָרטירנדיק אין אַ שעה שפּעטער נאָכן שלאַכט דעם פּאָלקאָווניק קרישינסקי, איז ער זיך מודה צו זיין שולד, צו זיין טעות. אויפן פּאָלקאָווניקס אויסגעשריי, וואָס ער האָט געטון מיטן בעסטן אָפיציר, ענטפערט גראָמייקאָ: „כ'האָב אים נישט דערהערט, נישט פאַרשטאַנען. אין זכּרון האָב איך געהאַט דעם פאַררעטער אַבראַמעק און אומעטום און שטענדיק געזען אין אַ יידן — אַ פאַררעטער. ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז לערבאַס דראָט מיר מיטן ביקס, בעת ער גאָר האָט געשוואוירן אויפן ביקס, אויף זיין איינציקן זעלנערישן טאָ־

ליזמאַן, אַז ער וועט דערשיסן יעדן, ווער עס וועט אָפּטרעטן פון דער פוילישער נאַציאָנאַלער זאַך. אין צאָרן, אין אויפרעגונג האָב איך אים נישט פאַרשטאַנען... הייס מיך דערשיסן, האָט פאַלקאָווניק."

דערויף ענטפערט ווייעמוטיק דער פאַלקאָווניק קרישינסקי:

„ווען כ'וואָלט מוזן דערשיסן אַלע די יעניקע, וועלכע האָבן אין פוילן אָפּגעשטויסן אַ ברודערלעכע האַנט...

ווען כ'וואָלט מוזן דערשיסן אַלע די יעניקע, וועלכע האָבן נישט געטרויט, וועלכע האָבן פאַרדעכטיקט אין בייזן ווילן און אין שלעכטע כוונות אַנגעהעריקע פון די נאַציאָנאַלע מינדערהייטן, טרייע אָבער מענטשן...

ווען כ'וואָלט מוזן דערשיסן אַלע די יעניקע, וועלכע האָבן דורך איין פאַררעטער, דורך צען פאַררעטער, דורך הונדערט פאַררעטער—באַרויבט פון ערע און גלויבן אַ גאַנצן קיבוץ, וואָס האָט זיך געוואָלט טוליען צו אונז –

הער ראָטמייסטער! וואָלט מיר פאַרפעלט קוילן..."

נישט אַזוי אויסגעהאַלטן ווי אין „קאַפּיטאַן לערבאַס" איז וויעלאָפּאָלסקאַ אין איר דערציילונג „פאַרשטעקטע" („קריזאַקי"), אַ געשיכטע פון אַ גרופּע פּאָוסטאַנצעס אין יאָר 1863 אונטער דער אָנפירונג פון גלח ברזשוזקאַ, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך אַ ייד, שמחה.

זייענדיק שוין עטלעכע מאָל פאַרוווּנדעט, שווערט שמחה, אַז ער איז תמיד בארייט צו קעמפן און אומצוקומען פאַרן פאָטערלאַנד. און ווען דער עולם ווערט מיד פון קאַמף, ווען עס דערוואַכט צווישן זיי, אַלס דערלייזונגס-מיטל, די בענקשאַפט נאָכן טויט, וועלכן זיי זוכן, שווערט שמחה דער ערשטער „אַז כ'וועל נישט בענקען צום טויט, נישט בעת הונגער, נישט בעת פּיין און יסורים, נאָר כ'וועל בענקען צו קאַמף און צו אויסדויער, אַזוי שווער איך ביי דיר, שווערד פון פּוילישן זעלנער..."

גראָד ער אָבער פאַרראַט דעם לעבן-געבליבענעם אָנפירער ברזשוזקאַ. פאַרוואָס?

חיטלאָפּאָלסקאַ איז דערביי גישט שטאַרק לאָגיש. נישט פאַראַן אַזאַ נויטווענדיקייט אין דעם סוף פון דעם דאָזיקן פראַכטפולן קונסט-ווערק און מ׳זעט, אַז די מחברטע האָט מיט שמחהס טויט געהאַט אַ באַזונדערע כוונה פון עמעצנס גלאָריפיקאַציע.

אַז שמחה ליגט אַ שמערצלעך-פאַרוואונדעטער אין וואַלד, ליידנדיק אומגעהויערע שמערצן, בעט ער אַ פאַרוואונדעטן אויך חבר, אַז יענער זאָל אים דערשלאָגן, דערשיסן, ווייל ער פילט, אַז טאָמער וועט מען אים נעמען געפאַנגען און אָנ-טון פיין, וועט ער נישט אויסהאַלטן די יסורים און אפשר אין היץ פאַרראַטן די געבליבענע. ווייל אים יענער דאָס נישט צוליב טון.

דערנאָך געשעט אַלץ, אַזוי ווי שמחה האָט פאַרגעפילט.

בעת גסיסה, אין היץ און יסורים, באַקומט דער קובאַ-נישער קאָזאַקן-עסאַול אַרויס פון שמחהן דאָס אָרט, דאָס באַ-העלטעניש פון די געבליבענע צוויי פאַרטיזאַנער. זיין טאַט קען אָבער אַלס פאַרראַט נישט באַטראַכט ווערן, ווייל זי איז נישט געשען ביים קלאָרן זינען. זאָגט טאַקע דער גלח ברזשוזקאַ, ענלעך ווי סלאָחאַצקיס גלח מאַרעק אויף יהודיתן:

„נישט ער האָט פאַרראַטן, ער איז געווען אַ גוטער און ליבער חבר. זיין פיין האָט אונז פאַרראַטן, גיב אים די האַנט".

ביים יינגערן דור פוילישע שרייבער איז אָבער אין אַ שטאַרקערער מאָס נאָך ווי ביים אַלטן, נישט פאַראַן קיין שפור פאַרשטענדניש פאַרן נייעם, מאָדערנעם יידן מיט זיינע נאַציאָ-נאַלע אָדער סאָציאַלע אידעאַלן, נישט פאַראַן קיין סימן פון נאַציאָנאַל-קולטורעלע פאָדערונגען און פרובן זיי צו רעאַליזירן.

טיילווייז איז עס אפשר אַ פּועל-יוצא פונם נייעם אַרט שאַפן, וואָרום אויב מ׳פאַרלייגט זיך כמעט אינגאַנצן אויף פאָרם, פאַרדרענגט דער פאָרמיזם דעם תוכן, און דער גע-זעלשאַפטלעכער אינהאַלט, אַחוץ קליינע אויסנאַמען, פאַרשווינדט אין די צווישן-ווערטן. אין דעם פרט, איז די מאָדערנע פוי-לישע ליטעראַטור מיט איר שפילן זיך אין פראַזן און פערזן

באַשטימט ווייט צוריקגעגאַנגען לגבי די שאַפונגען פון „יונג-פוילן". און אפשר זענען טאַקע די איצטיקע עקאָנאָמישע און גייסטיקע שטרעבונגען ביי יידן פרעמד דעם פוילישן קינסטלער, וועמעס לאַבאָראַטאָריע און האָריזאָנט עס איז—די קאַוויאַרניע, וואו ער זעט יידישע, בייכיקע ספּעקולאַנטן און גוידערדיקע ווייבער, וואָס ווערן משוגע פון ליידיק-גיין.

פאַרדראָסיק איז אָבער דאָס איגנאָרירן יידן און די יידן-פראַגע אָדער גאָר דאָס אויסלאַכן יידן, זיי פאַרמיאוסן—דורך די פוילישע שריפטשטעלער-יידן אָדער פון יידישער אָפּשטאַמונג.

שטאַמענדיק פון יידישע קליינבירגערלעכע אַסימילירטע סביבות, וואו „יידיש" און „ייד" איז טריף און וואַרפט אָן אַ פחד, זייענדיק האַלבע אָדער גאַנצע משומדים,—ווילן די פויליש-יידישע שרייבער זיין דורכויס פויבסטלעכער פון פויבסט. זיי שרייבן וועגן וואָס מ'וויל נאָר, זיי דערציילן וועגן ניט-געשטויגענע און ניט-געפלויגענע זאַכן, זיי שטעלן נישט אויף קאַטאָוועס „דעם ערד-קויל מיט די פיס אַרויף", זיין פּראָפּאַגירן אַפילו נעאָקאַטאָליציזם און קריסטלעכן סאָציאַליזם, און ווערן דערפאַר אויסגעלאַכט מצד זייערע קריסטלעכע, פּראָגרעסיווע קאָלעגן. נאָר עפּעס יידישעס, קיין מאָטיוול אַפילו, ווילן זיי חלילה נישט אַריינטראָגן אין דער פוילישער ליטעראַטור, כאָטש זיי וואָלטן געקענט אַזויערנאָך אַ סך מיטווירקן צום באַקענען די פוילישע וועלט מיט דער יידישער סביבה און איר אינערלעך-גייסטיקן לעבן, וועלכע זיי קענען גאַנץ גוט, און וואָלטן דערמיט געדינט צו אַ דערנענטערונג פון פּאָליאַקן און יידן.

דערווייל גלויבן זיי צו טון אַ טובה זיך און דער געזעלשאַפט, אויב זיי פאַרשווייגן יידן און יידישע ענינים, אָדער וואָס נאָך ערגער: אַרויספירנדיק אויף דער אַרענע אַ מיאוסן יידן, פון וועלכן זיי שפּעטן. לאַ-די וואָס זיי האָבן נישט קיין פאַרשטענדניש פאַר די קולטורעלע באַשטרעבונגען פון יידן און פאַרן אָריגינעלן יידישן לעבנס-שטייגער, פאַרמיאוסן זיי יידן פאַרן פרעמדן עולם, מיט אומגעלומפּערטע פאַראַלגעמיינערונגען, מיט באַמערקונגען אין קופּלעטן-זשאַנר, גלויבנדיק דערמיט זיך

צו כשרן אַלס עכט-פּוילישע דיכטער. ס׳איז אָבער גענוג צו פאַרגלייכן זיי מיט אַזעלכע ליטעראַרישע ריזן יידן, ווי אַ שניצלער, וואַסערמאַן, טאָלער, בראָדט, צווייג א. אַ., כדי צו דערזען די גאַנצע אַסימילאַטאָרישע פאַרקריפּלטקייט און גייס-טיקע קינדישקייט פון אונזערע היימישע פּויליש-יידישע פּאָעטן. אַזוי ווי יענע האָט דאָס יידישקייט נישט געשטערט, אַז זייער טאַלאַנט זאָל אנערקענט ווערן דורך דער גאָרער וועלט,—פּונקט אַזוי, וועט דאָס פאַרבאָרגן זייער יידישקייט ביי די צווייטע, נישט צוהעלפן צו זייער אָנערקענונג.

בלי-ספק וועט אָבער דאָס האַרטע לעבן אין זיין אומ-אויפהערלעכער אַנטוויקלונג צווינגען די פּוילישע שריפטשטע-לער און די פּויליש-יידישע בתוכם, צו ענדערן זייער באַציונג צו יידן. מ׳וועט אויפהערן באַטראַכטן דעם יידן אַלס עפּעס אַ צולאָג צום פּוילנטום און דערמאָנען זיי בלויז אין צוזאַמענ-האַנג מיט אַ פּוילישן ענין; מ׳וועט זיי אָנהויבן באַהאַנדלען אַלס אינדיווידוען מיט אַן אָריגינעלער גייסטיקער וועלט, ווי דאָס איז שוין איצטער דער פאַל אין פראַנקרייך און דייטש-לאַנד, וואו אַ גאַנצע רייע באַגאַבטע קינסטלער אינטערעסירט זיך מיט יידישע ענינים און רוקט זיי אַרויס אויפן פאָרום פון געזעלשאַפטלעכן לעבן.

שפּורן איז שוין אויך ביי אונז צו באַמערקן.

13

# פאַרגלייכונגען.

ווען מען זאָל פאַרגלייכן די שילדערונגען פון יידישע טיפּן און יידישן לעבנסשטייגער אין דער פּוילישער ליטעראַטור מיט די ליטעראַטורן פון אַנדערע פעלקער און לענדער, מוז מען אָנערקענען, אַז קיין שום ליטעראַטור איז נישט אַזוי צאָלרייך אין זיי ווי די פּוילישע. דאָס איז אויך באַרעכטיקט, אויב מ'נעמט אין באַטראַכט, אַז יידן אין פּוילן בילדן פון קדמונים אַ גאַנץ באַדייטנדיקן טייל פון דער לאַנד-באַפעלקערונג און אַז זיי זענען זייט יאָרהונדערטן אין שטאַרקע קיבוצים צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד.

כּדאַי אויך צו דערמאָנען, אַז די דאָזיקע שילדערונגען צייכענען זיך אויס מיט אַ שטאַרקער מאָס אָביעקטיוויקייט און געטרייקייט, אַ גרעסערער ווי ערגעץ אַנדערשוואו,—וואָס איז אַ פּועל-יוצא פון דער לעבנס-נאָענטקייט.

אַלס ביישפּיל קען דינען די רוסישע ליטעראַטור.

מיט דער יידן-פראַגע אין דער עלטערער רוסישער ליטעראַטור האָט מען זיך ערנסט בכלל גאַנץ ווייניק באַשעפטיקט, כאָטש ס'זענען געווען אין רוסלאַנד פיל יידן און די יידן-פראַגע איז געווען אַן אָנגעווייטיקט פּראָבלעם. די רוסישע מאַכט האָט געשאַפן אַ טיפע מחיצה צווישן קריסטלעכן און יידישן בירגער, יידן זענען געשטעלט געוואָרן אויף אַ רעכטלעך

נידריקער מדרגה, מ׳האָט זיי באַהאַנדלט מיט אויסנאַם-געזעצן, פאַרזעצט אין ספּעציפישע באַדינגונגען. האָבן אויך די עלטערע רוסישע שרייבער נישט געשענקט יידן קיין בעסערן מזל, נישט געוויזן זיי אויף אַ העכערן גייסטיקן ניוואָ. בכלל האָבן אפשר אַזעלכע פּראָזאַישע ענינים ווי יידן, וואָס האָבן געלעבט העט ווייט ערגעץ אין תחום, אין נויט און פּיין, צונויפגעפּרעסט אין קליינע שטעטלעך, ווייניק באַגייסטערט די אַמאָליקע רוסי- שע בעלעטריסטן. להיפוך צו די פּוילישע פּאָעטן, מאַכן די אַלטע רוסישע שרייבער וועגן יידן אינגאַנצן אַ שווייג אָדער זיי פירן-אויף יידן אין זייערע ווערק אין אַ גאַנץ מיאוסער געשטאַלט, מיט אַן עקלהאַפטער פסיכיק, אַזוי ווי צו שפּאָט און חוזק. עס זענען טיפּן אויסגעטראַכטע, נישט רעאַלע גע- שטאַלטן, פון וועלכע עס אָטעמט אָפּט אַרויס דער יידן-האַס פון זייערע מחברים.

פּ ו ש ק י נ ס באַציִונג צו יידן איז דורכויס פיינטלעך, פול פאַראַכטונג. דער ייד איז פאַר אים, ווי פאַר באַלוצקיס אויפּ- געבלאָזענעם אַקטיאָר, עטוואָס שמוציקעס, נידערטרעכטיקעס. זשיד און שפּיאָן זענען פאַר אים ממש סינאָנימען, נישט אָפּ- צעטיילן. אינם ייד זעט ער נישט קיין שום מענטשלעכע גע- פילן, נאָר די פאַרקערפּערונג פון אַ פאַררעטער אָדער וואו- כערניק. אין פּושקינס „שוואַרצן שאַל״ אויב עס טרעט אַרויס אַ ייד, רופט אים דער מחבר נישט אַנדערש ווי „נידערטרעכ- טיקער זשיד״ און עס שטעלט זיך תיכף אַרויס, אַז ער איז אַ מסור, די באַציִונג צו וועלכן דער מחבר פאַרטיקט אָפּ מיט די ווערטער: „כ׳האָב אים געגעבן געלט און אים פאַרשאָלטן.״ אויב דער אַלטער קמצן פון פּושקינס „קאַרגן ריטער״ קומט אַרויס אַלס טראַגישע געשטאַלט, איז דער ייד סאָלאָמאָן דאָרט בלויז אַ גראָשנדיקער פּראָצענטניק, אַ נידערטרעכטיק נפש, וואָס רעדט אָן אַ זון צו פאַרסמן דעם פאָטער. אין אַן אַנדער ליד פּושקינס דערהרגעט מען אַ ייד ווי אַ „הונט״.

און אויב דער האַס צו יידן ביי ל ע ר מ אָ נ ט אָ וו איז

נישט אזוי שטאַרק ווי ביי פּושקינען, איז דאָך דער ייד אין זיין „סאַשקאַ" דוקא אַ שפּיאָן.

גאָגאָלס יאַנקל פון „טאַראַס בולבאַ" איז אַ שם-דבר וואָס באַראַבעוועט די גאַנצע געגנט, אַ שפּיאָן. טורגעניעווס מערשל פאַרקויפט צו שאַנד זיין אייגענע טאָכטער. און אזוי כסדר ביז דאָסטאָיעווסקין, וואָס זיין שנאה צו יידן איז געוועזן אַ מאַניאַקאַלישע, פיגורירן אין דער עלטערער רוסישער ליטע-ראַטור אַ גאַנצע רייע יידישע טיפּן פון פאַרדאָרבענע מענטשן, ווילדע ברואים, אָן רחמנות, אָן האַרץ, אָן מענטשלעך געפיל. עס דערשיינט אַ גאַנצע גאַלעריי פּערסאָנאַזשן: מוסרים, שפּיאָ-נען, פאַררעטער, בלוט-זויגער מיט אַ שרעקלעכער תאוה צו געלט, צוליב וועלכן זיי זענען גרייט אָפּצוטון כל עבירות שבעולם. זייער פיזישער, שמוציק-עקלהאַפטער אויסזען האַרמאָ-נירט תמיד מיט זייער מאָראַלישער געפאַלנקייט און נידער-טרעכטיקייט.

און פונקט אזוי ווי מ'האָט פאַראַלגעמיינערט דעם יידישן כלל לויט זיינע ערגסטע רעפּרעזענטאַנטן, האָט מען עס פאַר-שענערט, איבערגעכאַפּט די מאָסן, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער יידישער פרוי. דער זעלבער פּושקין וואָס האָט פאַר-יידן—מענער בלויז אַן עקל-געפיל, ווענדט זיך צו דער שיינער רבקה מיט לאַקריץ-זיסע קאָמפּלימענטן און איז בארייט פאַר אירן אַ קוש אַוועקצוגעבן דאָס חיות, ממש אָננעמען תיכף דעם יידישן גלויבן. אויך לערמאָנטאָוו און אַנדערע רוסישע שריי-בער באַזינגען די שיינע יידישע טעכטער. בכלל ווערן אין פיל רוסישע ראָמאַנען דערמאָנט די בילד-שיינע יידישע מייד-לעך און פרויען, וואָס ליידן נעבעך צרות פון זייערע מאָראַליש און פיזיש שמוציקע עלטערן אָדער מענער און ווערן געראַטע-וועט, געלייטערט און דערהויבן דורך דער „הימלישער" ליבע פון זייערע קריסטלעכע פאַרערער-קאַוואַלירן.

עטוואָס ענלעכעס געפינט מען אויך אין אַנדערע ליטע-ראַטורן. אויך דאָרט ווערן די מלאכישע יידישקעס אַנטקעגנגע-שטעלט די רוצחדיקע יידן. נעבן שעקספּירס בלוטדורשטיקן,

נקמהדיקן שײַלאָק פיגורירט זיין אידעאַליזירטע טאָכטער זשעסיקע, נעבן מאַרלאָווס באַראַבעסן געפינט זיך די וואונדערשיינע אביגאַיל; פראָכטפול דערשיינט רבקה אין וואַלטער־סקאָטס „איוואַנאָע״.

ווי נאַטירלעך זענען אַנטקעגן זיי אָבער ניעמצעוויטשס העלדן פון „לייב און שרה״, קראַשעווסקיס פון „ייד״ און אפילו די „משומדים״ פון גאוואַלעוויטשן; ווי פאַרשיידן איז סלאָוואַצקיס יהודית פון „גלח מאַרעק״, אַקעגן דער עקזאַלטירטער יידישקע פון פ. גריל־פּאַרצערס „יודין פון טאָלעדאָ״.

די אומנאַטירלעכקייט פון די טיפּן, וואָס מ׳טרעפט אין די דערמאָנטע ליטעראַטורן, און די פאַרשיידנאַרטיקע באַציונג צו יידישע מענער און פרויען, לאָזן זיך בלויז דערקלערן מיט דער פרעמדקייט צום יידישן לעבן ביי יענע שרייבער. דאָס איז אָבער נישט דער פאַל ביי די פוילישע מחברים. אויב די דערנענטערונג צום יידישן לעבן און נאַטירלעכע שילדערונג פון יידן איז געקומען אין דער רוסישער ליטעראַטור ערשט שפּעטער, אונטערן איינפלוס פון דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אין וועלכער יידן האָבן אויך אָנטייל גענומען, האָבן אָבער אין פוילן פון קדמונים פאַליאַקן געלעבט מיט יידן אין נאָענטסטער שכנות און אין קאָמפּאַקטע מאַסן. דאָס יידישע לעבן איז דעריבער נישט געווען פאַרן פוילישן שרייבער עפּעס אַן עכאָ, אָפּקלאַנגען אין דער רעזידענץ ביי דער נעוואַ אָדער אין קאַווקאַז וועגן עפּעס האַלב־ווילדע מענטשן אין אַ צפון־מערבֿדיקער ווייסל־פּראָווינץ, נאָר געוועזענע פון לעבן, און דעריבער האָבן זיי געטרייער אָפּגעשפּיגלט אַלע פּאָזיטיווע און נעגאַטיווע זייטן פון יידישן לעבנסשטייגער.

און פונקט אַזוי ווי די פוילישע שרייבער האָבן זיך נישט איבערגענומען מיט דער יידישער אַסימילאַציע און מיט משומדים, אַזוי האָבן זיי זיך אויך נישט איבערגענומען מיט דער יידישער פרוי, נאָר געזען אין איר אַ טייל פון יידישן קאָלעקטיוו, צווישן וועלכן ס׳איז פאַראַן שיינע און מיאוסע,

סיי גוטע, איבערגעגעבענע מיט לייב און זעל דעם פאָלק, סיי נייערע שוין, פאַרדאָרבענע און דעמאָראַליזירטע.

זעלבפאַרשטענדלעך גיט אויך די פוילישע ליטעראַטור נישט קיין פולע אָפּשפּיגלונג פון פויליש-יידישן לעבן, דער עיקר פון נייעם ייד. מ׳געפינט דאָ נאָך נישט קיין אָפּקלאַנג פון די פּראָבלעמען פון יידישן נאַציאָנאַל-קולטורעלן געדאַנק, ווי מ׳געפינט עס שוין אפילו איצטער אין אַנדערע נישט-יידישע ליטעראַטורן. זענען עס אָבער פראַגן, וועלכע די יידישע געזעלשאַפטלעכקייט אַליין—פאַרשווייגט. אויב אין דער יידישער ליטעראַטור פאַרנעמט נאָך דעם חשובן אויבנאָן דאָס יידישע שטעטל מיט איר וועגעטירנדיקן לעבן, אויב ביי אונז גופא הערשט אָנשטאָט דינאַמיק—עפּיק, איז שווער צו פאַרלאַנגען, אַז דאָס אָנטשטייענדיקע, זיך-בויענדיקע, זאָל שוין הויך אָפּקלינגען אין דער פרעמד. ניעמצעוויטשס „לייב און שרה״ אַלס שוואַלבן פון אַן אָנקומענדיקער באַוועגונג ביי אַ פרעמדן פאָלק אָדער קראַשעווסקיס „ייד״—זענען אויסנאַם-דערשיינונגען.

ס׳איז אָבער צו האָפן, אַז די פוילישע קינסטלערישע וועלט, וואָס האָט זיך זייט אַ יאָרהונדערט ערלעך באַמיט אָביעקטיוו צו שילדערן דאָס יידישע לעבן, וועלכעס האָט זי נייגעריק געלאָקט צו זיך מיט זיין אָריגינאַליטעט און אינטערעסאַנטקייט, וועט אויך אין צוקונפט מיט דער געהעריקער פּיעטעט און ערנסטקייט און נאָך גרעסערער ערלעכקייט שילדערן יידן און זייער לעבנסשטייגער און דערמיט צוהעלפן צום סאָלידאַרן צוזאַמענלעבן פון צוויי שכנדיקע פעלקער און דער קעגנזייטיקער השפעה פון צוויי אַלטע קולטורן.

14

# נ אָ כ ו אָ ר ט.

אין דער דאָזיקער אַרבעט זענען בכיוון נישט גענומען געוואָרן אין באַטראַכט יענע ליטעראַרישע שאַפונגען וועגן יידן אין דער פוילישער שפּראַך, וואָס זייערע מחברים זענען יידן אָדער פון נאָענטער יידישער אָפּשטאַמונג. זיי וועט געווידמעט זיין אַ באַזונדערע שטודיע. אין דער ערשטער ריי האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַקומען אַ פאָרשטעלונג, ווי אַזוי יידן, יידישע טיפּן און יידישער לעבנסשטייגער, האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די מחות פון פּאָליאַקן גופא און וועגן זייער אָפּקלאַנג אין דער פּוילישער שיינער ליטעראַטור. — עס זענען נישט געגעבן געוואָרן קיין כאַראַקטעריסטיקעס פון די מחברים און קיין קינסטלערישע אָפּשאַצונגען—פון זייערע ווערק, ווייל בעיקר איז געגאַנגען וועגן סאָציאַל-פּאָליטישן און עקאָנאָמישן תוכן פון די שאַפונגען. מיט שוועריקייטן האָבן זיך אויך אַלע מחברים און זייערע שאַפונגען געלאָזט אַריינקוועטשן, צופּאַסן אין די אַנטשפּרעכנדיקע קאַפּיטלעך. — דער באַהאַנדלטער מאַטעריאַל איז אַ פולער אויף אַזויפיל, אויף וויפל עס האָט זיך געלאָזט דערגרייכן ביי אונזערע קלאָגעדיקע באַדינגונגען בנוגע זאַמלונגען און ביבליאָטעקן. דער מחבר וועט דעריבער דאַנקבאַר זיין אַלע יענע, וואָס וועלן אים אָנווייזן בלויזן.

אַ באַזונדערן דאַנק דעם ה׳ יעקב ראָזענבערג (טשענסטאָכאָוו), פאַר זיין פריינטלעכער מיטהילף ביים אַרויסגעבן דאָס בוך.

---

# א י נ ה אַ ל ט: